# רבי ישראל בעל שם טוב

פאַקטען און קורצע אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין
ביאָגראַפיע און שיטה, לעהרע און מנהגים

*

אַרויסגעגעבן צום צוויי הונדערטסטן
יאָרצייט פון זיין הסתלקות
— א׳ דשבועות —
תק״כ—תש״כ

*

לויט מאַטעריאַלן גענומען פון שיחות און מאמרים
פון די רביים נשיאי חב״ד

גענזאַמלט פון
הרב אברהם חנוך גליצנשטיין
איבערזעצט און צוזאַמענגעשטעלט אין אידיש
פון
אוריאל צימער




אַרויסגעגעבן דורך
„אוצר החסידים"
770 איסטערן פּאַרקוויי ברוקלין, נ. י.

אין יאָר פינף טויזנט זיבן הונדערט און צוואַנציק פון וועלט־באַשאַפונג
צוויי הונדערטסטן יאָר פון דער הסתלקות פון בעש״ט ז״ל

# אַלגעמיינער אינהאַלט





RABBI ISRAEL BAAL SHEM TOV


*Published and Copyrighted* 1960 *by*
"KEHOT" PUBLICATION SOCIETY
770 EASTERN PARKWAY
BROOKLYN 13, N. Y.

*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 East Fourth Street, New York 3, N. Y.




ב"ה.

# פאָרוואָרט פון דעם אַרויסגעבער

אין די ראַמען פון אונזער פּראָגראַם צו פאַרשפּרייטן צווישן די ברייטסטע אידישע מאַסן די לעהרע פון חסידות און באַקענען זיי מיט דער חסידישער באַוועגונג,

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וואָס היי־יאָר דעם ערשטן טאָג פון שבועות איז געוואָרן צוויי הונדערט יאָר זינט דער הסתלקות פון כ"ק מורנו רבי ישראל בעל שם טוב ז"ל, גיבן מיר דערמיט אַרויס — אין אידיש — אַ זאַמלונג פון פאַקטן און קורצע אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין ביאָגראַפיע און שיטה, לעהרע און מנהגים *).

די דאָזיקע זאַמלונג איז גענומען געוואָרן פון די מאמרים, שיחות און בריוו פון די רביים, די נשיאים פון חב"ד.

* * *

אַלס איינלייטונג זיינען צוגעגעבן געוואָרן צום אָנהויב פון ספר צוויי בריוו פון כ"ק אדמו"ר שליט"א מליובאוויטש — אין וועלכע עס ווערן דערקלערט אייניקע פּונקטן וועגן דעם בעש"ט און זיין לעהרע: א) אַ בריוו אין צוזאַמענהאַנג מיטן צוויי הונ־דערטסטן יאָרצייט פון דעם בעש"ט'ס הסתלקות. ב) אַ בריוו צום יערלעכן קאָנווענשאָן פון די אגודת נשי ובנות חב"ד.

* * *

די קונטרסים און לקוטי דיבורים וועלכע ווערן דערמאָנט אין די הערות און מראי מקומות — זיינען פון כ"ק אדמו"ר הרב ר' יוסף יצחק זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע מליובאוויטש.

**מערכת „אוצר החסידים"**

ג' תמוז ה'תש"כ, ברוקלין, נ. י.

---

*) אַן אויסגאַבע אין לשון הקודש ערשיינט גלייכצייטיק אין ארצנו הקדושה ת"ו.

# בריוו פון כ״ק אדמו״ר שליט״א מליובאַוויטש

## א.

ב״ה, די הגבלה־טעג,
ה׳תש״כ — 200־טער יאָר פון דער הסתלקות־הילולא
פון בעל שם טוב ז״ל.
ברוקלין, נ. י.

לבית יעקב (צו די פרויען) ולבני ישראל (צו
די מענער)

ה׳ עליהם יחיו

שלום וברכה:

די טעג פון הגבלה — צוגרייטונג צו מתן תורה — פאָדערן אַ באַזונדערע, אינערלעך־טיפערע אַריינטראַכטונג וואָס תורה איז.

די תורה הק׳ איז ניט אַ זאַמלונג פון געזעצן פאַר באַשטימטע געלעגנהייטן, נאָר נעמט אַרום דעם מענטשן אינגאַנצן, פון זיין ערשטן מאָמענט ביזן לעצטן מאָמענט, און אין אַלע איינצלהייטן פון זיין טאָג־אין־טאָג לעבן.

דאָס איז די אינערלעכע באַדייטונג פון תורה אַלס תורת חיים.

נאָך מער. ווי אונזערע חכמים זכרונם לברכה דערקלערן, נעמט תורה אַרום די גאַנצע בריאה (דעם באַשאַף). זיי דערקלערן דאָס מיט אַ משל פון אַן אַרכיטעקט, וואָס איידער ער בויט אַ בנין, מאַכט ער פריער אַ פּלאַן פאַר אַלע איינצלהייטן פון דער געביידע; אַזוי האָט דער אויבערשטער פריער אָנגעצייכנט אין דער תורה יעדן פּרט פון דער בריאה, ביז צו דער נידעריקסטער שטופע אין דומם (אומבאַוועגלעכע, מאַטעריעלע זאַכן).

דאָס ברענגט צו איינעם פון די הויפּט־גרונטזאַצן פון תורת החסידות הכללית פון בעל שם טוב, לויט זיין אויסטייטשונג פון פּסוק לעולם הוי׳ דברך נצב בשמים (שטענדיק פעסט איז דער ג־טלעכער וואָרט — יהי רקיע אא״וו — אין הימל), ווי עס ווערט ברייט דערקלערט פון אַלטן רבי׳ן ז״ל (בעל התניא והשלחן ערוך) אין תורת חסידות חב״ד — ספּעציעל אין שער היחוד והאמונה, —

אַז אַלץ — אין די הימלען אויבן און ביז צו דער ערד אונטן, אין אַלע זייערע פּרטים, עקזיסטירן בלויז דורך דעם ג־טלעכן וואָרט וואָס האָט זיי באַשאַפן און באַשאַפט און באַלעבט זיי שטענדיק אָן אויפהער, יעדן אויגנבליק.

דערפון פאָלגט דער צווייטער גרונטזאַץ —

אַז השגחה פּרטית — דער דירעקטער ג־טלעכער פּרטיות׳־דיקער וויסן און אויפפאַסונג איבער יעדער זאַך — באַציט זיך אויף אַלע פּרטים פון דעם באַשאַף, פון דעם מענטשן, דער אויסדערוויילטער פון אַלע באַשעפענישן, ביז דעם קלענסטן באַשטאַנדטייל אין דומם.

דערפון פאָלגט אַ ווייטערדיקער אויספיר, וואָס איז אויך

אַ גרונטזאַץ אין תורת החסידות, און איז ספּעציעל אונטערגע־שטראָכן געוואָרן פון בעל שם טוב, כאָטש אייגנטלעך איז דאָס אַ דין אין שולחן ערוך —

אַז מען דאַרף דינען דעם אויבערשטן אין, און מיט, אַלע פּרטים, אָנהויבנדיק מיט לערנען תורה און מקיים זיין די תרי״ג מצוות, ביז גאָר די איינפאַכסטע פּאַסירונגען און אומשטענדן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, און

אַז פון אַלץ דאַרף מען זיך לערנען אהבת השם און יראת השם, די אורשפּרינגלעכע קוואַלן פון וועלכע אַ איד שעפּט דעם ריכטיקן גייסט מקיים צו זיין תורה און מצוות, די מצוות־עשה און מצוות לא־תעשה, דורכגעדרונגען מיט אמת׳ן חיות, און מקיים זיין זיי מיט הידור.

דער אַריינטראַכטן זיך אין דעם אַלעם וואָס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן, אַריינטראַכטן מיט התלהבות, לעבעדיקייט און ליכטיקייט,

און אין די דאָזיקע סגולה־טעג, ערב דעם טאָג פון מתן תורה, וואָס איז אויך דער טאָג פון הסתלקות־הילולא פון בעל שם טוב,

אַראָפּברענגען דאָס אין אַלע איינצלהייטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, סיי אין דעם אייגענעם לעבן, סיי אין אַלעס אַרום זיך, אין אַלץ אין דער וועלט, לויט דעם אויסדרוק

יפוצו מעינותיך חוצה. אַז די קוואַלן פון חסידות, וואָס דאָס איז פּנימיות התורה — די אינערלעכקייט פון דער תורה — זאָלן זיך פאַרשפּרייטן און דערגרייכן חוצה — ביז אין די אויסנווייניקסטע און ווייטסטע פּרטים און אָנ־געלעגנהייטן פון דער בריאה אין גאַנצן.

**וועט דאָס אויך פאַרשנעלערן די גאולה האמיתית והשלימה על ידי משיח צדקנו, ווען די גאַנצע בריאה וועט זען און פילן אַז אָנכי ה׳ אלקיך.**

**מיט אַ וואונטש צו קבלת התורה מיט שמחה און פנימיות און אַ פריילעכן יום טוב**

**מנחם שניאורסאהן**

---

לבית יעקב (צו די פרויען כו׳ : **מכילתא (שמות יט, ג).**

מענטשן אינגאַנצן : **אָבות פ״ו מ״ז. וראה מאמר כ״ק מו״ח אדמו״ר עה״פ ודברת בם (היום יום, יג מנ״א).**

דערקלערן דאָס : **בראשית רבה בתחלתו. זח״א ה, א. ובכ״מ.**

שער היחוד והאמונה : **בתחלתו. וראה מדרש תהלים קיט, לו. לקו״ת ר״פ אחרי.**

השגחה פרטית : **ראה חולין סג, א ופי׳ רבנו הזקן (ברשימות הצ״צ לתהלים לו, ז). היום יום, כח חשון.**

שולחן ערוך : **אורח חיים סרל״א. וראה ח׳ פרקים להרמב״ם פ״ה.**

פון אַלץ אַרום : **פתגם הבעש״ט (היום יום, ט׳ אייר).**

קוואַלן פון וועלכע : **תניא פ״ד.**

חיות . . הידור : **קונטרס העבודה פ״ב.**

די גאַנצע בריאה : **כתפלת ראש השנה : וידע כל פעול כו׳. וראה מדרש תהלים עג. שער היחוד והאמונה רפ״ג.**

ב״ה, כ״ה אייר ה׳תש״כ
ברוקלין, נ. י.

צו אַלע חברות פון אַגודת נשי ובנות חב״ד
איבעראַל, און צו די אָנטיילנעמער אין דער
פינפטער יערלעכער קאָנווענשאָן בפרט,
ה׳ עליהן תחיינה

ברכה ושלום:

צו דער געלעגנהייט, און דורך דער פאַרמיטלונג, פון דער יערלעכער קאָנווענשאָן פון אַגודת נשי ובנות חב״ד, שיק איך מיין ברכה צו יעדערע פון איך, מיט אַן אינערלעכער תפילה פאַר אייער הצלחה׳דיקער אַרבעט אויף אַלע געביטן פון אייער פראָגראַם, און ספּעציעל פאַר ווייטגייענדע דערגרייכונגען פון דער פאָרשטייענדער קאָנווענשאָן.

נעכטן האָבן מיר געבענטשט דעם חודש סיון. דער צענטראַלער פּונקט פון דעם חודש איז דער יום־טוב שבועות, זמן מתן תורתנו.

דער אויבערשטער האָט אונז געגעבן אַ תורה תמימה, אַ גאַנצע תורה. ווי חכמינו זכרונם לברכה, דריקן זיך אויס (כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש נאמר למשה בסיני), אַז אַלץ וואָס עס ווערט אויפגעטאָן אין תורה אין אַלע דורות איז שוין געגעבן געוואָרן צו משה רבנו ביים באַרג סיני.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס נעמט אַריין אַלע טיילן פון דער תורה הק׳ וואָס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן פון דור צו דור, בפרט פנימיות התורה, די אינערלעכע ליכטיקייט פון דער תורה,

וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר יחידים דורך רבי שמעון בן יוחאי, וועמענס יאָרצייט־הילולא איז ל״ג בעומר, און וואָס איז שפּעטער ברייט פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַלע אידן אָנהויבנ־דיק פון בעל שם טוב, זכרונו לברכה, וועמענס יאָרצייט־הילולא איז דעם ערשטן טאָג שבועות, זמן מתן תורתנו.

הייאָר ווערט צוויי הונדערט יאָר פון דער הסתלקות־הילולא פון דעם בעל שם טוב, און פאַלט אויך אויס אין דעם זעלבן טאָג פון וואָך — מיטוואָך, דער ליכטיקער טאָג פון מעשה־בראשית, ווען די ליכטער האָבן געגומען שיינען פון הימל. ווי דער אַלטער רבי, דער גרינדער פון חב״ד, זאָגט אויף דעם טאָג — נטלו המאורות און נתלו המאורות. דאָס הייסט, אַז אין דעם טאָג האָט דער בעל שם טוב פאַרענדיקט זיין נשמה־שליחות און זיין הייליקע נשמה האָט זיך אומגעקערט צום באַשעפער, אָבער גלייכצייטיק האָט זיין ליכטיקייט גענומען פאַרשפּרייטן זיך שטאַרקער און ברייטער, דורך זיינע תלמידים און תלמידי־תלמידים, און יעדן יאָר אין דעם טאָג עפענען זיך נייע קוואַלן פון זיין ליכטיקייט, וואָס ציען זיך פון די טיפסטע וואָרצלען פון זיין ג־טלעכער נשמה.

די אַנטפּלעקונג פון תורה בכלל, און פון תורת החסידות און חסידות חב״ד בפרט, האָט אַ ספּעציעלע באַדייטונג פאַר דער אידישער פרוי. ווי כ״ק מו״ח אדמו״ר האָט מערערע מאָל, דורך וואָרט און שריפט, אונטערשטראָכן דעם באַזונדערס־וויכטיקן אָרט וואָס אידישע פרויען בכלל, און נשי ובנות חב״ד בפרט, פאַרנעמען אין אידישן לעבן. „אַלץ וואָס ס׳איז הייליק און טייער דעם ג־טלעכן אידישן פאָלק, די גרינדונג פון דער אידישער היים, די דערציאונג פון די קינדער, די כשרות און קדושה פון דער היים, די קדושה פון שבת, אַלץ האָט דער אויבערשטער

געגעבן און אָנפאַרטרויט דער אידישער פרוי. די פרוי וואָס דערפילט איר פליכט און לעבנס־אויפגאַבע אין פאַמיליען־לעבן, אין דער אָנפירונג פון דער הויז, די דערציאונג פון די קינדער על־פי תורה — אויף איר ווערט געזאָגט אין דער תורה: חכמות נשים בנתה ביתה — יעדע פון די קלוגע פרויען בויט איר היים".

פרויען און טעכטער פון חב"ד האָבן די ספּעציעלע פליכט צו שטיין אין דער ערשטער ריי פון יעדער טעטיקייט צו פאַר־שטאַרקן אידישקייט בכלל און די הויז־פירונג בפרט.

דורך דעם וואָס יעדערע פון איך וועט בויען איר אייגענע היים, און העלפן אויפריכטן די היימען פון אידישע שכנים אַרום, אויף די אייביקע יסודות פון תורה ומצוות, דורכגעדרונגען מיט דער ליכטיקייט און וואַרעמקייט פון חסידות, ווערט אויפגע־ריכטעט דאָס גאַנצע בית ישראל, און עס ווערט צוגעגרייט דער באָדן פאַר משיח צדקנו, לויט דעם באַקאַנטן בריוו פון בעל שם טוב, אַז ווען עס וועט דערפילט ווערן יפוצו מעיינותיך חוצה, ווען די קוואַלן פון דעם בעל שם טוב, זיינע אָנווייזונגען, לער־נונגען און פירונגען, וועלן פאַרשפּרייט ווערן אַפילו „אינדרויסן", וועט קומען די גאולה שלימה, על ידי משיח צדקנו.

* * *

דער אויבערשטער זאָל בענטשן אייער אַרבעט, איר זאָלט זי דורכפירן מיט פיל הצלחה אין אַלע הינזיכטן, און באַגליקן יעדער איינער פון איך, מיט די בני בית, שיחיו, אויך אין די פּרטיות'דיקע ענינים, בגשמיות וברוחניות גם יחד.

בברכה להצלחה מופלגה
ולבשורות טובות

מנחם שניאורסאהן

# אינהאַלט

א.

# עס שיינט אויף דאָס ליכט פון דעם בעל שם טוב ז״ל

עס איז געווען נאָך די שרעקלעכע גזירות, וועלכע זיינען געקומען אויף דעם אידישן פאָלק, באַקאַנט אַלס „גזירות ת״ח ות״ט". די אידישע פאָלקס־מאַסן אין די מזרח־איראָפּעאישע לענדער האָבן געלעבט אין גאָר שווערע באַדינגונגען, זייער עקאָ־נאָמישע לאַגע איז געווען גאָר אַ געזונקענע, און דערצו האָט דערדריקט זייער גייסט און נשמה דאָס וואָס זיי זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אונטער די גוי׳אישע „פריצים", ביי וועמען אידן זיינען געווען ממש קנעכט.

אין יענער צייט האָבן דאָרט געוועלטיקט די גרויסע גוט־באַזיצער — „פריצים", וועלכע פלעגן לעבן אַ קעניגלעכן לעבן, באַגלייט מיט הפקרות און צעווילדעוועטקייט. די מאַסן וועלכע האָבן געצויגן זייער שוואַכע חיונה אונטער דער שווערער האַנט פון די דאָזיקע אונטערדריקער — האָבן זיי אויסגעמוטשעט און דערנידעריקט ווי פאַרוואָרפענע קנעכט אונטער דער האַנט פון שווערע, אין מאַטעריעלע אַמביציעס פאַרזונקענע האַרן.

יעדער איד איז געווען אַן „עבד נרצע" צו זיין „פריץ". דער איד איז געווען דער „שעיר לעזאזל" פאַר דעם פריץ׳ס משוגעת, און וואָס דעם פריץ איז איינגעפאַלן, פלעגט דער איד און זיין פאַמיליע מוזן אויספירן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט.

אַזוי ווי די קערפּערלעכע לאַגע, אַזוי איז אויך געווען די גייסטיקע.

פון רוחניות׳דיקן שטאַנדפּונקט, זיינען די פאָלקס־מאַסן געווען גאָר פּשוט און ווייט פון אַ לעבן פון תורה און יראה. די גדולים פון דעם פאָלק, די תלמידי־חכמים פון דעם דור זיינען געווען אָפּגעשיידט פון די פאָלקס־מאַסן, און יענע — די פאָלקס־מאַסן — האָבן געלעבט אַ לעבן פון צער און יסורים סיי גייסטיק און סיי קערפּערלעך.

אין דער דאָזיקער דערנידעריקנדיקער לאַגע האָט זיך געפאָדערט אַן איש הרוח (אַ גייסט־רייכער מענטש), וועלכער זאָל דערהויבן דאָס פאָלק פון זיין געזונקענקייט סיי אין גייסטיקן זין און סיי אין קערפּערלעכן זין — אַריינברענגען אין אים אַ רוח־חיים (אַ לעבנס־גייסט) פון אַ לעבן פון תורה און מסורה און דורך דעם אַריינברענגען די שמחה פון לעבן.

איז טאַקע אין יענער תקופה אַנטפּלעקט געוואָרן די דערהויבענע נשמה פון רבי ישראל בעל שם טוב — וועלכער איז געבאָרן געוואָרן ח״י אלול ה׳ אלפים תנ״ח*) (אַכצן טעג אין מאָנאַט אלול אין יאָר פינף טויזנט פיר הונדערט אַכט און פופציק) — וואָס די גלאַנציקע פונקען פון זיין שיינענדיקער נשמה האָבן זיך צעפלאַקערט און זיינען געוואָרן אַ פלאַם־פייער און האָבן אַריינגעגעבן אַ נייעם רוח־חיים אין די ערנסטע און ערלעכע פאָלקס־מאַסן, ווי אויך אין די גדולים און אָנפירער — אַלעמען האָט ער געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון דעם „עץ החיים״, וועלכער האָט זיך צעבליט און איז אויסגעוואַקסן, האָט זיך צעשפּרייט און פאַרברייטערט דורך דעם בעל שם טוב׳ס שיטה און תורה, באַקאַנט אַלס די שיטה און תורה פון חסידות.

די גלאַנציקע פונקען פון דער העלער זון פון בעל שם טוב

זיינען אַריינגעדרונגען אין די הערצער און האָבן זיך פאַנאַנדער־געשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, וואו נאָר אידן געפינען זיך איז זיי געוואָרן ליכטיק און זיי האָבן באַקומען צו אָטעמען די ריינע, אויסגעלייטערטע לופט, צוזאַמען מיט דעם טל פון ג־טלעכן ליכט וועלכער שטראַלט אַרויס פון תורת הבעל שם טוב. ביז צו אונזער דור לעבט און ברויזט צווישן אונז דער פונק פון דעם בעל שם טוב׳ס גרויסער נשמה, וואָס זיין שטאַרקער כח העלפט אונז פעסט צו שטיין צווישן די כוואַליעס פון בייזע שטראָמען, ניט לאָזן זיך מיטשלעפּן אין די טיפענישן פון אַסי־מילאַציע און כפירה ר״ל.

עס איז קלאָר, אַז אויב ניט דער אור פון תורת הבעל שם טוב, וואָלט די פינסטערניש זיך אינגאַנצן צעשפּרייט אויף דעם אידישן הימל, צו פאַרדעקן די קלאָרקייט און פאַרווישן דעם סגולה־כאַראַקטער פון דער אויפגאַבע פון כלל־ישראל אין דער גאַנצער וועלט.

* * *

די באַוועגונג פון חסידות, וואָס רבי ישראל בעל שם טוב האָט געגרינדעט, האָט געלערנט אַ נוסח אין עבודת השם (דינען דעם אויבערשטן), וועלכער איז געווען אויסגעשטעלט אויף מתקן צו זיין דעם נפש פון דעם אינדיווידועלן מענטש. חסידות איז געקומען צו געבן דעם אידן אַ פּערזענלעכע גייסטיקע באַפרי־דיקונג, זי האָט פּראָקלאַמירט דעם אידנס באַהעפטונג מיט דעם אויבערשטן, די התלהבות (באַגייסטערונג) ביי דער עבודה און דעם דאַווענען צום אויבערשטן, די עבודה מיט שמחה, און שמחה אין לעבן בכלל.

תורת החסידות איז אַ גאַנצע תורה, וועלכע גיט דעם מענטשן צו פאַרשטיין זיין נישטיקייט — און אויף ווי וויט ער פאַרמאָגט

כחות זיך צו דערהויבן. זי לערנט דעם מענטשן צו דער־קענען זיין אייגענעם מהות (וועזן), זיין שטעלונג אין פאַרשטיין און לערנען תורה, און זיין מצב אין מקיים זיין (דערפילן) מצוות. זי לערנט דעם מענטשן צו דערקענען וואָס עס פעלט אים, און צו טראַכטן און זאָרגן אויסצופילן דאָס וואָס פעלט.

חסידות זוכט, פאָרשט און געפינט, באַווייזט און דייט אָן די נשמה אין יעדער זאַך. חסידות אַנטוויקלט און דערקלערט דעם חיות פון תורה, דעם לעבן פון אַ מצוה, דעם מיין (כוונה) פון דאַוונען, די איידלקייט פון אַ מידה טובה, די רוחניות פון יעדער קערפּערלעכער זאַך.

חסידות באַווייזט מיט שכל׳דיקע ראיות, מיט ג־טלעכע געדאַנקען און קלאָרע באַווייזן דעם לעבן און די נשמה אַפילו אויך פון דער אויסערלעכער, אין פלוג „טויטער מנהג־וועלט" — עולם כמנהגו נוהג, די זון גייט אויף אין מזרח און פאַרגייט אין מערב. אַלע נאַטירלעכע ענינים זיינען אַלעמאָל ווי גלייך, אַלץ שטייט אויף אַן אָרט פאַרגליווערט, טויט, היינט ווי נעכטן, מאָרגן אַזוי ווי היינט. קומט חסידות און ווייזט דעם לעבן אין אַלץ, די השגחה פרטית (דער דירעקטער ג־טלעכער פרטיות׳דיקער וויסן און אויפפּאַסונג איבער יעדער זאַך) אויך פון אַ בלעטעלע און פון אַ שטרוי, דערוועקט די פאַרשלאָפענע אמונה פשוטה, באַלעבט דעם בטחון אין השי"ת, דערוואַרעמט דאָס האַרץ, שלייפט די קאָפּ, עפנט די אויגן אויף צו זען ג־טלעכקייט פנים אל פנים. חסידות ווייזט דעם „א־ל מסתתר" (ג־ט וואָס פאַרבאָרגט זיך — ישעי׳ מה, טו) אין מאַרק און אין גאַס און זאָגט „בכל דרכיך דעהו" (אין אַלע דיינע וועגן זאָלסטו אים וויסן — משלי ג, ו).

חסידות זאָגט אונז אויס דעם נשמה־לעבן, דעם שלימות הכוונה האמיתית (דאָס גאַנצקייט פון דער אמת׳ער כוונה), וואָס

טוט אַ מענטש אויף דער וועלט. דער „ממעמקים״ פון פּנימיות־התורה׳דיקן (דאָס טיפקייט פון דעם אינערלעך־תורה׳דיקן) לעבן, דעם ציל און די פירונג פון דעם לעבן אין אור, אין ליכטיקייט, אויך אַפילו אין דער וועלט פון פינסטערניש, פון חושך ואפילה [2]).

* * *

ספּעציעל, תורת חסידות חב״ד — געגרינדעט דורך רבי שניאור זלמן פון ליאַדי**), פאַרפאַסער פון תניא און שולחן ערוך — עפנט די טויערן פון חכמה, בינה און דעת, צו וויסן און דערקע־נען דעם באַשעפער אויך מיט אַ שכל׳דיקער באַגרײַפונג (השגה), און דערוועקט די האַרץ־געפילן, אויף נתפעל צו ווערן (באַווירקט ווערן געפילסמעסיק) מיט דער באַטרעפנדיקער מידה פון האַרצן וועלכע איז אַ פּועל־יוצא (קומט אַרויס) פון יענער השכלה, און וויזט אָן אַ וועג פאַר יעדן אײנעם ווי אַזוי אַרײַנצוגיין אל הקודש פּנימה (אין הייליקטום אינווייניק), צו דינען דעם אויבערשטן מיט מוח און האַרץ.

תורת חסידות חב״ד, כאָטש זי איז אַ וואונדערלעך־טיפע, ג־טלעכע חקירה, גיט זי פונדעסטוועגן אויף יעדן באַגריף אַ ברייטע דערקלערונג, מיט גרינג־פאַרשטאַנדיקע בײַשפּילן און משלים, און טײַטשט דאָס אָפּ אויספירלעך, אַזוי אַז עס זאָל זײַן פאַרשטאַנדיק אויך פאַר די וועלכע האָבן אַ קלײנעם באַגריף.

אַזוי ווי עס איז דער דרך בײַם לערנען שכל׳דיקע באַגריפן, אַז מען גייט פון דער גרינגערער זאַך צו דער שווערערער, אַזוי איז אויך בײַם לערנען די תורת החסידות, וועלכע פירט פון שטאַפּל צו שטאַפּל אויף דעם לייטער פון חכמה און וויסן.

די מעלה פון חסידות (אַנטקעגן חקירה) ליגט אָבער אין דעם, וואָס זי דערוועקט אויך די געפילן פון האַרצן, ברענגענדיק מיט זיך די התפעלות פון דער יעניקער מידה אין האַרצן, וועלכע פאָדערט

זיך לויט דעם דאָזיקן דערוואוסטן שכל־באַגריף, וועלכן מען האָט געלערנט אין תורת החסידות.

מוח און האַרץ, כאָטש זיי זיינען צוויי קעגנזעצלעכע יסודות, מוח איז קאַלט און מיושב און האַרץ איז קאָכעדיק, לערנט אונז אָבער תורת החסידות ווי אונטערצואוואַרפן דאָס האַרץ צו עבודת השם פון פאַרשטאַנד און פאַרטיפונג אין דער גרויסקייט פון דעם וועלט־באַשעפער, וואָרום דער מוח דאַרף געוועלטיקן איבער דעם האַרץ. „דע את אלקי אביך ועבדהו בלבב שלם״ [1] (ווייס דעם ג־ט פון דיין פאָטער און דין אים מיטן גאַנצן האַרצן) — ידיעה (וויסן) און השגה (באַגרייפן) אין ענינים פון ג־טלעכקייט, זאָל זיין אַפילו די סאַמע טיפסטע ענינים — דאַרף מען זיי לאָזן ווירקן אין דער למעשה׳דיקער עבודה, אין דעם קיום המצוות און אויסלייטערונג פון די מידות, און דאָס קען געמאָלט זיין נאָר דעמאָלט, ווען דער מוח געוועלטיקט איבער דעם האַרצן, דאָס הייסט, אַז די השגה פון דעם מוח אין ענינים פון ג־טלעכקייט זאָל זיך דערפילן אין האַרצן, און בײדע צוזאַמען זאָלן דעם מענטשן ברענגען צו עבודה בפועל (פראַקטישער דורכפירונג) אין יראת שמים און מדות טובות (גוטע מדות).

דער אויבערשטער האָט אונז אַנטפלעקט און באַלויכטן — דורך מורנו הבעל שם טוב און זיינע הייליקע תלמידים כ״ק רבותינו הקדושים זצוקללה״ה נבג״מ זי״ע — די תורת החסידות וועלכע פאַרבינדט דאָס אַנטפלעקטע מיט דעם פאַרבאָרגענעם דורך פאַרשידענע דערקלערונגען, און אין אַ געוויסער מאָס אַנט־פלעקט זי די פנימיות, דאָס אינעווייניקסטע פון תורה און מצוות, און דערוועקט אַ ג־טלעכן געפיל אין דעם אידנס לעבעדיקע האַרץ.

* * *

מורנו הבעל שם טוב האָט געעפנט דעם צינור פון יכולת

(קענען) אין עבודת השי"ת, מיט אַן אָנוויזונג און אַ פירונג, אַז יעדער איד זאָל קענען דינען דעם אויבערשטן מיט אהבה און יראה (ליבשאַפט און פאָרכטיקייט). אויך פשוט'ע אידן, דורך דער תמימות (ערנסטקייט) פון זייער עבודה, דורך זאָגן תהלים — אַפילו אויב זיי ווייסן ניט קיין פירוש המילות (אָפטייטשונג פון די ווערטער) — און דורך אהבת ישראל (ליב האָבן אַ אידן), דערנענטערן זיי זיך צום אויבערשטן מיט אַ פנימיות'דיקער דערנענטערונג, וואָרום דער עיקר איז דאָך די מעשה און די עבודה מיט אַ ריין האַרץ [3].

אין דעם גאַנצן לעבן פון די מענטשן און די נבראים (באַשעפענישן) און זיינע פילפאַכיקע אָפּצווייגונגען און פאַרשידענערליי סיבות און געשעענישן — געפינט דער בעל שם טוב דעם אויבערשטן, וואָרום עס איז ניטאָ קיין שום זאַך אין גאַנץ דומם־צומח־חי־מדבר (אומבאַוועגלעכע זאַכן, געוואוקסן, לעבעדיקע באַשעפענישן און מענטשן) און אין די פיר יסודות: אש (פייער), רוח (לופט), מים (וואַסער) און עפר (ערד), וואָס זאָל ניט דייטלעך אָנוויזן אויף ג־טלעכקייט.

די שיטה פון מורנו הבעל שם טוב איז:

א) ג־טלעכקייט איז אַלץ,

ב) אַלץ איז ג־טלעכקייט.

און אויף דעם דאָזיקן גרונט שטייען און באַוועגן זיך אַלע זאַכן פון תורה און מצוות מיט די פאַרשידענע דערקלערונגען לויט די פאַרשטאַנד־וועגן פון תורת החסידות אין דעם לעבן פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט.

קומט אויס, אַז דורך דער גאַנצער עבודה פון אַ מענטשן דאָ־אונטן קען ער זיך פאַראייניקן און פאַרבינדן מיטן אויבערשטן, און דאָס וואָס פאַראייניקט איז די תורה און די מצוות — וואָס

אין תורה זיינען פאַראַן רמ"ח (צוויי הונדערט אַכט און פערציק) מצוות עשה (אָנזאָגונגען וואָס מען זאָל יאָ טאָן) און שס"ה (דריי הונדערט פינף און זעכציק) מצוות לא תעשה (אָנזאָגונגען וואָס מען טאָר ניט טאָן), וועלכע זיינען אויסגעשטעלט אַנטקעגן די רמ"ח איברים און שס"ה גידים (אָדערן) פון מענטשן [4].

און דאָס איז דער מענטש, אַז אַלע זיינע יאָרן זאָלן זיין אַ לאַנגע קייט פון עבודה און גוטע מעשים, דערוויטערן זיך פון גשם און דערנענטערן זיך צו רוחניות, דורך עבודה און האָרעװאַניע, וואָס ער האָרעוועט און באַמיט זיין נפש, צו פאַראַכטן דעם חומר און אויסקלייבן די צורה [5].

* * *

אין עבודת ה' זיינען פאַראַן צוויי אופנים:

א) סור מרע — וואָס אַנטהאַלט אויך דאָס אָפּהאַלטן זיך פון צו עובר זיין אויף אַ מצות עשה און דערפאַר טוט ער גוטס, ב) ועשה טוב, דאָס מיינט אַז ער טוט בעיקרו אין דעם ועשה טוב, ובמילא האָט ער קיין שייכות ניט צו רע.

די צוויי דרכים אין עבודה איז דאָס בכלל דער חילוק צווישן דעם דרך פון מוסר און דעם דרך פון חסידות.

מוסר איז (בעיקרו) אַ דרך פון סור מרע. ער טראַכט אין דעם ווי רע ומר עזבך את הוי' [6], ווי עס איז ניט גוט דער צד השמאל (לינקער זייט), יצר הרע, ובמילא שטופּט ער אים אַוועק אין אַן אופן פון סור, דורך תעניתים וסיגופים (פאַסטן און פייניקן זיך).

חסידות אָבער פאַרנעמט זיך בעיקרו מיט — התבוננות בטוב. חסידות איז מבאר און רעדט אַרום דעם טוב טעם אין אלקות, די געהויבנקייט און געשמאַקייט פון אַ נשמה, און בשעת ער דערהערט דאָס — האָט ער במילא ניט קיין שייכות צום רע.

און דער אופן ווי ער האָט ניט קיין שייכות צום רע, איז דאָס אויף אַן אַנדער אופן ווי דורך דעם דרך פון מוסר. וואָרום דורך דער עבודה פון סור מרע ווי על פי׳ מוסר, ווערט ער דאָך ניט העכער. ער בלייבט במקומו, און וויבאַלד אַז ער פאַרבלייבט במקומו — איז בכדי אויסצוהיטן זיך ער זאָל ניט דורכפאַלן ח"ו, מוז ער ברעכן דעם גוף, דורך תעניתים וסיגופים.

מה שאין כן דורך דער עבודה פון חסידות, וואָס ער טוט אין דעם טוב, התבוננות והעמקת הדעת אין אלקות כו׳, ווערט ער דאָך העכער מצד דעם אור אלקי וואָס עס לייכט אין אים במוחו ולבו, וואָס דורכדעם ווערן אויך זיי ליכטיקער, און מען קען לייכטער דינען מיט זיי דעם אויבערשטן. במילא דאַרף ער ניט ברעכן דעם גוף, ווי עס איז ידוע דער פירוש הבעל שם טוב אויפן פסוק עזוב תעזוב עמו ׳), אַז מיטן גוף גופא זאָל ער דינען דעם אויבערשטן, וואָרום זיין גוף אַליין איז געוואָרן העכער און איידעלער.

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביים אַלטן רבי׳ן: וואָס האָט אויפגעטאָן דער בעל שם טוב מיט חסידות אויף די פריערדיקע, דעם ראשית חכמה, של"ה וכו׳, וועלכע זיינען אויך מיוסד אויף קבלה?

האָט ער געענטפערט מיט אַ משל:

בשעת אַז אַ גנב קומט גנב׳ענען איז פאַראַן צוויי אופנים ווי דער בעל־הבית פאַרהיט זיך פון אים.

איין אופן איז, אַז דער בעל־הבית הויבט אָן שרייען, דער־שרעקט זיך דער גנב און אַנטלויפט. פונדעסטוועגן איז שייך אַז דער גנב זאָל קומען נאָך אַמאָל גנב׳ענען.

עס איז פאַראַן אַ צווייטער אופן, אַז דער בעל־הבית כאַפּט דעם גנב און פועל׳ט אויף אים, אַז ער ווערט אויס גנב. און

דאָס איז — האָט ער אויסגעפירט — דער אויפטו פון חסידות אויף די פריערדיקע [8].

דאָס איז דער אַלגעמיינער אונטערשייד צווישן מוסר און חסידות. תורת המוסר באַטאָנט דעם סור מרע און תורת החסידות באַטאָנט דעם ועשה טוב, וואָס ממילא ווערט אויך דער גשמיות'־דיקער גוף אַנדערש, וואָס אויך די קערפּערלעכע ענינים און דברי הרשות איז ביי זיי „בכל דרכיך דעהו" [9], און לויט ווי עס שטייט ביי תשובה „זדונות נעשו לו כזכיות" [10]) און „אתהפכא חשוכא לנהורא" (פינסטערניש ווערט איבערגעקערט אויף ליכ־טיקייט).

* * *

תורת ההסידות, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן מיט דער לאָזונג פון עבודה מיט שמחה — האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג איבער אַלע עקן וועלט, און האָט דורך דער צייט אַרומגענומען אַ ריזיקן עולם. אידישע קיבוצים אין גאַנצע מדינות זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן און אַריינגעאַנגען אונטער דעם פאָן פון חסידות און גענומען זיך פירן אין דעם גייסט פון תורת החסידות.

אַזוי אַרום איז געגרינדעט געוואָרן די באַוועגונג פון חסידות וועלכע האָט אַרומגענומען מיליאָנען־מיליאָנען אידן ביז היינטיקן טאָג, און וועלכע איז געווען דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר אין אויסשטעלן די גייסטיקע געשטאַלט און דערהויבן דעם גייסט פון פאָלק צו גאָר אַ הויכער מדריגה.

---

*) אויספירלעך וועגן זיין געבורט זע פרק ב' (ע' יב און ווייטער).

1) דברי הימים א כח, ט.

2) זע קונטרס טז, רשימת הדברים בליל כ' כסלו תרצ"ב, עמודים 1־4.

**) אויספירלעך וועגן אים זע בית רבי, ערשטן טייל.

3) זע קונטרס מ״ז, תורת החסידות, עמודים 5־6.

4) זהר חלק א קע, ב.

5) לקוטי דבורים, פערטער טייל (ליקוט לו), ע׳ תרסא־1322.

6) ירמי׳ ב, יט — ווי שלעכט און ביטער עס איז דאָס פאַרלאָזן דעם אויבערשטן.

7) שמות כג, ה. זע „היום יום״, כח שבט. ווייטער פרק יט.

8) זע שיחת כ״ק אדמו״ר שליט״א אחרון של פסח תשט״ז (קובץ ליובאוויטש חוברת 14 עמוד 181) פון דער שיחה פון כ״ק אדמו״ר (מהוריי״צ) נ״ע שביעי של פסח תרצ״ו — ביז איצט ניט דערשינען אין דרוק.

9) משלי ג, ו — אין אַלע דיינע וועגן זאָלסטו אים (דעם אויבערשטן) וויסן.

10) יומא פו, ב. — די עבירות ווערן (פאַררעכנט) אים ווי זכיות.

ב.

## זיין געבורט, דערציאונג און אַנטפּלעקונג

מורנו רבי ישראל בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן, צו זיינע עלטערן הרב הצדיק ר׳ אליעזר והרבנית הצדקנית מרת שרה, מאָנטיק, ח״י אלול, אין יאָר תנ״ח, אין דעם גאָר קליינעם גרענעץ־ישוב אָקופּ, צווישן טערקיי און וואַלאַכיי.

דער מעזריטשער מגיד האָט געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי סימנים אויף דעם געבורטס־יאָר פון רבינו הבעש״ט: א) שנת נח״ת — נייחא לעליונים און נייחא לתחתונים [11]. ב) אין דעם יאָר — תנ״ח — האָט מען אין אַמסטערדאַם אָפּגעדרוקט דעם ספר של״ה [*11]) באותיות בהירות [12]) (מיט ליכטיקע אותיות).

* * *

גאָר אַלטע חסידים האָבן דערציילט אין נאָמען פון כ״ק הרב הקדוש ר׳ מנחם מענדל וויטעבסקער׳ס חסידים, אַז זיי האָבן געהערט מפי קדשו, אַז דער סימן פון דעם יאָר תנ״ח איז נח״ת און חת״ן, און אין יענעם יאָר איז דער בעל שם טוב געבאָרן געוואָרן, ״חד משמיא נח״ת״, וואָס דאָס איז חת״ן — נחות דרגא [13]) — און דערמיט איז געוואָרן אַ נחת רוח למטה, וואָס עס איז אַראָפּ (נחת) אַ נייער רוח אויף דער וועלט, ד. ה. אַ דרך אין עבודה ווי אַזוי צו טאָן אַ נחת רוח פאַר דעם אויבערשטן [14]).

הרה״ח ר׳ דוד צבי הירש (חן) דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון זיין פאָטער הרה״ח הרב ר׳ פרץ וועלכער האָט

געהערט פון דעם אַלטן חסיד ר׳ יעקב האָראָדאָקער, וועלכער איז געווען צוגעבונדן צו הרה״ק ר׳ מנחם מענדל (האָראָדאָקער־וויטעבסקער) זצ״ל וואָס ער האָט געהערט פון הרה״ק רמ״מ זצ״ל, אַז דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן ח״י אלול תנ״ח, וואָס דער סימן פון דעם יאָר איז נח״ת און חת״ן, אין דעם יאָר וואָס דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן האָט מען געדרוקט דעם צווייטן מאָל דעם של״ה הקדוש אין אַמסטערדאַם, איז דע־מאָלט אויך געווען אַ קטרוג ר״ל למעלה אויף אידן אין מדינת פוילן, אַזוי ווי עס איז געווען ר״ל דער ערשטער קטרוג באַלד ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער ספר של״ה (וואָס בעת מען האָט געדרוקט דעם ספר של״ה הקדוש — איז אין דער צייט פון דרוקן, אידער ער איז אינגאַנצן פאַרטיק געוואָרן, האָט מען געקויפט קונטרסים׳ווייז און דער ספר הקדוש האָט אויפגעפלאַקערט אידישע הערצער און עס איז געווען אַן עין הרע ר״ל און ניט איצט געדאַכט זיינען דאָס געווען די באַוואוסטע גזירות ת״ח און ת״ט), אָבער אַ דאַנק דעם אויבערשטן איז תנ״ח געווען אַ רואיקער יאָר. זעקס און צוואַנציק יאָר איז דער בעל שם טוב געווען ווי אַ פשוט׳ער איד, צען יאָר האָט מיט אים געלערנט מורו ורבו הקדוש (אחי׳ השילוני) און דעמאָלט איז ער אַנטפּלעקט געוואָרן און איז געווען אַ פרנס (פירער) זעקס און צוואַנציק יאָר.

איינמאָל — דערציילט הרה״ח הרד״ץ בשם הנ״ל — איז הרה״ק ר׳ מנחם מענדל (וויטעבסקער) געזעסן ביי דער סעודת יום־טוב פון שבועות און איז געווען אין גרויס דביקות (צו־געבונדן צום אויבערשטן), און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זאָגן: יודע ד׳ ימי תמימים (ג־ט ווייסט די טעג פון די תמימים — תהלים לז, יח) „יודע ד׳ — וויסן דעם שם ד׳, קאָן

מען דאָס וויסן פון די ימי תמימים וועלכע זיינען ממשיך אלקות אין וועלט און פאַרבינדן וועלט מיט אלקות, וואָס מיט דעם מאַכט מען די וועלט גאַנץ און מיט דעם דערפילט מען דעם ג־טלעכן ווילן. דער רבי דער בעל שם טוב האָט געלעבט צוויי מאָל כ"ו (זעקס און צוואַנציק) און איין מאָל עשר (צען), די ערשטע כ"ו איז לויט דעם מספר פון דעם שם הוי' הנעלם [15]), דערפאַר איז ער געווען אַ נסתר, די אַנדערע כ"ו איז כמספר שם הוי' הגלוי, דערפאַר איז ער געווען בהתגלות (אַנטפּלעקט). נאָר בכדי ער זאָל קענען נתגלה ווערן האָט ער געדאַרפט דורכגיין דעם סדר פון עשר ספירות, וואָס דאָס זיינען די מיטעלע צען יאָר, — „ונחלתם לעולם תהי'" (און זייער אַרב וועט זיין אויף אייביק) — מיט תורת הבעל שם טוב וועלן מיר קומען אין אַרצנו הקדושה [16]).

* * *

ההסיד ר' חנוך הענדל נ"ע האָט געהערט פון הרב החסיד ר' זיסקינד קורניצער נ"ע, וועלכער האָט איבערגעזאָגט אין נאָמען פון הרה"ח ר' זלמן זעזמער נ"ע, אַז דער בעש"ט איז געבאָרן געוואָרן און נתגלה געוואָרן אין אַ מדינה וואָס איז געווען דורכגעווייקט מיט אידישע מסירות־נפש־בלוט [14]).

* * *

וועגן דעם טאָג ח"י אלול דערציילט כ"ק אדמו"ר (מוהריי"צ) נ"ע:

ח"י אלול באַ כ"ק אבותינו רבותינו הק' זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע איז געווען אַ יום הילולא פנימית בסוד אתכסיא (אַן אינע־ווייניקסטער, באַהאַלטענער פייערונגס־טאָג). אין דעם טאָג פלעגן זיי זאָגן מאַמרים פון חסידות באַהאַלטענערהייט, פריוואַט פאַר זייערע קינדער. עס איז זיכער — לויט אַ דערציילונג מקובל

פון הוד כ״ק אאמו״ר (מיין פאָטער) הרה״ק זצוקללה״ה נבג״מ זי״ע — אַז אין דעם טאָג ח״י אלול זאָגט כ״ק רבנו הבעל שם טוב נ״ע דברי תורה ברבים פאַר זיינע תלמידים און תלמידים פון זיינע תלמידים און אַלע וועלכע זיינען פאַרבונדן צו זיי *[16]).

* * *

ר׳ גדלי׳ [17]) האָט דערציילט, אַז גאָר אַמאָל פלעגט מען ח״י אלול האַלטן פאַר אַ יום־טוב — וואָרום דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן ח״י אלול.

הרה״ח ר׳ שלום ר׳ הלל׳ס [18]) האָט דערצו צוגעגעבן:

ר׳ הלל האָט אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון כ״ק הרה״ק ר׳ מאָטעלע טשערנאָבילער, אַז דער טאַטע האָט געזאָגט (מיינענדיק הוד כ״ק הרה״ק ר׳ נחום טשערנאָבילער זצוקללה״ה), אַז דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן בגופו, בנפשו וברוחו (מיט זיין קערפּער, מיט זיין נפש און מיט זיין גייסט), ח״י אלול, בגופו — ווען ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ גוף; בנפשו — וואָס ביום ח״י אלול איז צו אים נתגלה געוואָרן מורו ורבו הק׳; וברוחו — וואָס ער איז נתגלה געוואָרן, און די אַלע דריי מאָל איז געווען ח״י אלול. איך — האָט ר׳ הלל געזאָגט, דערציילט ר׳ שלום — וואָלט קובע זיין ח״י אלול פאַר אַ יום משתה ושמחה, נאָר אַ קביעות יום־טוב דאַרף מאַכן אַ רבי, און פאַרוואָס מען האָט דאָס ניט קובע געווען אַ יום־טוב, איז לדעתי דער טעם, ווייל כתר איז ניט נמנה עם הספירות [19]).

* * *

רבי אָדם בעל שם האָט באַ אַ געלעגנהייט אַנטפּלעקט צו מורנו הבעל שם טוב זיין שורש נשמה:

אין יאָר של״ג האָט געלעבט אין דער הייליקער שטאָט צפת אַ איד וועלכער האָט מער ניט געקענט ווי דאַווענען, איז

אָבער געווען אַ תּמים אין זיינע מעשׂים און גאָר אַ באַשיידענער.

איינמאָל באַנאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט אָפּ־ריכטן „תיקון חצות״, האָט ער געהערט ווי מען קלאַפּט אין זיין טיר, און אויף זיין פראַגע: ווער איז דאָרט? האָט מען אים געענטפערט: אליהו הנביא זכור לטוב. דער איד האָט געעפנט די טיר, און אליהו הנביא איז אַריינגעקומען אין צימער, וועלכער איז באַלד אָנגעפילט געוואָרן מיט ליכטיקייט און פרייד. אליהו הנביא האָט זיך געווענדט צום אידן און געזאָגט:

— איך בין געקומען דיר אויסזאָגן דעם יאָר ווען משיח וועט קומען, אָבער אַ תּנאַי דערצו איז, אַז דו זאָלסט מיר אויס־זאָגן וואָס אַזעלכעס דו האָסט געטאָן אין דעם טאָג פון דיין בר־מצוה, וואָס צוליב דעם האָט מען גע׳פּסק׳ענט אין בית־דין של־מעלה אַז דו זאָלסט זוכה זיין צו גילוי אליהו, אויף דיר צו אַנטפּלעקן פאַרבאָרגענע סודות.

דער צפת׳ער איד האָט תמימות׳דיק געענטפערט אליהו הנביא׳ן:

— וואָס איך האָב געטאָן — האָב איך געטאָן בלויז פאַר דעם אויבערשטנ׳ס כּבוד, און ווי קען איך דאָס מגלה זיין פאַר אַנדערע? אָבער אויב צוליב דעם וועט מיר אליהו ניט אויסזאָגן דאָס וואָס ער דאַרף מיר אויסזאָגן — דאַרף מען ניט. וואָרום איך האָב בקבלה, אַז דאָס וואָס אַ איד טוט, דאַרף ער דאָס באַהאַלטן פאַר מענטשנ׳ס אויגן, און עס דאַרף זיין נאָר פאַר דעם אויבערשטנ׳ס כּבוד אַליין.

אליהו הנביא איז פאַרשוואונדן און איז אַרויף אין הימל. אין הימל איז געוואָרן אַ גרויסער רעש איבער דעם דאָזיקן אידנ׳ס תּמימות, וועלכער האָט אָפּגעוויזן אליהו׳ן און דעם גילוי הקץ, אַבי נאָר אַז אַלץ וואָס ער טוט זאָל זיין בלויז לשם שמים.

דער בית־דין של־מעלה האָט אָפּגעפּסק׳ענט אַז אליהו הנביא זאָל זיך נאָך אַמאָל אַנטפּלעקן צו דעם אידן אין צפת, זאָל מיט אים לערנען תורה און אים אַנטפּלעקן פאַרבאָרגענע סודות.

דער דאָזיקער פשוט׳ער איד איז געוואָרן אַ חד בדרא (פון די אויסגעצייכנסטע אין זיין דור), אַ צדיק תמים און הצנע לכת (אַ באַשיידענער), וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט וועגן זיין גרויסקייט און קדושה.

עס איז געקומען דער טאָג, און דער איד איז געוואָרן אַלט און איז אַוועק פון דער וועלט. און דער בית דין של מעלה האָט גע׳פסק׳ענט אַז זיין שכר זאָל זיין, ער זאָל נאָכאַמאָל אַראָפּ־קומען אויף דער וועלט, און מען וועט אים צווינגען זיך צו אַנטפּלעקן, און דורך אים זאָל נתגלה ווערן אַ נייער דרך אין וועלט, אויף ציכטיק און ריין צו מאַכן די וועלט מיט אַ רוח טהרה און רוח הקודש, אָנצוצינדן אַ נייע ליכט אין יעדן אידנ׳ס האַרץ, און דורך אים זאָל נתקדש ווערן שם שמים און די וועלט זאָל אָנגעפילט ווערן מיט דעת, וואָס דאָס וועט מקרב זיין דעם קץ [20].

די נשמה פון יענעם צפת׳ער אידן איז די נשמה פון מורנו הבעל שם טוב.

* * *

מורנו הבעל שם טוב [21]) איז געבליבן אַ יתום פון זיין הייליקן פאָטער צו פינף יאָר מיט דער קורצער צוואָה:

— מיין קינד — זאָגט דער אַלטער גאון וצדיק ר׳ אליעזר, ליגנדיק אויפן טויטבעט אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן אויף דער וועלט, צו זיין פינף־יאָריקן בן־יחיד, — זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך אויף דער וועלט מער ניט פאַר ג־ט ב״ה אַליין. זאָלסט ליב האָבן מיט דער גאַנצער

טיפעניש פון האַרצן און מיט דעם פלאַם פון דער נשמה יעדן אידן אָן קיין אונטערשייד, ווער ער זאָל ניט זיין און ווי ער זאָל ניט זיין.

אין דער קורצער צוואה האָט דער הייליקער פאָטער איבער־געגעבן זיין בן־יחיד דעם פינף־יאָריקן קינד דעם גאַנצן צידה־לדרך אויף דעם גאַנצן לעבן.

דעם פאָטער׳ס קורצע צוואה, יראת השם און אהבת ישראל, איז באַ מורנו הבעל שם טוב די שני לוחות הברית, און דער עץ החיים און עץ הדעת פון זיין הייליקן לעבן. וואו ער גייט און וואו ער שטייט לייכט אים דער עמוד האור פון דעם שויתי ה׳ לנגדי תמיד, און עס ברענט אין אים דער הייליקער עמוד האש פון אהבת ישראל.

מורנו הבעל שם טוב איז דער זה ינחמנו פון עקבות משיחא־תקופה. ער — דער בעל שם טוב — איז דער טרייסט־וואָרט־זאָגער און דער דערמוטיקער צו דעם עם ישראל אין דער שווערסטער תקופה פון דעם ביטערן גלות, פון זיין צייט ביז דעם גליקלעכסטן טאָג פון ביאַת המשיח.

* * *

דער בעל שם טוב האָט אַמאָל דערציילט [22]:

נאָך מיין פאָטער׳ס צוואה (צוזאָג) פאַר קיינעם ניט צו מורא האָבן נאָר פאַר ג־ט ב״ה אַליין האָט מיך אָנגעהויבן ציען צו גיין אין די פעלדער און אין דעם טיפן, גרויסן וואַלד וואָס לעבן אונזער ישוב. ווען איך פלעג אַוועקגיין פון חדר פלעג איך גיין אין פעלד און פלעג חזר׳ן אויסנווייניק דאָס וואָס איך האָב געלערנט אין חדר. אָפט פלעג איך נעכטיקן אין פעלד אָדער אין וואַלד.

מיינע אַפּוטרופּסים *[22]), וועלכע פלעגן השגחה געבן אויף מיר

און אויף נאָך עטלעכע יתומים און יתומות, האָבן ניט געדולדעט מיין הנהגה, וואָס איך גיי אין פעלד און אין וואַלד, און האָבן מיר שטאַרק מיצר געווען (ענג־געמאַכט).

אַזוי האָט געדויערט צוויי יאָר. ביז איינמאָל קומענדיק נאָך דעם ותיקין־מנין אין וואַלד, האָב איך דערהערט אַ מענטש־לעכע שטימע. בין איך געגאַנגען נאָך דעם קול און איך האָב דערזען אַ איד שטייט איינגעהילט אין טלית ותפילין און דאַווענט מיט אַזאַ התלהבות, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

איך האָב זיך באַהאַלטן הינטער דיביימער און מקבל־נחת געווען פון דעם אידנ׳ס דאַווענען. איך בין געווען זייער פאַר־וואונדערט און האָב געטראַכט, אַז געוויס איז דער הייליקער מאַן איינער פון די ל״ו צדיקים נסתרים, וואָס זיינען אויף דער וועלט. דער צדיק האָט מסיים געווען (פאַרענדיקט) דעם דאַווענען און האָט אויסגעטאָן דעם טלית ותפילין. דאַן האָט ער געזאָגט תהילים מיט אַ גרויסער מתיקות.

אַ משך זמן איז דער איד געזעסן און געלערנט מיט אַ גרויסן געשמאַק, דאַן האָט ער צוזאַמענגעלייגט די ספרים און טלית ותפילין אין זיין זאַק, אָנגעטאָן דעם זאַק אויף די פּלייצעס, געגומען דעם שטעקן און גענומען גיין. דאַן בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און געגאַנגען אַנטקעגן דעם אידן.

ווען דער איד האָט מיך דערזען האָט ער מיך געפרעגט: ווי קומט אַ קליינער אינגל זיך אַליין אין וואַלד? וואָס טוסטו אין וואַלד? האָסטו גאָר קיין מורא ניט צו גיין אַליין אין וואַלד? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך ליב די פעלד און דעם וואַלד, ווייל דאָ אין פעלד און וואַלד זיינען ניטאָ קיין מענטשן וואָס זיינען רובא דרובא בעלי־גאווה און שקרנים, איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט, איך בין אַ יתום אָן אַ מוטער און אַ

פאָטער. מיין פאָטער ע״ה פאַר זיין פטירה האָט מיר אָנגעזאָגט: ישראליק, זאָלסט פאַר קיינעם ניט מורא האָבן נאָר פאַר ג־ט ב״ה אַליין, האָב איך פאַר קיינעם ניט מורא.

דער איד האָט מיך געפרעגט, צי איך בין ר׳ אליעזר׳ס אַ זון. ווען איך האָב געענטפערט אַז מיין פאָטער האָט מען גערופן מיט אַזאַ נאָמען, האָט דער איד אַרויסגענומען אַ גמרא פסחים און האָט מיט מיר געלערנט אַ משך זמן, און איך בין מיט דעם אידן אַוועק אין וועג ניט וויסנדיק וואוהין מיר גייען און נאָך וואָס מיר גייען.

אויף אונזער וואַנדער־וועג פלעגן מיר זיך אויפהאַלטן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, דערפער און ישובים — פאַר־שידענע צייטן, אַמאָל עטלעכע טעג, אַמאָל אַ וואָך און מער. דעם נאָמען פון דעם אידן האָב איך ניט געוואוסט. אַלע טאָג פלעגט ער מיט מיר לערנען. ער האָט קיינמאָל באַ קיינעם קיין נדבות ניט גענומען, און ער האָט מיך די גאַנצע צייט געשפייזט. אַזוי איז געווען דריי יאָר צייט.

איינמאָל, זייענדיק אין אַ קליין ישוב, זאָגט צו מיר דער איד: דאָ ניט ווייט אין וואַלד וואוינט אַ איד אַ ירא שמים און אַ למדן, וועט ער מיך לאָזן באַ אים אויף אַ געוויסן משך זמן. און — כך הוה. דער איד האָט מיך צוגעפירט צו דער הייזל, האָט מיר איבערגעגעבן צו דעם בעל־הבית און איז אַוועק.

פיר יאָר צייט בין איך אָפּגעווען באַ ר׳ מאיר׳ן אין זיין וואַלד־שטיבל, און די גאַנצע צייט האָט ר׳ מאיר מיט מיר גע־לערנט בשקידה עצומה. אַלע טאָג פלעגן מיר גיין אין ישוב דאַווענען תפלה בציבור. קיינער פון די בעלי־הישוב האָט ניט געוואוסט אַז ר׳ מאיר איז אַ גאון, אַ צדיק נסתר. פאַר זיי איז ר׳ מאיר געווען אַ בעל־מלאכה, אַ סמאָלע־ברענער.

באַ ר׳ מאיר׳ן האָב איך זיך דערוואוסט פון די צדיקים נסתרים און פון גרויסן גאון וצדיק ר׳ אדם בעל שם פון ראָפּשיץ, דער פירער פון דער עדת צדיקים נסתרים, אַ תלמיד מובהק און נאָכפאָלגער פון דעם גאון און צדיק ר׳ יואל בעל שם פון זאַמושטש, וועלכער איז געווען דער תלמיד מובהק און נאָכפאָל־גער פון הגאון הצדיק ר׳ אליהו בעל שם פון ווירמייזע.

דאַן — אַלט זייענדיק פערצן יאָר — בין איך אַריין אין דער עדת הצדיקים הנסתרים און האָב ווידער אָנגעהויבן וואַנ־דערן פון שטאָט צו שטאָט, פון ישוב צו ישוב, אין פאַרשי־דענע שליחות׳ן, וואָס די הנהלה פון עדת הצדיקים הנסתרים האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט.

זייענדיק ניט קיין פולע זעכצן יאָר האָב איך שוין געהאַט אַ היפּשע ידיעה אין קבלה און איך האָב פון צייט צו צייט געדאַוונט על־פי קבלת האריז״ל מיט יחודי השמות, ווי הצדיק נסתר, קדוש ונורא ר׳ חיים ז״ל האָט מיר געלערנט.

* * *

אין דעם יום ההולדת שלי, ח״י אלול תע״ד, בין איך געווען אין אַ קליינעם ישוב. דער אַרענדאַר פון דער קרעטשמע איז געווען זייער אַ פּראָסטער מענטש, קוים געקענט דאַווענען, אָבער די טייטשן פון די ווערטער האָט ער ניט געוואוסט. ער איז געווען אַ גרויסער ירא שמים און איז מורגל (צוגעוואוינט) צו זאָגן אויף יעדער זאַך און אין יעדער צייט: „ברוך הוא ומבורך לעולם ועד״, און די אַרענדאַרקע פלעגט כסדר זאָגן: „געלויבט זאָל זיין זיין הייליקער נאָמען״.

אין דעם טאָג בין איך דאַן געגאַנגען מתבודד זיין זיך אין פעלד, ווי דער סדר מסודר פון קדמונים איז, אַז אין

יום ההולדת זאָל מען זיין אַ געוויסן זמן אין התבודדות. אַז איך האָב זיך מתבודד געווען האָב איך געזאָגט מזמורי תהלים און האָב זיך עוסק געווען אין יחודי שמות הקדושים.

זייענדיק פאַרטיפט אין דעם האָב איך ניט געפילט וואָס אַרום מיר טוט זיך. פלוצים האָב איך דערזען אליהו הנביא און אַ שמייכל איז געווען אויף זיינע ליפּן. איך בין געווען זייער פאַרוואונדערט וואָס זייענדיק אַליין האָב איך זוכה געווען צו גילוי אליהו. באַ הצדיק ר׳ מאיר, אויך זייענדיק מיט די צדיקים הנסתרים, האָב איך זוכה געווען צו זען אליהו הנביא, אָבער זייענדיק גאָר אַליין זוכה זיין צו גילוי אליהו, איז דאָס באַ מיר געווען דעם ערשטן מאָל, בין איך געווען פאַרוואונדערט. אויך האָב איך ניט געקענט אויסטייטשן אליהו הנביא׳ס שמייכל. אליהו הנביא זאָגט צו מיר: דו מאַטערסט זיך בעמל רב (מיט גרויס מי) אויף צו מכוון זיין די יחודי שמות הקדושים, וואָס זיינען יוצא פון די פסוקי תהלים וואָס דוד מלך ישראל האָט מסדר געווען, און אַהרן שלמה דער אַרענדאַר און זלאַטע רבקה די אַרענדאַרקע וויסן גאָר ניט די יחודי שמות הקדושים וואָס זיינען יוצא פון דעם „ברוך הוא ומבורך לעולם ועד״, וואָס דער אַרענדאַר זאָגט, און „געלויבט זאָל זיין זיין הייליקער נאָמען״, וואָס די אַרענדאַרקע זאָגט, און די יחודים רעש׳ן אין אַלע עולמות, מער ווי די יחודי שמות וועלכע די צדיקים הגדולים זיינען מכוון.

אליהו הנביא האָט מיר מבאר געווען, דעם גודל הנחת־רוח כביכול אין הימל פון דעם שבח ותהלה וואָס מענער, פרויען און קינדער לויבן דעם אויבערשטן ברוך הוא, און בפרט אַז דער הילול ושבח קומט פון פשוט׳ע מענטשן, און בפרטי פּרטיות אַז דער הילול ושבח איז אַ שטענדיקער — זיינען זיי דאָך

תמיד באַהאַפטן אין השם יתברך באמונה טהורה ובתמימות הלב.

פון דאַן האָב איך זיך גענומען אַ דרך אין עבודה — זען מאַכן, אַז אידן, אנשים, נשים וטף, זאָלן זאָגן לויב־ווערטער להשי״ת, דורך דעם וואָס איך פלעג באַ זיי פאַראַנדערפרעגן אויף זייער געזונט־צושטאַנד, אויף דעם מצב הפרנסה, פון זייערע קינדער און אויף זייער מצב הפרנסה, און אַלע פלעגן ענטפערן מיט פאַרשידענע ג־ט לויבונגס־אויסשפּראַכן, יעדער אויף זיין שטייגער [23]).

אַ משך פון יאָרן האָב איך אַליין דורכגעפירט דעם דרך עבודה, און אויף אַ געוויסער אַסיפה האָט מען אָנגענומען דעם דרך העבודה, וואָס דאָס איז געוואָרן אַ מבוא צו מפרסם זיין די עבודה פון אהבת ישראל.

* * *

אין*[23]) יאָר אַרבע מאות שבעים ושש (פיר הונדערט זעקס און זיבעציק), ווען מורנו הבעל שם טוב איז אַלט אַכצן יאָר, גיט ער אויף אַ נייעם דרך אין דער עבודה פון די נסתרים, אַז זיי זאָלן זיך נעמען פאַר דעם חינוך, זען באַזאָרגן אַלע אידישע ישובים מיט מלמדים.

דער נייער דרך וואָס מורנו הבעל שם טוב שלאָגט פאָר, אַז די מחנה הצדיקים הנסתרים זאָלן איבערנעמען דעם אַחריות החינוך און זען באַזאָרגן די אַלע קינדער פון די ישובים אין גוטע חדרים, ווערט אָנגענומען אין דער מחנה צדיקים הנסתרים, אַז זיי אַליין זאָלן ברענגען אין לעבן, וואו עס וועט פעלן אַ מלמד זאָל איינער פון זיי דעם פּלאַץ דערפילן.

* * *

מורנו הבעל שם טוב איז מקיים דעם געוויסן מאַמר, אַז דער

וואָס גיט אַן עצה אויף עפּעס טאָן, באַדאַרף דאָס אַליין טאָן.

מורנו הבעל שם טוב ווערט אַ באַהעלפער בא אַ מלמד, פירט די קליינע קינדערלעך אין חדר, זאָגט מיט זיי ברכות, בענטשט ציצית, זאָגט שמע ישראל און תורה צוה, שפּילט זיך מיט זיי, דערציילט זיי וועגן משה רבינו און מתן תורה, פירט זיי פון חדר צו די עלטערן, לייענט מיט זיין קריאַת שמע און בידך אַפקיד רוחי.

מורנו הבעל שם טוב דערציילט זיינע הייליקע תלמידים, אַז די בעסטע נחת רוח־צייט אין זיין לעבן איז געווען, ווען ער האָט מיט די קליינע קינדערלעך מיט די ריינע מיילכעלעך געזאָגט מודה אני און שמע ישראל, און מיט זיי גע׳חזר׳ט דעם קמץ אַלף אָ, קמץ בית באָ.

איך האָב געפילט — האָט מורנו הבעל שם טוב געזאָגט — דעם גרויסן נחת־רוח וואָס עס איז געווען אין הימל, און די גרויסע קנאה, וואָס די מלאכי מעלה האָבן מקנא געווען די צאן קדשים.

מורנו הבעל שם טוב האָט געבויט דעם עדת ישראל פון אונטן אַרויף, ווי מען בויט אַ בנין, די ערשטע זאַך איז דער יסוד פון דעם בנין. ווען דער פונדאַמענט איז אַ געזונטער וועט דער בנין זיין אַ פעסטער.

דער בנין עם ישראל האָט אַ יסוד, וואָס דאָס איז דער פונ־דאַמענט אויף וואָס דער גאַנצער אידישער בנין האַלט זיך. דער יסוד איז דער חינוך, די תינוקות של בית רבן.

* * *

מורנו הבעל שם טוב ווערט דער נשיא פון דער מחנה צדיקים הנסתרים, און האָבנדיק אין משך פון יאָרן אויפגעשטעלט אין הונדערטער קהילות חדרים און ישיבות, האָבנדיק

אויפגעשטעלט דעם חינוך־אַפּאַראַט דורך מלמדים פון דער מחנה צדיקים נסתרים, גיט אַרויס מורנו הבעל שם טוב אַ דרך אין עבודה און אַהבת ישראל, און אַז די מחנה צדיקים נסתרים זאָלן נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו הויבן די פּשוט'ע פּאָלקס־מענטשן פון דעם עם־האַרצות־זומפּ און ברענגען זיי צום תורה־טיש.

מורנו הבעל שם טוב איז דער גייסטיקער יורש פון דעם אַלעמען־באַוואוסטן עין טוב און אוהב ישראל, דער רמב"ן[24] — ר' משה בן נחמן — וואָס געפינט אַ טרייסט־וואָרט צו די ליידנדע אידן אין זיין צייט, ווען עס האָט געבושעוועט די גזירת השמד, און האָט אויסגעשטרעקט אַ טרייסט־האַנט צו די אַנוסים, און האָט זיי צוריק געבראַכט אין אידישן לאַגער.

מורנו הבעל שם טוב זעט אין יעדער אידישער תנועה אַ תפלה צום בורא עולם, אין יעדער אידישן קרעכץ זעט מורנו הבעל שם טוב אַ תשובה־קער צום רבונו של עולם.

* * *

אין איינעם פון זיינע בריוו, פון ג' דברים תצ"ג[25]), דער־ציילט דער בעל שם טוב:

ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר בין איך געוואָרן אַ מלמד פאַר קליינע קינדער. אין יענער שטאָט האָט אויך גע־וואוינט מיין שוואָגער רבי גרשון קיטעווער, און אין זיין הויז האָט זיך געהאָדעוועט אַ יתום, וועמען ער האָט מיר איבער־געגעבן איך זאָל מיט אים לערנען חומש, און דורך דעם איז טאַקע געוואָרן דאָס וואָס איך בין געוואָרן זיין שוואָגער, ווייל איך האָב חתונה געהאַט מיט זיין שוועסטער.

איך האָב דעמאָלט גאָרניט געוואוסט — דערציילט דער בעל שם טוב אין זיין בריוו — אַז אין זכות פון מיינע הייליקע

אָבות האָב איך אַ הויכע נשמה. איינמאָל אין אַ פרייטיק, ערב שבת קודש פרשת וישב, איינס אַזייגער נאָך מיטאָג, איז אויף מיר געפאַלן אַ טיפער שלאָף, און אין מיין חלום האָט מיר אַן אַלטער איד געזאָגט:

— צי ווייסטו ווער איך בין:

— ניין — האָב איך געענטפערט.

זאָגט ער מיר: — זיי וויסן אַז איך בין אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון הימל מיט דיר צו לערנען. יעדן טאָג זאָלסטו זיין צווישן די הויכע בערג אַרום שטאָט, און איך וועל קומען לערנען מיט דיר און אויסזאָגן דיר ווי אַזוי זיך צו פירן. אָבער זאָלסט דאָס קיינעם ניט אויסזאָגן, אויך ניט דיין ווייב, וואָרום דאָס טאָר ניט אויסגעזאָגט ווערן איידער איך וועל דיר געבן רשות דערצו.

ווען איך האָב אים געפרעגט וועגן זיין נאָמען, האָט ער געזאָגט אַז מיט דער צייט וועל איך זיך דערוויסן.

דער זקן איז פאַרשוואונדן און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. איך האָב באַ מיר געטראַכט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ חלום, און מען דאַרף דערויף ניט לייגן קיין אַכט. איך בין זיך געגאַנגען טובל זיין לכבוד שבת קודש, און ווען איך האָב נאָר־וואָס איינגעטונקען די קאָפּ אין וואַסער, האָב איך געזען דעם זקן מיט אָפענע אויגן — איך פלעג זיך פירן צו עפענען די אויגן אין וואַסער — און עס איז מיר באַפאַלן אַ גרויסער פחד. איך האָב דערפילט אַז איך בין געוואָרן אַן אַנדער מענטש און אַז אַ רוח פון קדושה שוועבט איבער מיר.

בעת קבלת שבת — שרייבט וויטער דער בעל שם טוב — האָב איך געזען די קלויז־אידן קוקן אויף מיר, און איך האָב ניט געוואוסט פאַרוואָס. פרייטיק צו־נאַכט איז דער זקן ווידער

געקומען צו מיר אין חלום און געזאָגט: מיין ניט אַז דאָס איז בלויז אַ חלום. ניין, טייערינקער, דאָס זיינען געווען אמתע רייד, און אָט האָסטו אַ ראַי׳, אַז זונטיק וועסטו אַרויסגיין אויסער דער שטאָט און וועסט מיר טרעפן צווישן דעם צווייטן און דריטן באַרג, און, למען השם, איידער דו וועסט דאָרט אַהין גיין, זאָלסטו זיך פיר מאָל טובל זיין אין מקוה — און ער איז פאַרשוואונדן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָב איך געגומען פאַרשטיין, אַז דאָס איז ניט קיין פשוט׳ע זאַך, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ חלום נאָר אַ הימל־זאַך, און אַז דאָס אַלץ איז אין דעם זכות פון מיינע הייליקע עלטערן ז״ל, וועלכע האָבן אַזוי פיל געבעטן און געוויינט פאַר דעם כסא הכבוד, אַז מען זאָל אויף מיר רחמנות האָבן פון הימל און אַז איך זאָל זוכה זיין צוצוקומען צו אַ הויכער מדרגה. אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען. שבת אין דער פרי ביים דאַווענען האָט מען מיך אויפגערופן צו „מפטיר״, און דאָס איז בײַ מיר געווען אַ וואונדער, ווייל איך האָב קיינמאָל ניט זוכה געווען מען זאָל מיר מכבד זיין מיט „מפטיר״.

שבת צו שלוש־סעודות האָט מיר גערופן מיין שוואָגער ר׳ גרשון קיטעווער און האָט מיר געזאָגט: ישראל׳יק, איך זע אַ גרויסע פאַרענדערונג אויף דיין פנים. ביזטו אפשר ניט־געזונט, צי וואָס? איך האָב גאָרניט געענטפערט, אַזוי ווי דער זקן האָט מיר אָנגעזאָגט.

מוצאי שבת בײַ מיר אין שטוב נאָך הבדלה, ווען איך האָב געזאָגט „אליהו הנביא״, האָט מיר מיין בעל־הבית׳טע געפרעגט: פאַרוואָס ביזטו אַזוי בלאַס? און, פאַרשטייט זיך, אַז אויך איר האָב איך גאָרניט געענטפערט.

זונטיק פרשת מקץ — שרייבט דער בעל שם טוב ווייטער

אין זיין בריוו — איז געפאַלן אַ גרויסער שניי, אָבער איך האָב ניט געקוקט דערויף און האָב זיך געטאָן מיינס. עלף אַזייגער פאַרמיטאָג בין איך זיך געגאַנגען טובל זיין אין מקוה און האָב זיך געלאָזט גיין אויסער דער שטאָט, צום באַשטימטן אָרט, צווישן דעם צווייטן און דריטן באַרג. און אָט שטייט פאַר מיר דער אַלטער איד און הייסט מיר נאָכגיין נאָך אים. איך בין אים נאָכגעגאַנגען ביז מיר זיינען אַריין אין אַ הייל אין פעלז. די הייל איז געווען פול מיט ליכטיקייט און עס איז דאָרט געשטאַנען אַ טיש מיט צוויי בענקלעך. דער אַלטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די בענקלעך און האָט מיר געהייסן זיך זעצן אויף דעם צווייטן. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין בוזעם אַ ספר וועלכן איך האָב צום ערשטן מאָל געזען. און ווען איך האָב גענומען לערנען דערין האָב איך דערפילט, גלייך ווי עס וואָלט אין מיר אַריין אַ נשמה יתירה. מיר איז ממש ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, און עס זיינען פאַר מיר קלאָר געוואָרן די וועגן פון הימל און די שערי בינה (די טויערן פון פאַרשטאַנד) האָבן זיך פאַר מיר געעפנט.

מיט צוויי שעה שפּעטער זאָגט מיר דער זקן: מיין קינד, פאַר היינט איז גענוג, און מיט דעם אויבערשטנ׳ס הילף וועלן מיר מאָרגן פאָרזעצן. זיי אָבער פאָרזיכטיק, זאָלסט קיינעם ניט אויסזאָגן. איך האָב אים געפרעגט זיין נאָמען, אָבער ער האָט מיר געזאָגט אַז די צייט אויף דערויף איז נאָך ניט געקומען. ער האָט מיר אָנגענומען באַ דער רעכטער האַנט, און מיר זיינען אַרויס פון הייל. דער אַלטער האָט מיר באַגלייט ביז צו די טויערן פון שטאָט, ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הייליקע הענט אויף מיין קאָפּ און האָט מיך געבענטשט.

אזוי איז געווען טאָג־טעגלעך במשך פון אַ גאַנצן יאָר, אָבער

איך האָב אַלץ ניט געוואוסט מיין רבינ׳ס נאָמען. איינמאָל, אין מיטן זומער, איידער מיר האָבן זיך געזעגנט ביי די טויערן פון שטאָט, האָט ער מיר אַנטפּלעקט זיין הייליקן נאָמען, און פון גרויס מורא און פחד וואָס איז מיר באַפאַלן וואָס איך האָב זוכה געווען צו לערנען תורה באַ אַזאַ הייליקן און גרויסן רבי׳ן — בין איך אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד אַ פאַר׳חלש׳טער. מיט דעם אויבערשטנ׳ס הילף בין איך צוריקגעקומען צו מיין געזונט און מיין רבי האָט מיר געזאָגט איך זאָל איבערבייטן מיין וואוין־שטאָט אויף אַ דאָרף. מיט דער הילף פון מיין הייליקן שוואָגער ר׳ גרשון האָב איך געביטן מיין וואוין־אָרט און האָב זיך אַריינ־געקליבן אין אַ דאָרף לעבן קיטעוו. איך האָב זיך געעפנט אַ שענק, און פון שבת ביז שבת געפין איך זיך בהתבודדות צווישן די בערג, און יעדן ערב שבת גיי איך אַהיים אויף שבת. יעדן טאָג, אין דער וואָכן, בין איך מקבל פנים מיין הייליקן רבי׳ן וועלכער איז מיר מגלה רזין דרזין (די טיפסטע סודות), וואָס ב״ה — קיין זאַך איז פאַר אים ניט פאַרבאָרגן. עס איז אָבער שוין אַרום אַ חודש צייט ווי מיין רבי האָט מיר געזאָגט: ווייסטו, ישראל, אַז עס איז שוין געקומען דיין צייט נתגלה צו ווערן, ווייל אַזוי איז פאַרשריבן און פאַרזיגלט אין הימל, אַז ווען דו וועסט אַלט ווערן זעקס און דרייסיק יאָר — זאָלסטו נתגלה ווערן.

ווי עס ווייזט אויס — שרייבט דער בעל שם טוב ווייטער אין זיין בריוו — וועל איך מוזן נתגלה ווערן אין יאָר תצ״ד און איך האָב גרויס צער דערפון. מיט וואָס בין איך ערגער פון מיינע חברים וועלכע זיינען עלטער פון מיר? און נאָך מער — ווייל איך ווייס, אַז אַ גרויסע טומלעניש און שטאַרקע מחלוקת׳ן וועלן דורך דעם אויסברעכן און איך וועל האָבן אַ

סך מתנגדים וועלכע וועלן מיר וועלן איינשלינגען לעבעדיקערהייט. און כאָטש איך פאַרלאָז זיך און האָב בטחון אין דעם אויבערשטנ׳ס חסדים, וואָס ער האָט מיר קיינמאָל ניט פאַרלאָזן ביז היינט און וועט מיר ווייטער ניט פאַרלאָזן, אָבער נאָך וואָס דאַרף איך דעם גאַנצן טומל? עס איז מיר דאָך איצט זייער גוט. איך לערן באַהאַלטענערהייט און בין זוכה מקבל פנים צו זיין מיין הייליקן רבי׳ן אַלע טאָג, און איך בין ווייט פון די פּוסטקייטן פון דער נידעריקער וועלט — און איצט זאָל אויף מיר קומען אַזאַ שרעקלעכע צייט?

* * *

ר׳ אדם בעל שם שרייבט *[25]) וועגן דעם בעל שם טוב׳ס התגלות:

איינמאָל אין אַ שבת האָט זיך צו מיר באַוויזן מיין הייליקער רבי (מיינענדיק אחי׳ השילוני) און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז מוצאי שבת, גלייך נאָך הבדלה, זאָל איך זיין גרייט צו פאָרן מיט אים קיין לעמבערג (לוואָוו). ער איז טאַקע געקומען צו מיר אין שטוב גלייך נאָך הבדלה און מיר געזאָגט אַז דער וואָגן שטייט גרייט. ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל פאָרן דווקא אין די שבת׳דיקע מלבושים — אָט ווי איך גיי אָנגעטאָן. איך האָב אויף זיך גלייך אָנגעטאָן דעם אויבערשטן „טיזליק״, און מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן. מיין הייליקער רבי איז געזעסן צו מיין רעכטער זייט און האָט מיט מיר גאָרניט גערעדט — ניט מער ווי געזאָגט דעם בעל־עגלה ער זאָל פאָרן.

ביז לעמבערג זיינען געווען אַרום זיבעציק וויאָרסט [26]), און גלייך ווי מיר האָבן אָנגעהויבן פאָרן האָט מיר מיין הייליקער רבי געזאָגט אַז איך זאָל זינגען דעם פּזמון „אליהו הנביא״. איך

האָב קוים באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם פּזמון און מיר זיינען שוין אָנגעקומען קיין לעמבערג, און איך האָב זיך שטאַרק געוואונדערט, ווייל דאָס איז בא מיר געווען צום ערשטן מאָל וואָס איך האָב באַשיינפּערלעך געזען קפיצת הדרך (דורכמאַכן אַ וועג אין אַ ווּאונדערלעך־שנעלער צייט). זאָגט מיר מיין הייליקער רבי: מיין קינד, וואָס איז דער וואונדער? — ווייסטו דען ווער דער בעל־עגלה איז? ווען דו וואָלסט ויסן ווער ער איז, וואָלסטו געזעסן אין וואָגן מיט אימה ופחד אַזוי ווי איך.

דערנאָך האָט מיר מיין הייליקער רבי געגעבן רשות צו טרינקען אַ גלאָז וואַרעמס און איך האָב געטרונקען, און מיין הייליקער רבי האָט אַרומגעשפּאַנט אין צימער פון מזרח צו מערב — הין און צוריק אָן ערך צוויי שעה צייט, און האָט מיר מיר גאָרניט גערעדט, נאָר זיין הייליקער פנים האָט געפלאַמט ווי פייער ממש. איך בין געשטאַנען אויף מיין אָרט ווי פאַרשטיינערט, ניט אָפּגערוקט זיך לינקס אָדער רעכטס, און פלוצים האָט זיך געעפנט די טיר, און גאָר אַ הויכער אַלטער מאַן איז אַריינגעקומען. מיין הייליקער רבי איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען און אים אָנגענומען ביים האַנט און געזאָגט בזה הלשון: ברוך הבא רבי אליעזר. וואָס איר האָט זוכה געווען צו אַ זון וועלכער איז איינער אין אַ דור, אויף דער נידעריקער וועלט און אין אַלע עולמות. זיצט, רבי אליעזר. און רבי אליעזר האָט אים געענטפערט: הייליקער רבי, איר ווייסט אַז איך בין שוין ניט פון דעם עולם — און דאָרט (אויף יענעם עולם) איז דאָך ניטאָ קיין זיצן אָדער שטיין. האָט אים מיין הייליקער רבי געענטפערט בזה הלשון: די מלאכים, ווען זיי זיינען אַראָפּ אויף דער וועלט און זיינען געווען ביי אברהם אבינו ע״ה, האָבן דאָך אויך געגעסן, וואָרום מען זאָל קיינמאָל ניט ענדערן דעם מנהג פון דעם אָרט וואו מען

געפינט זיך. האָט זיך ר׳ אליעזר אַוועקגעזעצט. מיין הייליקער רבי האָט אים געפרעגט: וואָס איז אייער בקשה? האָט ער גע־ענטפערט: מיין געבעט און מיין בקשה איז, אַזוי ווי עס איז שוין אַ לאַנגע צייט וואָס מיין זון, דער נסתר ישראל׳יק, לאָזט מיר ניט קיין רו, כמעט אַלע טאָג זאָגט ער מיר, אַז זיין הייליקער רבי האָט אים געהייסן נתגלה ווערן, און האָט אַפילו שוין באַ־שטימט אַ צייט דערויף, און ער, ישראל׳יק, וויל שטאַרק ניט. דעריבער בעט ער מיר, איך זאָל פאַר אים בעטן ביי אייך.

האָט אים מיין הייליקער רבי געענטפערט: אויב אייער זון וועט אייך נאָכאַמאָל בעטן, זאָלט איר אים זאָגן אין מיין נאָמען, אַז ער מוז נתגלה ווערן, ווייל אַזוי האָט מען אָפּגעפּסק׳נט אין בית־דין של מעלה, און אויב ער וועט ניט נתגלה ווערן, האָט ער, חס ושלום, ניט מער וואָס צו טאָן אויף דעם עולם. וואָרום דער גאַנצער תכלית וואָס זיין נשמה איז אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט, איז צוליב דעם אַז ער זאָל נתגלה ווערן און זיינע קוואַלן זאָלן זיך צעשפּרייטן אין דרויסן. — ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מיר און געזאָגט: ער, אדם, ווייסט די גאַנצע מעשה צוליב וואָס ער איז אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט און מיט דער צייט וועל איך געבן רשות צו מיין תלמיד אדם, אַז ער זאָל אים אויסזאָגן די גאַנצע מעשה פון אָנהויב ביזן סוף. דעמאָלט וועט ער פאַרשטיין, אַז געדעכט בין איך און מיין תלמיד מרדכי הצדיק, און זאָגט אייער זון אין מיין נאָמען, אַז ביז ער וועט נתגלה ווערן וועט ער מיין פּנים מער ניט זען.

רבי אליזער ז״ל איז פאַרשוואונדן, און איך בין געבליבן שטיין געפּלעפּט און פאַרוואונדערט איבער דעם אַלעם וואָס מיינע אויגן האָבן דאָ געזען — וואונדערלעכע מעשים. דערנאָך האָט מיר מיין הייליקער רבי געזאָגט, אַז איך זאָל פּראַווען סעודת מלוה־

מלכה, און ער וועט מיר אָפּשיקן אַהיים. ער אַליין וועט פאַר־בלייבן אין לעמבערג, ווייל ער האָט דאָרט וואָס צו טאָן. האָב איך געענטפערט מיין הייליקן רבי׳ן, אַז איך האָב מורא צו פאָרן איינער אַליין באַנאַכט. האָט ער מיר געענטפערט, אַז איך זאָל פאַר קיינעם קיין מורא ניט האָבן נאָר פאַר דעם אויבערשטן — לרבות תלמידי־חכמים — און תיכף נאָך מלוה־מלכה האָט מיר מיין הייליקער רבי אָנגענומען ביי די הענט, איז אַרויס מיט מיר אין גאַס, און דער וואָגן, מיט וועלכן מיר זיינען געקומען און אויך דער בעל־עגלה, זיינען געשטאַנען גרייט. מיין הייליקער רבי האָט מיך געבענטשט מיט דער ברכת־כהנים, און איך האָב זיך געזעצט אין וואָגן. ער האָט געמאַכט לויפן די פערד, ניט רעדנדיק מיט מיר קיין וואָרט, און אויך איך בין געזעסן שטיל. אין פאַרלויף פון צוואַנציק מינוט בין איך געווען ביי מיר אין שטאָט — איינס אַזייגער נאָך האַלבע נאַכט, די נאַכט פון מוצאי שבת קודש.

מאָנטיק האָט זיך מיין הייליקער רבי צו מיר ווידער באַוויזן און מיר געזאָגט, אַז עס פאַרדריסט אים, טאָמער וועט דער הייליקער נסתר ישראל נ״י חס ושלום ניט וועלן נתגלה ווערן, מיין הייליקער רבי האָט אים שוין געמאָלדן דורך זיין פאָ־טער ז״ל, אַז ער וועט אים ניט זען ביז נאָכדעם ווי ער וועט נתגלה ווערן, און דעריבער האָט מיר מיין הייליקער רבי באַפוילן אַז אין מיר ווענדט עס זיך, אַז איך זאָל מודיע זיין דעם הייליקן נסתר ר׳ ישראל. איך אָבער ווייס ניט וואו ער געפינט זיך און וואו זיין וואוין־אָרט איז, און מיין הייליקער רבי איז פאַרשוואונדן פון מיר. דעריבער האָב איך אָפּגעמאַכט ביי מיר אין האַרצן צו פאָרן קיין ריישע, וואָס דאָרט געפינט זיך איצט מיין גוטער

פריינט, דער הייליקער ר׳ מרדכי הצדיק נ״י, און ער ווייסט זיכער דעם אָרט פון דעם הייליקן, אויבן־דערמאָנטן ר׳ ישראל. איך בין געפאָרן קיין ריישע, און גראָד האָט געטראָפן על פי סיבה פון הימל, אַז ער האָט זיך אַריבערגעקליבן פון זיין אָרט קיין דייטש־לאַנד, און איך האָב אויך ניט געוואוסט וואו עס געפינט זיך דער הייליקער ר׳ מרדכי הצדיק.

הקיצור, וואָס נאָר איך האָב באַשטימט צו טאָן אויף געוואויר צו ווערן וואו עס געפינט זיך דער הייליקער ר׳ ישראל — איז געווען אומזיסט. איך האָב איינגעזען, אַז דאָס איז אַ ג־ט־זאַך, לויט די פאַרבאָרגענע און באַהאַלטענע וועגן פון דער השגחה, וועלכע זיינען באַקאַנט בלויז צו אים ית׳. איך האָב געוואַרט און געהאָפט אַז מיין הייליקער רבי זאָל זיך צו מיר באַווייזן — אָבער עס איז געווען אומזיסט. חדשים זיינען אַריבער און איך האָב אים ניט געזען. איך האָב אָנגעהויבן פאָרן פון אָרט צו אָרט און פון דאָרף צו דאָרף, זוכנדיק דעם הייליקן ר׳ ישראל, דעם נסתר. געזוכט און ניט געפונען. ביז וואַנען איך האָב באַשלאָסן ביי זיך די זאַך אָפּצולאָזן. ווייל פאַר דעם אויבערשטן איז דאָך באַקאַנט, אַז מיט אַלע מיינע רמ״ח איברים און שס״ה גידים האָב איך זיך פאַרנומען, ממש מיט גרויס מסירות־נפש, אויסצופירן דעם אָנזאָג פון מיין הייליקן רבי׳ן, אָבער איך זען באַשיינפּערלעך, אַז עס איז פון הימל אַז איך זאָל זיך מיט אים ניט זען — און וואָס נאָך קען איך טאָן?

איך האָב ביי זיך באַשלאָסן, צוריקצוקומען צו מיר אַהיים, און וואָס עס וועט זיין — זאָל זיין צום גוטן, ווייל איך האָב דערזען אַז דעם אויבערשטנס האַנט איז דערין, פון אים קומט דאָך ניט קיין שלעכט, נאָר גוטס. און אָט, ביי נאַכט אין שלאָף אויף דער סטאַנציע, האָב איך געזען מיין רבי׳ן אין חלום און ער האָט

מיר געזאָגט: איך זע, אדם, אַז פון הימל האַלט מען אָפּ, איר זאָלט זיך ניט קענען ביידע באַגעגענען. דער טעם איז באַוואוסט בלויז צום אין סוף ב"ה, וואָס קיין מחשבה קען אים ניט באַנעמען און ער איז די אורזאַך פון אַלע אורזאַכן און די סבה פון אַלע סבות. דעריבער איז מיין עצה, אַז דו זאָלסט די אַלע זאַכן אָנ־שרייבן בכתב, און די כתבים זאָלסטו אַוועקגעבן דיין זון, און ער וועט שוין געפינען אַ וועג ווי אַזוי די כתבים איבערצוגעבן. מיין הייליקער רבי האָט נאָכאַמאָל איבערגע'חזר'ט זיינע רייד און איז פאַרשוואונדן פון מיר און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. איך בין באַלד אַוועקגעפאָרן, ביז דער אויבערשטער האָט מיר בשלום געבראַכט צוריק אַהיים. איך האָב ב"ה געפונען מיין גאַנץ הויזגעזינד געזונטערהייט. איך האָב זיך גלייך גענומען צום שרייבן, און אין פאַרלויף פון אַ וואָך איז אַלץ געווען גרייט און איך האָב עס איבערגעגעבן צו מיין זון יחי', אַז ער זאָל אָנהויבן איך זוכן. מיין זון איז אַרויסגעפאָרן און אין צוויי חדשים אַרום איז ער צוריקגעקומען און האָט איך ניט געהאַט געפונען. ביי מיר איז געבליבן, איך זאָל די זאַך אָפּלאָזן צוליב עטלעכע טעמים — און וואָס עס וועט זיין, וועט זיין. עס איז דאָך ניט ח"ו מיין שולד, ווייל איך האָב דאָך געטאָן וואָס איך האָב געקענט — און אָט האָט זיך צו מיר באַוויזן מיין הייליקער רבי און מיר געזאָגט, אַז ער קען מיר בשום אופן ניט אויסזאָגן וואו איר געפינט זיך, נאָר אַזוי פיל, אַז איר זענט זיך מתבודד אַלע טאָג אין די בערג אין דער געגנט פון קיטוב. דעריבער איז זיין עצה, אַז איך זאָל נאָך אַמאָל שיקן אַלע כתבים דורך מיין זון יחי', און מיין זון יחי', וועט זיי פאַרבאַהאַלטן אונטער אַ שטיין אין די בערג אַרום קיטעוו, און דעמאָלט, וועלן זיי, מיטן אויבערשטנ'ס הילף, געוויס קומען צו אייך אין האַנט. איך האָב געגלויבט באמונה שלמה

אַז דאָס וועט מיר אי״ה געלינגען און איך וועל אויספירן מיין הייליקן רבי׳נס באַפעל.

איך האָב מיין זון אָוועקגעגעבן אַלע כתבים וכו׳ און איך שיק זיי איצט אַוועק אַז ער זאָל זיי באַהאַלטן אונטער אַ שטיין דאָרט צווישן די בערג, און מיין תפילה צום אויבערשטן איז, אַז איר זאָלט זיי דאָרט באַקומען און זאָלט מקיים זיין אַלץ וואָס דאָרט שטייט, לויט דעם באַפעל פון מיין רבי׳ן, און זאָלט נתגלה ווערן און מטהר זיין דורך דעם גייסט פון אייערע רייד די גאַנצע וועלט, און דאַן וועט זיין *[26]) ומלאה האָרץ דעה את ה׳ (און די וועלט וועט פול ווערן מיט וויסן ג־ט), און דורך דעם וועט דערגענטערט ווערן די גאולה במהרה בימינו אמן כן יהי רצון (אין גיכן אין אונזערע טעג אמן, אַזוי זאָל זיין דער ווילן פון אויבערשטן). און איך, דער קליינער — פון מיין זייט — כאָטש איך קען דאָך אייך ניט — בעט איך אייך אַז איר זאָלט ח״ו ניט אָפּזאָגן, ווייל דאָס איז דאָך דעם אויבערשטנס רצון, און בפרט ווייל לויט דער קבלה פון אונזער הייליקן רבי׳ן זיינען דערפון אָפּהענגיק דער תיקון פון אידן און דער תיקון פון דער וועלט.

עס שטעלן זיך מיר קאַפּויער די האָר פון קאָפּ — שרייבט דער בעל שם טוב צו זיין שוואָגער ר׳ גרשון קיטעווער — וואָרום איך בין גאָר און גאָרניט צופרידן נתגלה צו ווערן און אויף זיך צו נעמען אַזאַ שווערע זאַך, וואָרום ווער בין איך, עס זיינען דאָך אָן ספק פאַראַן גרעסערע און בעסערע פון מיר. אָבער, מיין טייערער, ליבער שוואָגער, וואָס קען איך טאָן, אויב די זאַך קומט פון דעם אויבערשטן, און בפרט אַז מיין הייליקער רבי איז מסכים דערצו און האָט אַרויסגערעדט זיינע הייליקע רייד, אַז ער וועט זיך מיט מיר ניט זען ביז וואַנען איך וועל ניט פאָלגן

דעם אויבערשטנס אָנזאָג, וועלכער רעדט דורך זיין מויל. דערי־בער איז ביי מיר געבליבן איך זאָל נתגלה ווערן, אָבער אויף אַזאַ אופן אַז איר זאָלט זיין צוזאַמען מיט מיר יענעם טאָג, אַנדערש קען בשום אופן ניט זיין. איך וואַרט אויף אייער גיכן ענטפער, וועלכן טאָג און וועלכן אָרט, וואָרום ניט אַלע צייטן און ערטער זיינען גלייך לטובה. איך ווייס קלאָר, אַז איך וועל האָבן קעגנערס און מקטרגים קעגן דער התגלות, אָבער איך האָב בטחון אין דעם אויבערשטן.

זעקס יאָר צייט האָט דער בעל שם טוב זיך אַנטזאָגט נתגלה צו ווערן, און דעריבער האָט מען אים געמינערט זעקס יאָר פון זיין לעבן [27]).

* * *

אין זיין בריוו [27*]) צו זיין תלמיד רבי יעקב יוסף הכהן (מחבר פון „תולדות יעקב יוסף") שרייבט דער בעל שם טוב:

„אין דעם טאָג וואָס איך בין אַלט געוואָרן זעקס און צוואַנ־ציק יאָר, אין יאָר תפ"ד, דעם אַכצנטן טאָג אין אלול, אין דער שטאָט אָקופּ, האַלבע נאַכט, האָט זיך מיר באַוויזן מיין רבי (אחי' השילוני). דער ערשטער לימוד איז געווען פּרשה בראשית, און ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די תורה הקדושה ביז לעיני כל ישראל — בין איך אַלט געוואָרן זעקס און דרייסיק יאָר — און האָב זיך אַנטפּלעקט".

* * *

אין אַ צווייטן אָרט דערציילט כ"ק אדמו"ר (מהוריי"צ) נ"ע:

מורנו הבעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר תנ"ח און דער סימן דערויף איז נח"ת (ווי אויבן דערקלערט). צו דריי יאָר האָט ער דערקענט דעם באַשעפער, און דריי און דרייסיק יאָר איז ער געווען אַ באַהאַלטענער — און דער סימן דערויף

איז „ג״ל (33) עד״. צו זעקס און דרייסיק איז ער נתגלה געוואָרן. זעקס און צוואַנציק יאָר האָט ער אָנגעפירט די חבריא קדישא.

אין זיינע באַהאַלטענע יאָרן פלעגט ער גיין אָנגעטאָן דאָרפישע קליידער און פלעגט זיך געפינען אין געזעלשאַפט פון דאָרפישע אידן, און פלעגט זיי שטאַרקן אין ענינים פון אמונה פשוטה און זיי איינגעוואוינען זיך ניט אָפּצולערנען פון די דאָרפישע פויערים, און זיי איינגעוואוינען נזהר צו זיין פון לשון הרע, רכילות און שילט־רייד.

ער פלעגט טיילן ניס און עפּל צו קליינע קינדער און זיי אויסלערנען צו מאַכן אַ ברכה אויף דעם, און ער פלעגט ענטפערן אָמן אויף זייערע ברכות מיט גרויס דבקות.

אין די יאָרן ווען דער בעל שם טוב איז געווען באַהאַלטן, פלעגט ער אַרויפלייגן זיין האַנט אויף די קינדער׳ס הערצעלעך און פלעגט זיין בענטשן: זאָלסט זיין אַ וואַרעמער איד.

דער מעזריטשער מגיד האָט געזאָגט, אַז דעם בעל שם טוב׳ס נשיאות איז געווען זעקס און צוואַנציק יאָר ווי די צאָל פון שם הוי׳ און ווי די צאָל פון צוויי מאָל „אחד״ [28]).

* * *

וועגן דער התבודדות און אַנטפּלעקונג פון דעם בעל שם טוב דערציילט דער רבי כ״ק אדמו״ר (מהוריי״צ) נ״ע [29]):

ווי הויך די עבודה פון התבודדות זאָל ניט זיין, האָט דאָס אָבער אַ גרויסן חסרון וועלכער שטייגט אַריבער אַלע מעלות טובות פון התבודדות. דער חסרון איז וואָס מען ווערט אָפּגעזונדערט און אָפּגעריסן פון דער וועלט.

דורך התבודדות קומט מען טאַקע צו צו די העכסטע מדרגות פון השכלה, מען פאַרקלייבט זיך אין אַ וועלט שכולו טוב, הימל און ערד, בערג און טייכן, ביימער און גראָז, בעלי־כנף למיניהם,

אַלע ברואי יוצר בראשית וואָס יעדער פון זיי שרייט אויס דעם מה רבו מעשיך ה׳ אויף זיין שטייגער, ביז מען קומט צו צום פאַרשטאַנד פון מה גדלו מעשיך און מען הויבט אָן שטרעבן צו העכער, מען קומט צו צו אַ מדרגה פון כלות הנפש.

אמת, דער ריכטיקער מתבודד שטייגט דורך התבודדות אין די העכסטע מדרגות פון השכלה, די רעיונות שוועבן אומגע־שטערט אין די העכסטע עולמות. ער מיט זיינע כחות וחושים, מיט זיין גאַנצן וועזן, זיין גאַנצער איך איז איבערגעגעבן צום אַלעם העכסטן ביז ער ווערט אינגאַנצן אַריינגעצויגן אין דער הויכקייט און הייליקייט אין וועלכער ער דענקט און טראַכט. דאָס אַלץ איז אָבער כלל ניט דאָס וואָס די כוונה העליונה איז אין אַראָפּקומען פון דער נשמה אין גוף און אין באַשאַפן די וועלט בכלל.

אין התבודדות איז די נשמה געווען זייענדיק אין אוצר הנשמות און האָט געזען שענערע זעאונגען ווי די וועלכע מען זעט אויף דער וועלט. דאָ זעט מען בעלי־גוף און דאָרט זעט מען ג־טלעכקייט. איז ווען די נשמה איז געווען אין אוצר הנשמות און מען האָט זי פון דאָרט אַראָפּגעשיקט אויף דעם עולם, איז דאָך דאָס צוליב אַ געוויסער כוונה, וואָס די כוונה קען זיך אין דעם אופן פון התבודדות ניט אויספירן.

מורנו הבעל שם טוב איז געווען אַ סך יאָרן אַ מתבודד. ער איז געווען אין עולם שכולו טוב, כולו אור. געלערנט מיט אַחי׳ השילוני, געזען זאַכן מסוף העולם ועד סופו, געהערט שיחת בעלי־חיים ודקלים, געגאַנגען אין הויכע עולמות און האָט זייער ניט געוואָלט אַרויסגיין פון דער התבודדות וועלט.

פון די כתבים וואָס ר׳ אדם בעל שם שרייבט למורנו הבעל שם טוב אין וועלכע ער איז מכריח (צווינגט) את מורנו הבעש״ט

צו מגלה זיין זיך, זיינען פאַרשטענדלעך צוויי זאַכן, די גוטס־קייט און גרויסקייט פון התבודדות — אָפּגעזונדערטקייט פון דער וועלט, — און די הויכקייט און די נויטיקייט פון התגלות — זיין אין וועלט.

מיר אַלע וועלכע לעבן אין זיבעטן דור פון דורו של מורנו הבעל שם טוב נ"ע, זעען במוחש דעם אונטערשייד צווישן התבודדות און התגלות.

וויפיל צדיקים נסתרים און בעלי־שם זיינען געווען ביז מורנו הבעל שם טוב! ר' יואל בעל־שם, ר' אדם בעל־שם, ר' מרדכי הנסתר, ר' קהת הנסתר, יעדער פון זיי האָט אַ סך אויפ־געטאָן בדורו, סיי ישועות ורפואות פרטיות און סיי ישועות והצלחות כלליות.

אויך דער בעל שם טוב איידער ער איז נתגלה געוואָרן האָט אויפגעטאָן שטילערהייט גרויסע זאַכן, אָבער דאָס אַלץ איז גילוים פון אַ מתבודד, ניט קיין גילויים פון התגלות. נאָר ווען מורנו הבעל שם טוב איז נתגלה געוואָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדר פון גילוי אור, מיט עבודה פון סדר והנהגה.

אין די רשימות פון שנת תרס"ג איז באַ מיר דאָ אַ רשימת דברים וואָס דער טאַטע האָט גערעדט שבת־חזון (יענעם יאָר איז אויסגעקומען ערב תשעה באָב) [30] באַ דער סעודה המפסקת, פאַר מיר און ר' יצחק גרשון מלמד, וועגן דעם דור פון בעל שם טוב, אַ ענין אָרוך ונפלא. ווען השי"ת וועט העלפן וועט מען ריידן אין דעם, דאָס איז אַן ענין וועלכער איז קובע ברכה לעצמו, ניט קיין דרך־אַגב ענין, דאָס איז אַ ענין פנימי ועצמי, מיט אַ סך הוראות אין דרכי העבודה.

התבודדות און התגלות זיינען צוויי דרכים אין עבודה, וואָס יעדער פון זיי האָט אַ מעלה מיט אַ חסרון.

מעלת ההתבודדות איז, וואָס דאָס איז אַ בית־יד צום שכל, און חסרונו איז, וואָס דורך דער עבודה פירט זיך ניט דורך די כוונה פון בירור וזיכוך העולם (אויסלייטערונג פון דער וועלט).

מעלת ההתגלות איז וואָס עס איז פאַראַן גילוי אור בעולם, וחסרונו איז, וואָס תחלת הגילוי ברענט און ברעכט וועלט.

הודו לה׳ כי טוב כי לעולם חסדו, האָט דער אויבערשטער ב״ה רחמנות געהאַט על עם קדושו בניו ונחלתו, און האָט מסבב הסיבות געווען אַז מורנו הבעל שם טוב נ״ע זאָל נתגלה ווערן און אַז מיט זיין התגלות און דורך אים זאָל נתגלה ווערן אַ נייער דרך אין עבודה, וואָס דער דרך וועט זיין אַ התכללות פון די ביידע מעלות וואָס אין התבודדות און וואָס אין התגלות.

מורנו הבעל שם טוב האָט זיך ניט געוואָלט מגלה זיין. אין דעם ניט וועלן מגלה זיין זיך זעען מיר אָן צוויי זאַכן, ניט ער האָט געוואָלט געזעגענען זיך מיט דער התבודדות־וועלט, און ניט ער האָט געוואָלט קומען אין דער התגלות־וועלט.

מורנו הבעל שם טוב האָט זיך אַ משך זמן רב געראַנגלט מיט ר׳ אדם בעל־שם און האָט זיך אויסגעמיטן אויף צושטימען צו אַנטפּלעקט ווערן ביז זיין רבי, אחי׳ השילוני, האָט אים געזאָגט, אַז מיט דער התגלות וועט ער ערשט צוקומען צו דער העכסט־וואונדערלעכער מעלה פון התבודדות.

דאָס הייסט, אַז זיין רבי אחי׳ השילוני האָט אים געגעבן אַ צוזאָג, אַז אין זיין התגלות וועלן זיך צונויפקומען ביידע מעלות, אי די מעלה פון התבודדות, אי די מעלה פון התגלות.

מיט דער התגלות פון מורנו הבעל שם טוב האָבן מיר זוכה געווען צום גילוי פון פּנימיות התורה.

דאָס הייסט, אַז דורך לימוד פּנימיות התורה און קיום המצוות איז מען מכשיר דעם עולם, אַז וועלט זאָל זיין אַ כלי צו אלקות,

און דורך פנימיות התורה לימוד החסידות וההתעסקות בחסידות (לערנען חסידות און פאַרנעמען זיך מיט חסידות) איז מען ממשיך ג־טלעכקייט אין וועלט.

* * *

אין דער תחלת ההתגלות (אָנהויב פון זיין אַנטפּלעקונג) פון מורנו הבעש״ט פלעגט ער מאַכן אָפּטע נסיעות (רייזעס) אין פאַר־שידענע ערטער, גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך און אין פאַרשידענע ישובים, דערפער און קרעטשמעס.

דעם בעל שם טוב׳ס נסיעות זיינען געווען צוליב דריי אָנגעלעגנהייטן: א) פדיון שבוים. די ישובניקעס און קרעטשמערס וואָס האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די אַרענדע־געלטער צו די בעלי־אחוזות, און די בעלי־אחוזות פלעגן זיי פאַרהאַלטן. ב) מעורר זיין אידן צו לימוד התורה און אהבת ישראל. ג) מגלה זיין פאַר בני־תורה פנימיות התורה.

דער בעל שם טוב איז געווען כמעט אין אַלע גרויסע ישיבות וואָס זיינען געווען אין זיין צייט. ער פלעגט זיך טרעפן מיט די ראשי־ישיבות און מיט די עלטערע תלמידים און פלעגט זיי מגלה זיין פנימיות התורה. ווי עס איז ידוע, אַז דער בעל שם טוב איז געווען אין בריסק, צוויי מאָל אין סלוצק, פינסק און הלוסק, מינסק און סמאַרגאָן. אין די אַלע ערטער זיינען געווען זייער שטאַרק־באַרימטע ישיבות מיט הונדערטער תלמידים.

די תלמידי הבעל שם טוב, די חבריא קדישא, האָבן געפרעגט באַ דעם בעל שם טוב, פאַרוואָס ער איז געפאָרן צו די ישיבות און ניט געוואַרט ביז די בני־הישיבה וועלן קומען צו אים, האָט דער בעל שם טוב זיי ניט געענטפערט.

אַז די חבריא קדישא, תלמידי הרב המגיד ממעזריטש, האָבן

געפרעגט דעם טעם הדבר, האָט דער מעזריטשער מגיד ניט געענטפערט.

דער ערשטער וואָס האָט מבאר געווען דעם דרך הבעל שם טוב, וואָס ער איז געגאַנגען מגלה זיין פנימיות התורה צו די בני תורה און האָט ניט געוואַרט ביז די בני־תורה וועלן קומען צו אים, איז דער רבי הוד כ״ק אדמו״ר הזקן.

אין גאָר אַ קורצער פראַזע זאָגט דער רבי דעם אונטערשייד פון אַ ראש־ישיבה, וואָס וואַרט ביז די תלמידים קומען צו אים, און אַ רבי פון פנימיות התורה, וואָס ער גייט צו די בני־תורה מגלה זיין פנימיות התורה און וואַרט ניט ביז די בני־תורה וועלן קומען צו אים.

דעם רבי׳נס קורצער פתגם איז:

גליא ציט צו גליא. דערפאַר איז אין גליא שבתורה גייט דער מקבל צו דעם משפיע. פנימיות דאַרף מעורר און מגלה זיין פנימיות. דערפאַר איז אין פנימיות התורה דאַרף דער משפיע גיין צו דעם מקבל מעורר זיין זיינע פנימיות.

דער מיטעלער רבי זאָגט: דער אונטערשייד פון גליא שבתורה און חסידות, וואָס דאָס איז פנימיות התורה — אַז גליא שבתורה איז מים און צו מים גייט מען. פנימיות התורה איז אש און פאַר אש האָט מען מורא. דערפאַר דאַרף דער משפיע גיין צו דעם מקבל און זאָגן: האָב קיין מורא ניט כי ה׳ אלקיך אש אוכלה הוא.

דער זיידע, דער רבי צמח צדק, איז מבאר דעם אונטערשייד פון גליא שבתורה און פנימיות התורה, וואָס גליא שבתורה איז מים און פנימיות התורה איז אש. דער טבע המים איז קאַלט און דער טבע האש איז הייס. גליא שבתורה אָן פנימיות התורה איז קאַלט און עס קען חלילה אָפּקילן. פנימיות התורה איז אש,

וואָס דאָס גיט אַריין דעם ג־טלעכן פּייערל אין גלּיא שבתורה און עס ברענט אויס די אַלע עלילות וואָס גלּיא שבתורה קען, באַ דעם וואָס לא זכה, אָפּקילן [31].

* * *

פון אייביק אָן [32]) האָבן הסתדרות און תעמולה פאַרנומען גאָר אַ וויכטיקן אָרט ביי חסידים. נאָך איידער דער בעל שם טוב איז נתגלה געוואָרן, ווען ער איז נאָך געווען באַהאַלטן, פלעגט ער און זיינע חברים־נסתרים זיין גוט מסודר און זיי פלעגן זיך אויפשטעלן צענטערן אין פאַרשידענע פלעצער, און יעדער איינער פלעגט ווירקן אין זיין צענטער. פון צייט צו צייט פלעגן זיי שיקן געניויע באַריכטן צום הויפּט־צענטער — ביי מורנו הבעל שם טוב נ״ע.

לויט דער מסורה, איז דער עיקר אַרבעט פון דעם בעל שם טוב און זיינע חברים, די צדיקים־נסתרים, באַשטאַנען אין דער־מוטיקן און שטאַרקן דעם גייסט פון אידן, וואָרום נאָך די גזירות ת״ח־ת״ט ר״ל, די יאָרן פון שרעקלעכע גזירות איבער אידן וועלכע האָבן געקאָסט טויזנטער קרבנות, אויסער דעם פאַרלוסט פון זייער האָב און גוטס (ווי דערמאָנט אין אָנהויב פרק א׳), האָבן זיך די אידן קאָנצענטרירט אין גרעסערע שטעטלעך און קיבוצים, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט צו וואוינען אין דערפער. די מערסטע פון זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַרבעט, אידן זיינען זייער פאַראָרעמט געוואָרן, און צוזאַמען מיט דער אָרעמקייט האָט זיך פאַרשטאַרקט די צעבראָכנקייט פון דעם ביטערן גלות.

אין יענער צייט, כאָטש דער גייסטיקער מצב פון אידן איז געווען זייער אַ געהויבענער, פלעגן — אין אויפטראַג פון די „ועדי הארצות״ (רבנ׳ישע לאַנדס־קאָמיטעטן) — אַרומפאָרן מגי־דים און מוסר־זאָגער פון שטאָט צו שטאָט און פון אָרט צו אָרט

אויף צו מוסר׳ן די אידן. דער נוסח פון זייערע דרשות איז געווען מוסר־רייד דורכגעפלאָכטן מיט משלים, און די מערסטע פלעגן אַרויפוואַרפן אַ שרעק אויף די צוהערער, זאָגנדיק זיי אַז צוליב זייערע שלעכטע מעשים ברענגט דער אויבערשטער איבער זיי יסורים, און זיי פלעגן דערמאָנען אין זייערע דרשות דאָס וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן דורכגעמאַכט אין די יאָרן פון די גזירות ר״ל — אַזעלכע רייד וועלכע פלעגן אַרויסרופן אַ געפאַלנקייט ביי אידן.

אין יענער צייט — אומגעפער אין יאָר ת״פ — האָט דער בעל שם טוב, צוזאַמען מיט זיינע חברים די נסתרים, אָנגעהויבן צוצוריידן די אידן פון פּאָדאָליע און די דערבייאיקע געגנטן, אַריבערצוקלייבן זיך פון די שטעט און גרעסערע ישובים אין די דערפער און קלענערע ישובים, און זיך פאַרנעמען דאָרט מיט ערד־אַרבעט אָדער מלאכה, און פרויען זאָלן זיך פאַרנעמען מיט וועבן אָדער האָדעווען בהמות און עופות אָדער פלאַנצן גרינסן וכדומה.

די דאָזיקע אַרבעט פון באַרואיקן די געמיטער ביי אידן, זיי צו דערהויבן פון זייער געפאַלנקייט און אַראָפּנעמען פון זיי דעם פחד און מורא — און דאָס באַווירקן אַז אידן זאָלן זיך באַזעצן אין דערפער און ישובים און פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט אָדער מלאכה — האָבן מורנו הבעל שם טוב און זיינע חברים, די צדיקים־נסתרים, געטאָן מיט אַ וואונדערלעכער אָרדענונג לויט דעם מצב אין יענע יאָרן.

דער אַלטער רבי (רבי שניאור זלמן פון ליאַדי, דער בעל התניא והשולחן ערוך) האָט דערציילט זיין אייניקל דעם „צמח צדק״, אַז זיין זיידע (דער אַלטער רבי פלעגט רופן דעם בעל שם טוב „זיידע״, ווייל ער איז געווען זיין אייניקל אין רוחניות, דאָס

הייסט, זיין תלמיד׳ס אַ תלמיד) מורנו הבעש״ט האָט געזאָגט, אַז דער אָנהויב פון זיין עבודה צוזאַמען מיט זיינע חברים די צדיקים נסתרים איז געווען געזונט צו מאַכן דעם גוף פון אידן און דערנאָך זייער רוח און נפש. דעריבער — אַזוי לאַנג ווי דער בעל שם טוב איז געווען אַ נסתר איז זיין עבודה געווען צו העלפן אידן אין ענינים פון פרנסה, און זיין הויפּט־אַרבעט איז געווען צווישן פּשוט׳ע אידן וועלכע זיינען דער גוף פון אידן, און דערנאָך, ווען ער איז נתגלה געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט תלמידי־חכמים און בני־תורה, וועלכע זיינען דער נפש און רוח פון אידן.

אָט די אַלע יאָרן וואָס דער בעל שם טוב איז געווען אַ נסתר, פלעגט ער אַרבעטן מיט אַ שטאַרקער אָרדענונג — צוזאַמען מיט זיינע דערמאָנטע חברים־נסתרים — פאַר דעם דערמאָנטן ציל. ווען מורנו הבעל שם טוב איז נתגלה געוואָרן, האָט ער געעפנט אָפענע צענטערן און אין יעדן צענטער האָט ער אַוועקגעזעצט איינעם פון זיינע תלמידים — אָדער ער האָט געמאַכט דעם צענטער אין דעם תלמיד׳ס וואוין־אָרט.

אין יאָר ת״ק זעען מיר שוין דעם בעל־שם־טוב אַרומגע־רינגלט מיט גרויסע תלמידים, גאונים אין תורה. צוזאַמען מיט זיינע תלמידים און חברים — די צדיקים־נסתרים — האָבן זיינע אָפענע תלמידים, די וועלט־גאונים, געאַרבעט מיט אַ שטאַרקן סדר, יעדער איינער אויף זיין פּאָזיציע, אויף דעם באַשטימטן אָרט, וועלכער איז אים אָנגעוויזן געוואָרן דורך זיין רבי׳ן דעם בעל־שם־טוב.

די דאָזיקע אָרדענונג און די ג־טלעכע אַרבעט פון אהבת־ישראל און מסירות־נפש׳דיקער תעמולה פון דעם בעל שם טוב און זיינע הייליקע תלמידים האָבן אין פאַרלויף פון פופצן יאָר

געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ניט נאָר וואָס תורת הבעל שם טוב איז צעשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד, נאָר ער האָט אויך דעראָבערט אידישע הערצער ניט נאָר אין פּוילן נאָר אויך אין ליטע.

מורנו הבעל שם טוב האָט אָפּגעהאַלטן עטלעכע וויכוחים מיט די פראַנקיסטן, און האָט זיי מנצח געווען — און דער דאָזיקער נצחון האָט אַרויסגערופן אַ טיפע שנאה פון די פראַנקיסטן צום בעל שם טוב און זיינע הייליקע תלמידים.

דער גרינטלעכער סדר און דיסציפּלין האָבן געבראַכט גוטע רעזולטאַטן, און די ג־טלעכע הצלחה אין פאַרשפּרייטן תורת מורנו הבעש״ט און זיין שיטה האָט זיך אָנגעזען אויף יעדן שריט.

מורנו הבעל שם טוב — האָט דער אַלטער רבי דערציילט זיין אייניקל דעם „צמח צדק״ — האָט געפירט זיין נשיאות מיט שטאָלץ און מיט גאָר אַ שטאַרקער דיסציפּלין, און אַלץ איז געווען גוט מסודר. מען האָט אַלעמאָל געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי די קעגנערס. יענע צייטן, ווען מען האָט געדאַרפט פאָרן וואָכן־לאַנג פון מעדזשבוזש קיין שקלאָוו אָדער ווילנע, איז אָבער געווען אַ שטענדיקע פאַרבינדונג דורך פאָרערס, און דער גרויסער וואונדער איז, וואָס קיין זייטיקע מענטשן האָבן דערפון ניט געוואוסט.

די הסתלקות פון מורנו הבעל שם טוב האָט געמאַכט אַ ריזיקן רושם אין דעם לאַגער פון חסידים, און צו דער זעלבער צייט האָבן זיך די מתנגדים געשטאַרקט, אַרויסצוגיין מיט אַ מלחמה אַנטקעגן. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך אויך די פראַנקיסטן דערוועקט, אַרויסצוטרעטן קעגן די תלמידי הבעל שם טוב, און האָבן אויף זיי אויסגעטראַכט פאַרשידענע בלבולים,

און ווען ניט די שטאַרקע אָרדענונג און די אייזערנע דיסציפּלין, וואָלטן זיי ניט געקענט שטיין אַנטקעגן [31].

* * *

דער „ועד ארבע ארצות" האָט אַמאָל אַרויסגעשיקט דריי מענטשן צום בעל שם טוב, אים איבערצוגעבן אַ התראת בית־דין (אַ וואָרענונג פון בית־דין), ער זאָל אויפהערן מיט זיין הנהגה.

ווען די שלוחים זיינען אָנגעקומען צו מורנו הבעל שם טוב, האָט ער זיי פריינטלעך אויפגענומען, און האָט מיט זיי גערעדט אין לערנען וועגן טיפע סוגיות, און זיי האָבן זיך איבערצייגט אַז ער איז אַ גדול בתורה סיי אין נגלה און סיי אין נסתר, אַ מענטש מיט אַ שיטה, מיט אַ שטאַרקן ווילן און פעסטן דעת.

צוויי טעג און צוויי נעכט האָבן זיי זיך מתווכח געווען מיט מורנו הבעל שם טוב, און כאָטש דער בעל שם טוב האָט זיי מנצח געווען אין אַלע ענינים, פונדעסטוועגן האָט ער זיי געזאָגט, אַז ער איז גרייט זיך צו שטעלן צו אַ וויכוח מיט די גדולי התורה אין „ועד ארבע ארצות". ער האָט גע׳מוסר׳ט די שלוחים פאַרוואָס די גדולים האָבן וועגן אים געאורטיילט אין זיין אָפּ־וועזנהייט, און האָבן דורך דעם עובר געווען אויף דעם וואָס שטייט אין דער תורה [33]) שמוע בין אחיכם ושפטתם צדק, און ווי די רז״ל דרש׳ענען דאָס וועגן די ענינים פון דיינים און משפטים.

לויט דער מסורה, האָט דעמאָלט דער בעל שם טוב געזאָגט צו די שלוחים פון „ועד ארבע ארצות", אַז אין לערנען תורה זיינען פאַראַן צוויי בחינות: א) תורת המוח, ב) תורת הלב. דער מוח באַגרייפט, פאַרשטייט און באַנעמט, און די האַרץ פילט.

— איר — זאָגט מורנו הבעל שם טוב צו די שלוחים — און די גדולי התורה ווייסן די תורה אַזוי ווי זי קומט אין דעם

באַגריף פון מוח, און איך בין געקומען מגלה צו זיין די תורה אַזוי ווי זי קומט אויך אין דעם געפיל פון האַרצן. און ער האָט זיי דערקלערט דעם פסוק „שמוע בין אחיכם" אויף דריי אופנים:

א) שמוע בין אחיכם. שמוע — דער וועלכער האָט אַ רוחניות׳דיקן חוש השמיעה און ער דערהערט ווי גרויס עס איז די ליבשאַפט פון באַשעפער צו איטלעכן אידן, ווי טייער יעדער איד איז למעלה — יעגער מענטש איז „בין אחיכם" „בין" — מלשון הבנה — פאַרשטייך, ער דערהערט און פאַרשטייט די גרויסקייט פון אידן.

ב) שמוע בין אחיכם. שמוע — ווער עס האָט אַ רוחניות׳־דיקן חוש השמיעה דער איז „בין אחיכם" — ער איז צווישן אידן, צוגעבונדן צו אידן, און דערפילט אַן עונג רוחני פון יעדן אידן.

ג) שמוע בין אחיכם. שמוע — כדי אַז אַ מענטש זאָל קענען באַקומען אַ רוחניות׳דיקן חוש השמיעה, דערפילן די גרויסקייט פון אידן, דאַרף דאָס זיין „בין אחיכם" — דורך זיין צוגעבונדן צו אידן, און יעדער איד, אַפילו דער סאַמע פּשוט׳סטער, איז זיין ברודער.

ווען די שלוחים האָבן דערזען, אַז דער בעל שם טוב איז פעסט ביי זיך, האָבן זיי ביי אים געפרעגט, מיט וואָס זיין כח איז גרויס — ער האָט מער ניט ווי זעכציק תלמידים, און די גדולי התורה האָבן דאָך אין די ישיבות תלמידים צו הונדערטער און צו טויזנטער.

אויף דעם האָט זיי דער בעל שם טוב געענטפערט מיט אַ משל:

עס זיינען פאַראַן צווייערליי ערד־אַרבעטער. פאַראַן איינער וועלכער זייט זיין פעלד און פלאַנצט זיין ווייַנגאָרטן ניט איבער־

לאָזנדיק קיין אָרט, און ער פאַרלאָזט זיך אויף דער פּילקייט. און פאַראַן אַזאַ וועלכער זייט זיין פעלד און פלאַנצט זיין וויינ־גאָרטן נאָר עטלעכע טיילן, אָבער אויף זיי איז ער זיך מוסר־נפש, צו גראָבן און רייניקן און אָנטרינקען אין צייט. פון דעם ערשטן סאָרט וואַקסן אַרויס פיל פּירות און תבואה, אָבער די מערסטע זיינען ווערעמדיק, אַ סך פּראָסטע מעל און בלויז אַביסל איידעלע מעל, און ווען מען נוצט פון זיי אויף זריעה — זיינען די מערסטע פּרוכטן ווערעמדיקע. אָבער ביים צווייטן וואַקסן טאַקע ווינציקער פּירות און תבואה, אָבער זיי זיינען פול מיט פעטס, די מערסטע פון זיי זיינען איידעלע, און ווען מען נוצט זיי פאַר דער זריעה — ווערן אויך זייערע פּרוכטן און פּרוכטס־פּרוכטסן גלייך ווי זיי [34].

---

11) לשון בראשית רבה ר״פ נח. (אַ צופרידנקייט פאַר די זוייבערשטע און אַ צופרידנקייט פאַר די אונטערשטע).

*11) של״ה=שני לוחות הברית פון הגה״ק ר׳ ישעי׳ הלוי הורוויץ זצ״ל.

12) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, עמוד 169.

13) געמיינט אַראָפּנידערן. דער ענין ווערט אייניקע מאָל דערקלערט אין חסידות. (זע מפתחות צו ספר תורה אור און לקוטי תורה).

14) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ב), ע׳ לא־62.

15) נעלם=באַהאַלטענער, בגלוי=אַנטפּלעקטער. דערקלערט אין ספרי חסידות.

16) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ב), ע׳ לה־70.

*16) ספר המאמרים ה׳תש״ח, ע׳ 292.

17) אַ טיפער זקן, וועלכער האָט נאָך געדענקט דעם אַלטן רבי׳ן (דעם בעל התניא) ווען ער איז דעם ערשטן מאָל געקומען קיין שקלאָוו.

18) מען האָט אים אַזוי גערופן ווייל ער פלעגט שטענדיק מיטפאָרן מיט הרה״ח ר׳ הלל פאַריטשער.

19) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ב), ע׳ לב־64.

20) זע „התמים", חוברת א', עמודים יב־יג.
21) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כב), עמודים 770 ביז שפו.
22) ח"י אלול תש"ג (קונטרס מה), עמודים 31 ביז 34.
*22) אויפזעער.
23) זע מאמר ד"ה ואתה קדוש (געדרוקט אין ספר המאמרים אידיש).
*23) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כב), ע' 774־שפח; שפט.
24) אַזוי איז געדרוקט. אפשר אָבער דאַרף זיין „רמב"ם".
25) זע „התמים", חוברת א', עמודים יט־כ.
*25) זע „התמים", חוברת א', עמודים יב־יג.
26) אַ מאָס פון לענג וואָס מען פעלגט נוצן אין רוסלאַנד (3500 פוס).
*26) ישעי' יא, ט.
27) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט ל), ע' 1054.
28) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט ל), עמודים תקכז־1054.
29) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ה, חלק ב), עמודים 272־278.
30) דעם שבת האָט מען געדאַווענט שחרית 7 אַזייגער אינדערפרי, און 11 אַזייגער איז געווען סעודת שחרית און 5 אַזייגער די סעודה המפסקת.
31) ספר השיחות קיץ ה'ש"ת, עמודים 83־84.
32) „התמים", חוברת ב, עמודים מד־מו.
33) דברים א, טז.
34) ספר המאמרים תש"י (קונטרס עח), עמודים 217־218.

ג.

# בעל „שם" טוב

איינער פון די גרעסטע צווישן דעם בעל שם טוב׳ס תלמידים — הרב הקדוש רבי פנחס קאָריצער — האָט באַשריבן דאָס אַראָפּקומען פון דעם בעל שם טוב׳ס נשמה איף דער וועלט אַזוי:

„כלל ישראל איז דאַמאָלס געשטאַנען אין אַ בחינה פון שלאָף און פאַרשלאָפנקייט, איז געקומען דעם בעל שם טוב׳ס נשמה אים וועקן".

די גדולי החסידים האָבן צוגעגעבן אַן אויספירלעכן פירוש צו דעם דאָזיקן וואָרט פון ר׳ פנחס קאָריצער׳ן זאָגנדיק:

אין דעם ענין פון שלאָף זיינען פאַראַן דריי מדריגות:

א) אַ גרינגער דרעמל „נים ולא נים";

ב) אַ טיפער שלאָף;

ג) פאַרחלש׳טקייט — און די אויסגעפּרואוווטע סגולה אויפצוּוועקן אַ פאַרחלש׳טן איז מען זאָל אים אַריינזאָגן אין אויער זיין אייגענעם נאָמען, דערמונטערט ער זיך צוריק.

די גדולי החסידים האָבן איינגעטיילט די צייט פון אונזער לאַנגן גלות פון דעם חורבן בית המקדש אָן — לויט די זעלביקע מדריגות פון שלאָף. אין דער צייט ווען דער בעל שם טוב איז נתגלה געוואָרן, איז דאָס פאָלק געשטאַנען אין אַ לאַגע פון חלש׳ן, און דעם בעל שם טוב׳ס עובדא איז געווען, אַריינצו־שעפּטשען אין די אויערן פון כלל ישראל זייך אמת׳ן, אייגענעם נאָמען „ישראל", כדי זיי זאָלן זיך אויפכאַפּן פון טיפן שלאָף

פון דער פינסטערניש אין וועלכער זיי זיינען געווען פאַרזונקען. דעריבער האָט מען אים גערופן „בעל שם טוב", וואָרום ער האָט דערהויבן דאָס פאָלק און זיי דערמאָנט זייער געהויבענעם נאָמען „ישראל" [35]).

דער רוח החיים (לעבנס־גייסט) וואָס דער בעל שם טוב האָט אַריינגעגעבן צווישן די מאַסן איז, וועלכער האָט זיי דערוועקט פון זייער פאַרחלש'טקייט און האָט זיי אָנגעוויזן דעם אמת'ן וועג אין לעבן, דאָס איז דער דרך החסידות וואָס נאָך איר ליכט וועלן מיר גיין ביז ביאת המשיח.

אין איינער פון זיינע שיחות [36]) זאָגט כ"ק אדמו"ר דער ליובאַוויטשער רבי שליט"א:

עס איז באַוואוסט [37]) דער מאמר פון בעל שם טוב: ווען מען האַלט אָן אַ טייל פון דער זאַך (עצם) האַלט מען די גאַנצע זאַך, דאָס מיינט אַז דער עצם איז פאַראַן און דריקט זיך אויס אין זיין גאַנצקייט אין איטלעכן טייל זיינעם.

די דערקלערונג פון דעם דאָזיקן כלל וועט זיין פאַרשטענדיק פון דעם אידנס עצם. עס זיינען פאַראַן פאַרשידענערליי סאָרטן און טיטולן צווישן אידן: כהנים, לוים, ישראל, צדיק, בינוני א. אַז. וו., אָבער די דאָזיקע טיטולן זיינען ניט קיין עצמיים, קיין אייגענע, וואָרום דורך געוויסע סיבות קענען זיי זיך בייטן. דער צדיק, ווען ער בייט זיינע מחשבות, רייד און מעשים און פירט זיך ניט ווי עס דאַרף צו זיין, איז ער מער ניט אין דער מדריגה פון צדיק. דער כהן, ווען ער פאַרשוועכט זיין כהונה, איז ער יעמאָלט ניט מער אין דער קדושה פון כהונה [38]), און וויבאַלד אַז די דאָזיקע טיטולן בייטן זיך, באַווייזט עס אַז זיי זיינען ניט קיין עצמיים, וואָרום „עצם" איז דער היפך פון „מקרה" (צופאַל) און בייט זיך קיינמאָל ניט.

נאָר דער עצם פון אַ אידן איז דאָס וואָס ער איז „ישראל" — אַ איד. דער דאָזיקער ענין בייט זיך קיינמאָל ניט, און לויט ווי די רז"ל זאָגן: בין כך ובין כך בנים הם ולהחליפם באומה אחרת ח"ו איני יכול[39]) — סיי ווי זיינען אידן קינדער ביים אויבערשטן, און בייטן זיי אויף אַן אַנדער פאָלק ח"ו קען ער ניט כביכול.

דער דאָזיקער עצם געפינט זיך ביי יעדער אידן גלייך, צי איז ער דער העכסטער סאָרט אָדער דער נידעריקסטער סאָרט, וואָרום אַלע ווערן אָנגערופן „ישראל"[40]) און ווי די רז"ל זאָגן[41]): אף על פי שחטא ישראל הוא (כאָטש ער האָט פאַרפעלערט איז ער אַ איד), וואָרום דער נאָמען „ישראל" איז דער שם העצם, וועלכער באַשרייבט דעם עצם פון אַ אידן.

און אַזוי ווי דער עצם פון ישראל געפינט זיך ביי יעדער אידן, אַזוי דריקט ער זיך אויס אין אַלע זיינע מעשים, אויך די איינצלנע. דערפון איז פאַרשטאַנדיק אַז דאָס איז ניט נאָר ביי די גוטע מעשים, נאָר אַז אויך אין דער מעשה פון זינד ח"ו דריקט זיך אויס זיין עצם. וואָרום די פנימיות פון דעם ענין פון חטא איז, וואָס ער מינערט ח"ו אויך למעלה, און דאָס איז ביי גוים ניט שייך, וואָרום זיי האָבן גאָרניט קיין ערך און קיין שייכות צום אויבערשטן, און נאָר דער איד — וועלכן דער אויבערשטער האָט אויסגעקליבן — יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה (ער וועט פאַר אונז אויסקלייבן אונזער נחלה, דעם שטאָלץ פון יעקב וועלכן ער האָט אייביק ליב — תהלים מז, ה) איז אַ חלק אלוקה ממעל ממש — דוקא זיינע מעשים — סיי די גוטע סיי פאַרקערט — גיבן צו כח — אָדער ח"ו פאַרקערט — למעלה[42]).

די עצמיות ענין פון דעם בעל שם טוב איז געווען,

צו דערוועקן דעם עצם הנשמה וואָס ביי יעדן אידן, און דאָס איז מרומז אויך אין זיין נאָמען „ישראל", וועלכער איז דער שם העצם פון יעדן איינציקן אידן, אפילו דעם זינדיקן. עס איז באַוואוסט [43]) אַז אַ נאָמען דערוועקט דעם עצם הנשמה. דעריבער איז ווען מען איז גאָר שטאַרק פאַרחלש'ט, ביז וואַנען אַז אַלע רפואות און סגולות קענען שוין נישט דערוועקן דעם מענטשן — איז אָבער ווען מען רופט אים אָן מיט זיין נאָמען, דערוועקט ער זיך דורך דעם פון זיין חלשות, וואָרום חלש'ן מיינט אַז די אַנטפּלעקונגען פון נפש זיינען פאַרחלש'ט, אָבער דער נאָמען דערוועקט זיין עצם.

אַזוי איז אויך בנוגע צו דעם אַראָפּקומען פון דעם בעל שם טוב'ס נשמה אויף דער וועלט. נאָך [44]) די גזירות און פּאַגראָמען וועלכע זיינען געווען אין יאָר ת"ח ל"ע, זיינען אידן געווען אין אַ לאַגע פון פאַרחלש'טע ר"ל, און אין יענער צייט — אין יאָר נח"ת, איז אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט די נשמה פון בעל שם טוב, וועלכער ווערט אָנגערופן מיט דעם שם הכללי און שם העצם „ישראל" — אויף צו דערוועקן דעם עצם הנשמה וואָס איז פאַראַן אין יעדן איינציקן איד.

די עצמיות פון דעם בעל שם טוב'ס ענין — דערוועקן דעם עצם [45]), עצם הנשמה ביי יעדן איינעם — דריקט זיך אויס אין דער אַלגעמיינער תורת הבעל שם טוב — תורת החסידות — וואָרום זי דערקלערט ווי גרויס עס איז די מעלה פון נשמות ישראל, וועלכע זיינען אַ חלק אלוקה ממעל ממש [46]).

דאָס וויסן די גרויסקייט און האַרבקייט פון דעם פּגם פון חטא [47]), און אויך — וואָס דאָס איז דער עיקר — דאָס וויסן די מעלה פון אַ אידן, גיט צו כח אין עבודת ד', ניט נתפּעל צו ווערן פון די זאַכן וועלכע שטערן און האַלטן אָפּ, וואָרום יעדער

איד, ווען ער דערוועקט זיין עצם הנפש, געוועלטיקט ער און הערשט איבער אַלע ענינים פון וועלט, און אַזוי ווי עס ווערט דערציילט אין פרשת בשלח, אַז דורך דעם דערוועקן פון דעם כח פון מסירות נפש וואָס איז פאַראַן מצד עצם הנשמה ביי יעדן איינעם — האָט זיך דורך דעם דער ים געשפּאָלטן.

לויט דער אויבן־דערמאָנטער דערקלערונג וועגן דעם טעם פאַר דער אַנטפּלעקונג פון נשמת הבעל שם טוב און זיין תורה, וואָס דאָס איז על דרך משל ווי רופן אַ מענטשן ביים נאָמען בעת ער חלש׳ט — וועט זיין פאַרשטאַנדיק אַז דער עיקר אַנט־פּלעקונג פון תורת החסידות איז דוקא פאַר אונזערע דורות, וועלכע זיינען די סאַמע נידעריקסטע. און דאָס איז פאַרשטאַנ־דיק אויך פון דעם משל פון דעם אַלטן רבי׳ן [48]) אַז דוקא פאַר דעם מסוכנ׳דיק קראַנקען קינד האָט דער מלך געהייסן צוריבן דעם דימענט וואָס אין מלכות־קרוין.

וואָרום צוליב דער אהבה עצמית (וועזנטלעכער ליבשאַפט) פון דעם אויבערשטן צו יעדן אידן, וואָס זי איז, ווי דער בעל שם טוב זאָגט, שטאַרקער ווי די ליבשאַפט פון עלטערן צו אַן איינציק קינד וועלכער איז ביי זיי געבאָרן געוואָרן אויף דער עלטער — גיט ער אַוועק אויך דעם דימענט, וואָס אין אים ווענדט זיך די גאַנצע חשיבות פון דעם מלך׳ס קרוין און הייסט דאָס צעמאָלן — וואָס אין דעם נמשל איז עס: די אַנטפּלעקונג פון די סודות פון תורה און רזין דרזין, אַנטאָן זיי אין מענטש־לעכן שכל און פאַרשפּרייטן זיי, אפילו ווען אַ טייל דערפון זאָל זיך פאַרגיסן און פאַרלאָרן ווערן, אַבי אַז על כל פנים איין טראָפּן זאָל אַריין אין דעם קינד און ראַטעווען דאָס קינד פון זיין קראַנקהייט.

און דערפון איז נאָך מער פאַרשטאַנדיק ווי גרויס עס איז

די נויטווענדיקייט און דער זכות צו פאַרשפּרייטן די מעינות אין דרויסן, וואָרום אויסער דער עיקר נקודה וואָס איז דאָ אין דעם — דער באַפעל פון דעם מלך מלכי המלכים דעם אויבערשטן צו אַנטפּלעקן די תורת החסידות כדי צו היילן און ראַטעווען דעם נפש פון זיין איינציק קינד — איז אויסער דעם — ווי־באַלד אַז מען האָט שוין צעמאָלן דעם דימענט, איז אויב מען וועט דעם קינד ניט געבן די מעדיצין, וועט דאָך דאָס צעמאָלן דעם דימענט האָבן געווען אומזיסט ח"ו.

אַ ווייטערדיקער פּונקט איז דאָ אין דעם.

לויט דעם פּסק דין וואָס דער בעל שם טוב האָט מודיע געווען, אַז ביאת המשיח ווענדט זיך, און וועט זיין, ווען זיינע קוואַלן וועלן זיך צעשפּרייטן אין דרויסן, איז דאָך פאַרשטאַנ־דיק אַז וואָס נאָך אַ טאָג, דערנענטערן מיר זיך צו ביאת המשיח — דאַרף דאָך יעדן טאָג זיין מער הפצת המעינות, וואָס דוקא דורך דעם וועט משיח קומען.

און דאָס וואָס מען האָט מורא אַז אונזערע דורות, צוליב זייער מצב א. אַז. וו. זיינען ניט ווירדיק פאַר תורת החסידות — איז דאָס דער היפך פון דעם ענטפער פון משיח'ן [49]) צום בעל שם טוב, און דער היפך פון דעם וואָס אונזערע רביים, די נשיאים פון תורת החסידות האָבן געזאָגט, וועלכע האָבן דאָך אַוודאי און אַוודאי געוואוסט וואָס עס וועט זיך טרעפן אין די דורות ביז צום דור פון מלך המשיח, און זיי האָבן געזאָגט און געשריבן און געדרוקט אַז דוקא „לכשיפוצו מעינותיך חוצה" וועט משיח קומען בקרוב ממש.

* * *

אין אַן אַנדער שיחה [50]) זאָגט כ"ק אדמו"ר דער ליובאַווי־טשער רבי שליט"א:

וועגן דעם ענין פון בעש״ט, שטייט אין כתבים, אַז אין יענעם זמן זיינען אידן געשטאַנען אין אַ מצב פון התעלפות. דערפאַר איז דאַמאָלסט נתגלה געוואָרן דער בעל שם טוב, וואָס ער האָט געהייסן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען פון אידן — ישראל, וואָס דורך דעם האָט ער זיי אָפּגעמונטערט. אַזוי ווי מען זעט, אַז ווען איינער איז פאַרחלש׳ט בהתעלפות גדולה, איז דורך דעם וואָס מען רופט אים ביים נאָמען, כאַפּט ער זיך אויף פון זיין התעלפות.

דער ביאור אין דעם איז:

אין חסידות ווערט דערקלערט פאַרוואָס דורך קריאה בשם וועקט מען יענעם אויף פון זיין התעלפות, ווייל די התעלפות פועל׳ט אַ העלם וסילוק החיות נאָר אין דעם חיות הגלוי, אָבער ניט אין עצם הנשמה. דאָס הייסט נאָר אין כוחות וחיות הגלוים, אָבער ניט אין עצם החיות, און אויף דעם העלפט די קריאה בשם, ווייל דער שם איז ממשיך דעם עצם, וואָס דאָס איז גע־בליבן גאַנץ.

ווייל דער ענין פון אַ שם, וואָס מען רופט אים מיט דעם נאָמען דוקא, איז דאָס ניט אַ ענין הסכמי בעלמא, נאָר ווי עס שטייט אין כתבי האריז״ל, אַז מען גיט אַריין מלמעלה אַ דיעה אין די עלטערן פון קינד, מען זאָל דעם קינד געבן דעם נאָמען וואָס איז מתאים און פאַרבונדן מיט דער נשמה, וואָס גייט אַריין אין דעם קינד, ביי אַ אינגל צום ברית, וואָס דאַמאָלסט איז די התחלת כניסת נפש האלקית, און ביי אַ מיידל — וואָס אשה כמאן דמהילא דמיא — בשעת העליי׳ לתורה.

און ווייל דער שם איז פאַרבונדן מיטן עצם הנשמה, דערפאַר האָט דער שם בכח צו ממשיך זיין און מגלה זיין פון

עצם הנשמה אין די כוחות הגלויים, וואָס דורך דעם מונטערט מען אים אָפּ פון זיין התעלפות.

כשם ווי דאָס איז באדם הפרטי, אַזוי איז דאָס אויך בכללות הקומה פון אידן, וואָס דער בעש"ט האָט אָפּגעמונטערט אידן פון זייער התעלפות.

דער רמז פון זיין נאָמען — ישראל — באַווייזט אויף דעם פנימיות הענין, אַז עניני הבעש"ט טוען אויף דאָס וואָס קריאת השם טוט אויף כנ"ל.

מצד די גזירות ושמדות וואָס זיינען געווען אין יענער צייט, סיי אין גשמיות און סיי אין רוחניות, זיינען די אידן געווען אין אַ מצב פון התעלפות. דאָס מיינט ברוחניות אַ העלם וסילוק אין אַלע מדריגות ביזן עצם, ווייל דער עצם פון אַ אידן איז אַלעמאָל גאַנץ.

די התגלות פון נשמת הבעש"ט, דערנאָך די הנהגות זיינע ותורתו תורת הסידות, וואָס ער האָט מגלה געווען, האָט דער־גרייכט אין דעם עצם פון אידן, און האָט עס ממשיך געווען, אַז דאָס זאָל אַראָפּקומען אויך אין כוחות הפנימיים.

דערפון פאַרשטייט מען, אַז דער ענין החסידות איז ניט נאָר פאַר אַ געוויסע כתה אָדער אַ מפלגה, נאָר דאָס איז פאַר אַלע אידן.

וויבאַלד אַז חסידות דאַרף מעורר זיין אידן פון התעלפות דורך צוקומען צו זייער עצם, איז דאָך דאָס שייך ומוכרח פאַר אַלע אידן.

לימוד תורת הבעש"ט, — ובפרט ווי דאָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין הבנה והשגה, בכדי מען זאָל דאָס האָבן אין אַ פנימיות, דורך דעם אַלטן רבי'ן אין תורת החסידות החב"ד — והנהגה בדרכי החסידים, רירט אָן אין עצם און עס איז ממשיך

אין די כוחות הגלוים, אַז זיי זאָלן אויך זיין פאַרבונדן מיטן אויבערשטן.

און דעם ענין האָט דער בעש"ט אויפגעטאָן ניט נאָר פאַר זיין דור, נאָר פאַר אַלע דורות ביז משיח'ן, און דעם כח האָט ער אַריינגעגעבן אין זיין תורה, תורת החסידות, ודרכי החסידות, אַז דורך דעם ווערט מען נתעורר פון דער התעלפות.

און דאָס איז דער טעם וואָס ביאת המשיח איז תלוי בהפצת מעיינות תורת הבעש"ט, ווי עס איז ידוע דער ענטפער וואָס דער בעש"ט האָט בעת זיין עליית הנשמה באַקומען פון משיח'ן, אויף דער שאלה אימתי קאתי מר, האָט אים משיח געענטפערט, — לכשיפוצו מעיינותיך חוצה.

ווייל דורך הפצת מעיינות תורת הבעש"ט ווערן אידן נתעורר פון זייער התעלפות. עס ווערט גילוי העצם וואָס דאָס ברענגט ביאת המשיח [51]).

פון דעם איז אויך מובן, אַז מדור לדור וואָס דער חושך ווערט גרעסער און במילא ווערט גרעסער די התעלפות, דאַרף מען מער אָנקומען צו תורת החסידות.

און דערפאַר האָבן רבותינו מדור לדור אַלץ מער מגלה געווען און מפרסם געווען תורת החסידות, סיי דורך דעם וואָס מען האָט אַראָפּגעטראָגן חסידות מערער אין הבנה והשגה, און סיי אין דעם ענין הפרסום. מען האָט עס מערער מפרסם געווען, בכדי אַז דאָס זאָל אָנקומען צו אַלע אידן.

איז דאָך מובן דער גרויסער חוב און גרויסער זכות וואָס יעדער איינער האָט אויף להפיץ מעיינות תורת החסידות ודרכי החסידות — חוצה. וואָרום בדורנו זה, וואָס דער חושך ווערט אַלץ גרעסער, מוז מען נאָכמער צו דעם אָנקומען.

און דורך דעם יפוצו מעיינותיך חוצה וועט מען זוכה זיין צו דעם קאתי מר במהרה בימינו.

* * *

וועגן דעם נאָמען „בעל שם טוב" זאָגט כ"ק אדמו"ר מוהריי"צ נ"ע אין איינע פון זיינע שיחות: עס זיינען פאַראַן צוויי אויס־שפראַכן אין דעם ענין פון שם, אָבער די צוויי אויסשפּראַכן האָבן צוויי פאַרשידנאַרטיקע באַדייטונגען. די אויסשפּראַכן בר שמחה און בעל שמחה באַדייטן ביידע דעם ענין פון שמחה, אָבער דאָס זיינען צוויי באַזונדערע באַדייטונגען. בר שמחה מיינט אַ פּועל יוצא (וואָס קומט אַרויס) פון שמחה, דער גילוי וואָס קומט פון די שמחה. בעל שמחה איז דער וואָס מאַכט די שמחה. און בעל שם איז דער טייטש דער בעל פון דעם פּעולת השם (דער אויפטו פון שם).

מורנו הבעל שם איז אויסערדעם וואָס ער איז געווען אַ בעל שם, ניט נאָר אַ בר שם נאָר אַ בעל שם, איז ער אויך גע־ווען אין דער דרגא פון בעל שם טוב. ער איז געווען אַ בעל אויף דעם שם טוב, ער איז געווען אַ בעל שם אויף אַראָפּצו־ברייגנען דאָס גוטס וואָס איז למעלה אין אידן, און צו אויפ־הויבן אידן צום טוב של מעלה [51].

---

35) זע אויך שיחה פון דעם ליובאַוויטשער רבי'ן שליט"א, י"ג שבט תשי"א.

36) אין דעם טאָג פון דער הילולא (יאָרצייט), יו"ד שבט תש"כ.

37) המשך תרס"ו פון כ"ק אדמו"ר מוהרש"ב נ"ע, ביים סוף.

38) אין תורת כהנים, אמור, כא, ד: אַז דאָס איז הולין. זע רמב"ם הל' ביאת המקדש פ"ו, ה"ח־ט. וצע"ק.

39) קדושין לו, א. (שאלות ותשובות הרשב"א סימן קצד). רות רבה פתיחתא ג. פסחים פז, א, און דאָרט.

40) דער „שם העצם" — ד. ה. דער אייגענער, שטענדיקער נאָמען, ווייל „ישראל" איז אַמאָל אַן אייגענער נאָמען (וועלכער איז פאַראַן באַ יעדן איינעם) און אַמאָל אַ „שם המעלה", ד. ה. אַ נאָמען וועלכער באַצייכנט אַ מעלה (וואָס דאָס איז נאָר באַ דעם יעניקן וועלכער איז למעשה, דורך זיין עבודה, צוגעקומען צו דער מדריגה פון „כי שרית" וגו'), און זע אין די פירושים צום רמב"ם הלכות יסודי התורה, פרק ב, הלכה ז.

41) סנהדרין מד, א, זע דאָרט.

42) זע איספירלעך אין של"ה, אין דער הקדמה — שער הגדול. מען דאַרף נאָך דערצו באַמערקן דעם דין, אַז אַן עבודה זרה וועלכע געהערט אַ אידן ווערט קיינמאָל ניט בטל, אַנדערש ווי באַ אַ גוי — דאָס איז אָבער ניט דער אָרט דערויף.

43) זע אור תורה — פון מעזריטשער מגיד — סוף פרשת בראשית.

44) זע שיחה פון כ' כסלו תרצ"ג.

45) דערמיט קען מען אפשר דערקלערן דעם וואָרט פון דעם אַלטן רבי'ן: „דער מגיד האָט געקענט אַריינברענגען יראה עילאה (די הויכע מדרגה פון יראה) אין אַן איין־טאָג־אַלטן קינד, און דער בעל שם טוב האָט דאָס געקענט אַפילו אין אַן אומבאַוועגלעכער זאַך" (זע בית רבי, סוף חלק א).

46) זע די הערות פון צמח צדק אויף תניא, אָנהויב פרק ב.

47) זע תניא, סוף פרק כד.

48) „התמים", חוברת ב, עמוד מט.

49) זע אויך זהר חלק ג' קמד, ב. די הקדמה פון הרב חיים וויטאַל צום שער ההקדמות.

50) זע די שיחה פון אַחרון של פסח תשט"ז (געדרוקט אין קובץ ליובאַוויטש, חוברת 14, ע' 179־180).

51) זע אגרת הקדש סי' ד.

51*) ספר השיחות, קיץ ה'ת"ש ע' 170. זע אויך ספר השיחות תורת שלום ע' 45 און ווייטער.

ד.

# אהבת ישראל און פשוט'ע אידן

זינט דער איבערשטער האָט אונז איבערגעגעבן זיין הייליקע תורה דורך משה רבנו, איז דאָס אידישע פאָלק געווען איינגעטיילט אין צוויי כיתות: א) בני תורה בעלי שכל, ב) פשוט'ע אידן מיט אמונה פשוטה. ביז צו מורנו הבעל שם טוב פלעגן די תלמידי חכמים און בני תורה זיין אָפּגעשיידט פון פשוט'ע אידן. איז געקומען דער בעל שם טוב און האָט אָנגעוויזן אויף דער גרויסקייט פון דער מעלה פון פשוט'ע אידן [53].

כאָטש חסידות איז ניט געקומען אויף דער וועלט נאָר אויף צוצוציען און צו דערהויבן דוקא דעם פשוט'ן אידן, נאָר זי האָט אַ ברייטערע אויפגאַבע און נעמט אַרום אַלע שיכטן פון פאָלק, סיי פשוט'ע סיי גרויסע, ווי דערקלערט אין ערשטן פרק, — אָבער דער פשוט'ער איד האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזען און איז גאָר הויך דערהויבן געוואָרן צוזאַמען מיט דער גרינדונג און אַנטפלעקונג פון חסידות, וועלכע האָט דערוועקט, געשטאַרקט און מקרב געווען דעם פשוט'ן, ערנסטן אידן, די „עמך" אידן.

ביז צו יענער צייט ווען חסידות איז אַנטפּלעקט געוואָרן, פלעגן די למדנים פון דעם דור זיך אָפּשיידן פון דעם פשוט'ן אידישן המון וועלכער איז מערסטנס באַשטאַנען פון בעלי מלאכות. רבנים, שוחטים און מלמדים פלעגן קוקן אויף דעם פשוט'ן אידן פון אויבן אַראָפּ, און פלעגן זיך פון אים אין גאַנצן

אָפּזונדערן, ביז וואַנען אַז מען האָט זיי קוים געלאָזן דאַווענען פאַר'ן עמוד ווען זיי האָבן געהאַט יאָרצייט אָדער זיינען געווען אבלים ר"ל. איז געקומען חסידות און האָט די לאַגע פאַרענ־דערט אין גאַנצן. תורת החסידות האָט געלערנט אַז מען זאָל מקרב זיין דעם פּשוט'ן אידן, אים דערמוטיקן און דערהויבן.

מורנו [53]) הבעל שם טוב איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט גערימט די מעלה פון תורה און מצוות מיט אַ יראת־שמים־דיקער קבלת עול פון די פּשוט'ע אידן.

מורנו הבעש"ט האָט דערזען אַ גרויסע ליכטיקייט אין דער עבודה פון די פּשוט'ע אידן, און פון דור צו דור ווערט איבער־געגעבן דער באַוואוסטער וואָרט פון בעל שם טוב, וועלכער לויבט די וועלכע זיינען מקיים מצוות, דאַווענען און זאָגן תהלים בתמימות און מיט אמונה פשוטה, אפילו ווען זיי ווייסן ניט דעם מיין און טייטש דערפון:

„ועמך כולם צדיקים לעולם יירשו ארץ" (און דיין פאָלק זיינען אַלע צדיקים, אויף אייביק וועלן זיי ירש'נען דאָס לאַנד — ישעי' ס, כו) — פּשוט'ע אידן וועלכע שטייען אין מאַרק, גייען איבער די דערפער און פריצישע גיטער און דער־מאָנען דעם אויבערשטנס נאָמען ,ציען זייער פרנסה פון זייער אייגענער פראַצע, זיינען מחזיק בני תורה און ברענגען אַריין אַ ספר אין בית המדרש מיט גרויס שמחה, אָט די זיינען „ועמך כולם צדיקים" און זיי זיינען „לעולם יירשו ארץ", וואָרום זיי מערן יראת שמים אין דער וועלט".

עס איז אויך באַוואוסט דער וואָרט פון מורנו הבעל שם טוב [54]) : „אין דער פּשטות פון דעם פּשוט'ן אידן, זיין דאַווענען, זיין תהלים זאָגן, זיין טאָן אַ מצוה ווייל דער אויבערשטער האָט

אַזוי געהייסן — מיט דעם אַלעמען איז ער גורם אַ גרויסן נחת רוח אין הימל".

דער אַלטער רבי האָט אַמאָל געזאָגט*[54]:

דער זיידע, דער בעש"ט נ"ע**[54], איז דער אברהם אבינו פון חסידות. אויף אברהם אבינו שטייט, אַז ער איז געווען אַ נדיב בממונו, בגופו ובנפשו***[54]. אברהם אבינו האָט זיך מוסר נפש געווען מקרב צו זיין גאָר אַ פשוט'ן מענטשן צו ג־טלעכ־קייט, און אַזוי האָט געטאָן דער זיידע, דער בעש"ט נ"ע. ער איז געווען אַ נדיב בממונו, בגופו ובנפשו, ער האָט זיך מוסר נפש געווען צוליב מקרב זיין אַ פשוט'ן אידן.

אויף אברהם אבינו שטייט: עד אברהם הי' העולם מתנהג באפילה, בא אברהם התחיל להאיר (ביז אברהם האָט זיך די וועלט געפירט אין פינסטערניש, אַז אברהם איז געקומען האָט אָנגעהויבן לייכטן). ביז אברהם זיינען דאָך אויך געווען גרויסע צדיקים, אָבער עס זיינען אַלץ געווען אפילה צדיקים. אברהם אבינו איז געווען דער ערשטער צדיק וואָס התחיל להאיר. ביז דעם זיידען דעם בעש"ט נ"ע איז די וועלט געווען אַ בית אפל. ביי די בני תורה איז געווען אור במושבותם, אָבער ביי די מיטעלע בעלי בתים בכלל און ביי די פשוט'ע אידן בפרט איז די וועלט געווען אַ בית אפל, איז געקומען דער זיידע דער בעש"ט נ"ע און התחיל להאיר.

דער זיידע, דער בעש"ט נ"ע, האָט געמאַכט פענסטער אין דעם בית אפל פון דער וועלט. אַ אמן איז אַ פענסטער, אַ אמן יהא שמי' רבא איז אַ פענסטער, אַ ברוך הוא וברוך שמו איז אַ פענסטער און מיט דער שיטה אמיתית אַז דער דאַוונען און אמירת תהלים פון די פשוט'ע אידן איז זייער חביב ביי השי"ת

האָט ער באַלויכטן דעם בית אפל פון דער וועלט מיט דער אור האותיות פון תורה, תפלה און תהלים.

— דער אַלטער רבי האָט אַמאָל דערקלערט וועגן די מעלה פון פשוט׳ע אידן: אַ תלמיד חכם איז זייער טייער, אַ בעל מוח איז קאַלט און אַ סך מאָל קילט ער אָפּ אַנדערע און מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק. אנשים פשוטים זיינען בעלי אמונה און מדות טובות (זיינען גלויביקע און פאַרמאָגן גוטע זיטן)[52]. —

איז טאַקע געווען איינער פון דעם בעל שם טוב׳ס חידושים, אַז יעדער איד — ווער ער זאָל ניט זיין, קען ער אויפטאָן גאָר גרויסע זאַכן אין דערפילן דעם באַשעפערס כוונה (מיין) אין באַשאַפן די וועלט און אַראָפּברענגען זיין נשמה אויף דער וועלט. עס פאָדערט זיך נאָר אַ ריינע מחשבה — זאָל זיין דער טראַכטער אפילו דער סאַמע פשוט׳סטער איד, דער עיקר איז די אינווייניקסטע כוונה פון האַרצן „רחמנא לבא בעי" (דער אויבערשטער וויל דאָס האַרץ), און ווען מען פרעגט אַ אידן וואָס ער מאַכט אין געזונט, אין פרנסה, אין שטוב — און ער ענטפערט מיט ווערטער פון לויב פאַר דעם באַשעפער: ברוך־השם איך האָב פרנסה; ברוך־השם, די קינדער זיינען געזונט; דער רופא חולים האָט מיר געשיקט אַ רפואה שלמה וכדומה — קענען מיר זיך גאָרניט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ גרויס נחת רוח מען טוט דערמיט אין הימל.

הונדערטער[52]) סיפּורים (דערציילונגען) זאָגן עדות וועגן דער דאָזיקער גרויסער ליבשאַפט וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט געהאַט צו די תמימות׳דיקע פשוט׳ע אידן וועלכע דאַווענען און זאָגן תהלים מיט אמונה פשוטה. אָט די אָנווייזונג אין אהבת ישראל איז געוואָרן אַ פעסטער יסוד אין דעם וועג פון חסידות און חסידים אין אַלע דורות.

מיר ברייגגען דאָ אייניקע פון די דאָזיקע סיפּורים:

דער רבי כ"ק אדמו"ר רבי יוסף יצחק נ"ע דערציילט אין איינעם פון זיינע בריוו[55]: ביי רבי ישראל בעל שם טוב איז געווען דער מנהג, אַז די אורחים (געסט) וועלכע זיינען געקומען צו אים, פלעגן עסן ביי זיין טיש נאָר צוויי פון די דריי שבת־סעודות, ווארום איין סעודה איז געווען בלויז פאַר זיינע שטענדיקע תלמידים.

אין איינעם אַ זומערדיקן שבת, אין די יאָרן תקי"ג—תקט"ו, זיינען צום בעל שם טוב געקומען אַ סך אורחים, צווישן זיי פשוט'ע אַרענדאַרן, ערד־אַרבעטער, בעלי מלאכות, שוסטערס, שניידערס, וויינגערטנערס, בהמות און עופות־אייגנטימער, מאַרק־סוחרים א. אַז. וו. דער בעל שם טוב האָט צו זיי באַוויזן גרויס התקרבות (דערנענטערונג) ביי דער סעודה פון פרייטאָג צו נאַכטס. צו איינעם האָט ער אַרייגגעגאָסן אין גלאָז אַביסל פון זיין וויין וואָס איז געבליבן פון קידוש, אַ צווייטן האָט ער געגעבן זיין אייגענעם כוס, ער זאָל דערויף קידוש מאַכן, אַנדערע האָט ער געגעבן שטיקלעך חלה פון דער חלה אויף וועלכער ער האָט אַ מוציא געמאַכט, און אַנדערע האָט ער געגעבן פיש און פלייש פון זיין טעלער, און נאָך פאַרשידענע קירובים. דאָס האָט פאַרוואונדערט זיינע תלמידים, די „חבריא קדישא".

די אורחים, וועלכע האָבן געוואוסט אַז צו דער צווייטער סעודה האָבן זיי ניט קיין רשות אַריינצוגיין צום בעל שם טוב'ס „טיש", ווארום ער איז געווען בלויז פאַר זיינע שטענדיקע תלמידים — האָבן זיך צונויפגעקליבן אין שוהל נאָכדעם ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן סעודת שבת, און וויבאַלד זיי זיינען געווען פשוט'ע אידן וועלכע האָבן מער גאָרניט געקענט ווי זאָגן עברי

פון חומש און תהלים — האָט יעדער איינער פון זיי גענומען זאָגן תהלים.

ווען דער בעל שם טוב האָט זיך געזעצט צום טיש צו דער צווייטער סעודה, האָט ער אויסגעשטעלט זיינע תלמידים איט־לעכער אויף זיין באַשטימטן אָרט, ווי געוויינלעך, וואָס אַלעס איז ביי אים געווען מיט גאָר אַ גרויסן סדר, ווי דערמאָנט פריער, און האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה און די חבריא האָט זיך באַגנוגעט מיט אַ ג־טלעכן תענוג.

דער סדר פלעגט זיין, אַז מען פלעגט זינגען פאַרשידענע ניגונים, און ווען די חבריא האָט געזען אַז זייער רבי איז אין שמחה, איז זייער שמחה געווען זייער גרויס, איבער אַלדאָס גוטס וואָס דער באַשעפער האָט מיט זיי געטאָן, וואָס זיי האָבן זוכה געווען צו זיין פון דעם בעל שם טוב׳ס תלמידים.

זיצנדיק אַזוי אַרום זייער רבינ׳ס טיש, האָבן עטלעכע פון דער „חבריא קדישא״ געטראַכט אַז איצט איז זייער גוט — אַנדערש אָבער ווען עס קלייבן זיך צונויף די פשוט׳ע אידן וועלכע הויבן ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס זייער רבי זאָגט, און עס האָט גענומען אַ שאלה עגבערן אין זייער מוח, פאַרוואָס זייער רבי איז מקרב די דאָזיקע פשוט׳ע אידן מיט אַזעלכע גרויסע און הויכע כיבודים, זיי צו געבן טרינקען פון זיין ווײַן אין זייערע כוסות און כל שכן צו געבן זיין בעכער איינעם פון די דאָזיקע פשוט׳ע אידן קידוש צו מאַכן.

זייענדיק נאָך פאַרטראַכט אין זייערע געדאַנקען, האָבן זיי דערזען, אַז דאָס פנים פון זייער רבי׳ן איז געוואָרן ערנסט, און ער זיצט מיט גרויס דבקות און זאָגט:

„שלום שלום לרחוק ולקרוב״ (שלום, שלום צום ווייטן און צום נאָענטן — ישעי׳ נז, יט), זאָגן אויף דעם די רז״ל [56]) „מקום

שבעלי תשובה עומדין שם צדיקים (גמורים) אינן עומדין שם" (דאָרט וואו בעלי תשובה שטייען — שטייען (אפילו) צדיקים אויך ניט), און ער האָט מדייק געווען דעם נוסח „צדיקים" און האָט דערקלערט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי וועגן אין עבודת הוי׳, די עבודה פון צדיקים און די עבודה פון בעלי־תשובה, און די עבודה פון די פשוט׳ע אידן איז אין דער מדריגה פון בעלי־תשובה, ווייל זיי שטייען אַליין אין הכנעה און שפלות (געפאַלן און נידעריק ביי זיך) גלייך ווי חרטה אויף דער פאַר־גאַנגענהייט און אַ קבלה טובה אויף ווייטער".

ווען ער האָט פאַרענדיקט די דאָזיקע תורה, האָבן זיי אָנגע־הויבן זינגען פאַרשידענע ניגונים. די תלמידים פון דער „חבריא קדישא", וועלכע האָבן פריער איבערגעטראַכט וועגן דעם גרויסן קירוב וואָס זייער רבי ווייזט צו זיינע אורחים — די פשוט׳ע אידן — האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז דער בעל שם טוב האָט באַ־מערקט זייערע געדאַנקען און טראַכטונגען, און האָט דעריבער געזאָגט די דאָזיקע תורה, אין וועלכער ער האָט דערקלערט די מעלה פון דער עבודה פון פשוט׳ע אידן, וועלכע איז אין אַ וואונדערלעכער מדרגה — ענלעך צו דער מעלה פון דער עבודה פון בעלי־תשובה איבער דער מעלה פון דער עבודה פון צדיקים גמורים.

דער בעל שם טוב איז געווען אין אַ שטאַרקער דביקות. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט זינגען, האָט ער געעפנט זיינע אויגן, זיך טיף אַריינגעקוקט אין די פנימ׳ער פון זיינע תלמידים און געזאָגט, אַז יעדער איינער זאָל לייגן זיין רעכטע האַנט אויף דער פלייצע פון דעם וואָס זיצט לעבן אים, אַזוי אַז אַלע תלמידים וועלכע זיצן אַרום דעם טיש זאָלן זיין אַרומגענומען איינער מיטן צווייטן, אָט־אַזוי ווי זיי זיינען געזעסן אַרום דעם הייליקן טיש.

דער בעל שם טוב איז געזעסן אויבן־אָן און האָט געהייסן די תלמידים זינגען עטלעכע ניגונים זיצנדיק אַרומגענומען. ווען זיי האָבן געענדיקט זינגען, האָט ער זיי געהייסן פאַרמאַכן די אויגן און ניט עפענען ביז ער וועט זיי הייסן. און ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הייליקע הענט — די רעכטע האַנט אויף דער פּלייצע פון דעם תלמיד וואָס איז געזעסן אויף דער רעכטער זייט און די לינקע האַנט אויף דער פּלייצע פון דעם תלמיד וואָס איז געזעסן אויף דער לינקער זייט.

פּלוצים האָבן די תלמידים דערהערט גאָר אַ זיסן און גע־שמאַקן געזאַנג, געמישט מיט אַ קול פון תחנונים, וועלכער מאַכט דערציטערן די נשמה. איינער זינגט און זאָגט: „אוי, רבונו־של־עולם, אמרות ד׳ אמרות טהורות כסף צרוף בעליל לארץ מזוקק שבעתים״[51]; און אַ צווייטער זינגט און זאָגט: „איי, רבונו־של עולם, בחנני ד׳ ונסני צרפה כליותי ולבי״; דער זינגט: „דער־באַרעמדיקער פאָטער, חנני אלקים חנני כי בך חסי׳ נפשי ובצל כנפיך אחסה עד יעבור הוות״; און יענער זינגט און זאָגט: „איי, געוואַלד, פאָטער אין הימל, יקום אלקים יפוצו אויביו וינוסו משנאיו מפניו; און דער שרייט מיט אַ ביטער קול און זאָגט: „אוי, אוי, טאַטע דערבאַרעמדיקער, גם צפור מצאה בית ודרור קן לה אשר שתה אפרוחי׳ את מזבחותיך ד׳ צבאו׳ מלכי ואלקי״; און דער שרייט מיט אַ בעטנדיקן קול און זאָגט: „טאַטע טייערער, דערבאַרעמדיקער, שובנו אלקי ישענו והפר כעסך עמנו״.

די חבריא קדישא, ווען זיי האָבן געהערט דעם קול פון געזאַנג פון תהלים־זאָגן, זיינען אויפגעציטערט געוואָרן. כאָטש זייערע הייליקע אויגן זיינען געווען פאַרמאַכט, האָבן זיך זייערע טרערן פון־זיך געגאָסן, און זייער האַרץ איז געווען צעבראָכן פון דעם קול תחנונים פון די אידן, וועלכע זינגען און זאָגן. יעדער

איינער פון דער חבריא קדישא האָט זיך געוואונטשן ביי זיך אין הארצן, אַז ער זאָל זוכה זיין צו דינען אַזוי דעם אויבערשטן.

דער בעל שם טוב האָט אַראָפּגענומען זיינע הענט פון די פּלייצעס פון די צוויי תלמידים, וועלכע זיינען געזעסן צו זיין רעכטער און לינקער זייט, און זיי האָבן שוין מער ניט געהערט דעם קול פון געזאַנג ביים זאָגן תהלים ווי פריער.

— ווען איך האָב געהערט דעם געזאַנג פון תהלים־זאָגן — האָט דערציילט דער מעזריטשער מגיד צו זיין תלמיד דעם אַלטן רבי'ן, — איז ביי מיר געווען השתפכות הנפש (אויסגיסונג פון נפש) און גרויס בענקעניש מיט אהבה בתענוגים, וואָס ביז דע־מאָלט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט זוכה געווען דערצו. אַפילו מיינע שיך זיינען געווען נאַס פון שוויס און טרערן פון אַ תשובה פנימית פון די טיפענישן פון האַרצן.

ווען דער בעל שם טוב האָט אויפגעהערט זינגען, איז די גאַנצע חבריא קדישא אַנטשוויגן געוואָרן, און נאָך אַ געוויסער צייט, וואָס ער איז געווען אין טיפער דביקות, האָט ער געעפנט די אויגן און געזאָגט:

„דאָס געזאַנג וואָס איר האָט געהערט איז דאָס דער געזאַנג פון פשוט'ע אידן, וועלכע זאָגן תהלים בתמימות און פון טיפן האַרצן מיט אמונה פשוטה. און איר, מיינע תלמידים, קדושי עליון, קוקט זיך איין און זעט: מה־דאָך מיר, וואָס מיר זיינען מער ניט ווי „שפת אמת" (ליפן — אָבער אויך „ברעג" — פון אמת), וואָרום דער גוף איז דאָך ניט קיין אמת און נאָר די נשמה איז אמת — איז פונדעסטוועגן דערקענען מיר אויך דעם אמת, דערפילן אים און ווערן נתפעל פון אים מיט גרויס התפעלות, כל שכן וקל־וחומר השם יתברך ויתעלה וואָס ער איז אמת לאמתו, דערקענט ער דעם אמת פון דעם תהלים־זאָגן פון פשוט'ע אידן".

דער אַלטער רבי האָט דערציילט זיין איי‏ניקל רבי מנחם מענדל — דער „צמח צדק" — אַז זיין רבי, דער מעזריטשער מגיד, האָט אים געזאָגט אַז אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אין גרויס צער, צוליב דעם וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט מהרהר געווען (איבערגעטראַכט) נאָך זיין רבי׳ן, און ער האָט געמאַכט פילע תיקונים די זאַך צו מתקן זיין און האָט זיך ניט געקענט באַרואיקן, פאַרוואָס ער האָט מהרהר געווען נאָך זיין רבי׳ן.

— איינמאָל באַנאַכט — דערציילט דער מעזריטשער מגיד — האָב איך געזען אַ דערהויבענעם און הויכן אָנבליק, אין וועלכן איך בין דורכגעגאַנגען אַ היכל וואו חדר־קינדער זיצן און לערנען חומש, און משה רבנו זיצט אויבן־אָן.

— אַלע קינדער אין יענעם היכל האָבן געלערנט פרשת לך לך. איינער פון זיי האָט געזאָגט מיט אַ הויך קול דעם פסוק [58]) „ויפול אברהם על פניו ויצחק ויאמר בלבו הלבן מאה שנים יולד ואם שרה הבת תשעים שנה תלד" (און אברהם איז געפאַלן אויף זיין פנים און האָט געלאַכט. און האָט געזאָגט ביי זיך אין האַרצן: קען דען אימיצער צו הונדערט יאָר מוליד זיין, און שרה — קען זי דען צו ניינציק יאָר געבאָרן?). און משה רבנו דערקעלרט צו די קינדער, אַז אַלע פירושים זיינען אמת, אָבער קיין פסוק גייט ניט אַוועק אויך פון זיין פשט. און אויב איר וועט פרעגן — ווי אַזוי קען זיין אַז אברהם זאָל האָבן אַ מחשבה פון ספק אין דעם אויבערשטנס אַ וואָרט? זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז מצד דעם גוף, וואָרום אויך אַ הייליקער גוף איז פליש.

— ווען איך האָב דאָס געהערט — דערציילט דער מעז־ריטשער מגיד — אַז מצד דעם גוף קענען געמאָלט זיין פאַרשי־

דענע מחשבות און הרהורים וועלכע קומען ממילא, פון זיך — האָב איך זיך באַרואיקט.

עס איז איבעריק צו זאָגן — פאַרענדיקט דער רבי (מוהריי״צ) נ״ע די דאָזיקע דערציילונג — אַז פון דעמאָלט ביז היינט האָט זיך דער צושטאַנד געענדערט, און כאָטש אַז אין די דורות פון אונזערע הייליקע רביים איז — מיט דעם אויבערשטנס הילף — תורת החסידות און דרכי החסידים אויסגעבויט און פאַרברייטערט געוואָרן, זיינען אָבער אין אונזערע צייטן די מוחות קלענער געוואָרן און די הערצער איינגעשרענקט געוואָרן, סיי אין באַ־גרייפן, פאַרשטיין און זיך פאַרטיפן, און סיי אין פאַרנעמען זיך מיט דער עבודה פון האַרצן און פאַרריכטן מדות. אָבער די ריינע אמונה און די ליבלעכע תמימות האָבן אויך היינט — בחסדי ה׳ און אין זכות פון די אבות הקדושים — שטאַרקן כח ווי אַמאָל, אויפצולעבן מיט אַ חיות פנימי אין תורה, קיום המצוות און מדות טובות.

דעם דאָזיקן וועג פון דערנענטערן זיך מיט פשוט׳ע אידן האָט טאַקע דער בעל שם טוב איבערגעגעבן בירושה צו זיינע תלמידים און תלמידי־תלמידים, די אָנפירער פון דער חסידישער באַוועגונג אין זייערע דורות ביז צו אונזער דור, און דער וועג ברענגט גוטע פירות אין דערהויבן און שטאַרקן אידן, און האָט אַ סך צוגעהאָלפן אויסצוגלייכן דעם חוט השדרה פון דעם אידישן פאָלק אין דער אויספירונג פון זייער אמת׳ער שליחות אויף דער וועלט.

* * *

מורנו הבעל שם טוב האָט מתפלל געווען און געמאַכט אַ פדיון נפש ווען איינער איז געווען שרוי צער, און ניט נאָר וועגן

אַזאַ ווען ער האָט געקענט, נאָר ער האָט געהערט אַ אידנס קרעכץ אַפילו ער איז געווען אין עק וועלט.

מורנו הבעל שם טוב האָט זיך מוסר נפש געווען אויף אהבת ישראל אַפילו צו דעם וועלכן ער האָט גאָרניט געקענט [59]).

* * *

באַם בעל שם טוב איז געווען אַ חסיד, אַ פשוט׳ער המון־מענטש, וועלכער איז געווען אַ גרויסער ירא־שמים, און פלעגט זיך מפרנס זיין פון זיין אייגענער פראַצע פון גראָבן ברונעמער. מיום עמדו על דעתו (פון זינט ער איז געקומען צו זיין פאַרשטאַנד) איז ער נזהר געווען פון עסן ברויט מיט וועלכן ס׳איז צוגאָב, נאָר מיט זאַלץ און וואַסער, אָבער זיין הויזגעזינד האָט ער גע־שפייזט מיט ברויט און צוגאָב אויף וויפיל ער האָט געקענט, און ער אַליין האָט קיינמאָל ניט פאַרזוכט דעם טעם פון פלייש. ער איז געווען קלאָר אין חמשה חומשי תורה און אין תהלים אויסנווייניק. פירוש המילות האָט ער געקענט בדוחק, און אין עטלעכע ערטער האָט ער ניט געוואוסט דעם טייטש, אָבער ער פלעגט תמיד איבער׳חזר׳ן די אותיות ביי זיין אַרבעט און באַם גיין. דער בעל שם טוב פלעגט אויף אים זאָגן:

— הערשל גרעבער האָט אַ דיעה אין הימל [60]).

* * *

איינמאָל האָט דער בעל שם טוב געזען אַ גרויסן קטרוג אויף אידן ר״ל, און האָט זיך באַראַטן מיט זיינע הייליקע תלמי־דים, און זיי האָבן געפאַסט אַ סך תעניתים און האָבן ניט געקענט פועל׳ן. האָט מען גע׳פועל׳ט באַם רב ער זאָל גוזר תענית זיין (דאָס הייסט, דער רב האָט ניט געוואוסט די מעשה בפנימיות, בלויז דורך אַ תירוץ און צוליב אַפענע טעמים האָט מען גע־פועל׳ט ער זאָל גוזר תענית זיין). בעת דעם תענית, ווען מענער

און פרויען האָבן זיך פאַרזאַמלט צו זאָגן תהלים, האָט דער בעל שם טוב געזען, אַז די גזירה איז נאָך אַלץ פאַראַן. דערנאָך האָט דער בעל שם טוב זיך געווענדעט צו ר׳ נחמן האָראָדענקער און געזאָגט מיט גרויס שמחה און מיט אַ ליכטיק פנים, אַז די גזירה איז בטל געוואָרן, און אַלע תלמידים האָבן זיך שטאַרק געפרייט.

ווען דער בעל שם טוב איז געזעסן צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, האָט ער זיי דערציילט, אַז איין פרוי האָט מבטל געווען די גזירה, וואָרום בעת דעם תהלים־זאָגן אין שול, ווען אַלע האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, האָבן זיך דעמאָלט געשטאַרקט די טענות פון דעם מקטרג און עס איז געווען אַ גרויסער צער. אין דער ווייבערישער שול איז דאָן געווען אַ פשוט׳ע אידענע וועלכע האָט אַפילו קיין תהלים ניט געקענט זאָגן, און ווען זי האָט געהערט די בכיות און קולות האָט זי געזאָגט: רבונו של עולם! דו ביזט דאָך אונזער טאַטע, דיינע קינדער בעטן דיר מיט ביטערע געוויינען. איך האָב פינף קינדער, איז אַז זיי הויבן אָן צו שרייען קען איך ניט ליידן, היינט דער אויבערשטער אַז ער האָט אַזויפיל קינדער, אַפילו ער זאָל האָבן אַ טאָטערשע האַרץ, דאַרף ער זיי אויך ענטפערן. טאַטע ענטפער דיינע קינדער.

די דאָזיקע פשוט׳ע ווערטער האָבן פאַרמאַכט דאָס מויל פון דעם מקטרג [פג].

* * *

געווען אַ מעשה אין די צייטן פון בעל שם טוב, וואָס עס איז געווען אַ קטרוג פון פאַרניכטונג ר״ל אויף איין קהילה, און ווען דער בעל שם טוב האָט געזען די האַרבקייט פון דער לאַגע, האָט ער יענעם ראש השנה און יום כיפור פיל תפילה געטאָן מיט גרויס תחנונים.

בעת נעילה האָבן די תלמידים דערקענט אין דעם בעל שם טוב׳ס דאַווענען, אַז די לאַגע פון דעם קטרוג ר״ל איז זייער אַן ערנסטע, האָבן זיי זיך אויך אָנגעשטרענגט מיט תפילות און תחנונים און מיט געוויין פון טיפן האַרצן.

ווען די מתפללים אין שול און אין דער ווייבערישער שול האָבן געזען ווי דער בעל שם טוב און זיינע הייליקע תלמידים שטרענגען זיך אָן אין דאַווענען און האָבן געהערט זייערע ביטע־רע געשרייען, איז זייער האַרץ צעבראָכן געוואָרן און זיי האָבן אויך געווײנט באַם דאַווענען.

ווען זיי האָבן געזען, אַז עס איז שוין געקומען די צייט צו דאַווענען מעריב, און דער בעל שם טוב און די הייליקע תלמידים שטייען נאָך אויף די ערטער און שטרענגען זיך אָן אין זייערע תפילות — האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז אַ שרעקלעכע, און מענער און פרויען האָבן געוויינט פון די טיפעניש פון דעם פינטעלע האַרץ מיט געוואַלדיקע געוויינען און עס איז געוואָרן אַ גרויסער שטורעם.

זינט עטלעכע יאָר פלעגט אַ אידישער דאָרפס־אינגל, אַ פּאַסטוך פון שאָף און רינדער, קומען אויף די פאָרכטיקע טעג אין דעם בעל שם טוב׳ס שול. אַזוי ווי ער איז געווען פולשטענדיק אַן אומוויסנדער, פלעגט ער שטיין און צוהערן זיך און שווייגנדיק זיך איינקוקן אין דעם חזנ׳ס פנים.

אַלס אַ דאָרפישער, איז ער געווען געוואוינט צו די שטימען פון בהמות, ציגן, שאָף און פייגל, און דעם אויבן־אָן האָט באַ אים פאַרנומען דאָס קרייען פון אַ האָן.

ווען ער האָט געהערט די געוויינען אין שול און אין ווייבער־שול, און די שטאַרקע געשרייען, איז אויך זיין האַרץ צעבראָכן

געוואָרן, און ער האָט אויסגערופן אויפן הויכן קול: „קוקו־רעקו־האָן, ג־ט האָב רחמנות!"

ווען עס האָט זיך דערהערט אין שול דאָס העגערישע קול, האָבן זיך די מענער אין שול און די פרויען אין ווייבער־שול דערשראָקן, און האָבן ניט געוואוסט ווער עס קרייעט. אָבער ווען זיי האָבן געהערט דאָס געשריי: „ג־ט האָב רחמנות", האָבן זיי געזען אַז דאָס איז געווען דער דאָרפס־אינגל.

איינער פון די מתפללים, וועלכער איז געשטאַנען לעבן דעם אינגל, האָט אויף אים אָנגעשריען אים שטיל צו מאַכן, און מען האָט געוואָלט אים אַרויסטרייבן. האָט ער זיי געזאָגט: איך בין אויך אַ איד, און אייער ג־ט איז אויך מיין ג־ט.

דער אַלטער שמש ר׳ יוסף יוזפא האָט באַרואיקט די געמי־טער פון די מתפללים, און געהייסן דעם דאָרפס־אינגל פאַרבלייבן אויף זיין אָרט ווי פריער.

עטלעכע מינוט נאָך דער מעשה מיט דעם דאָרפס־אינגל, האָט זיך דערהערט דעם בעל שם טוב׳ס קול, און נאָך אים די הייליקע תלמידים, וועלכע האָבן זיך געאיילט צו פאַרענדיקן די נעילה׳־דיקע שמונה־עשרה, און דעם בעל שם טוב׳ס הייליקער פנים האָט געלויכטן פון פרייד.

מיט אַ ספּעציעלן ניגון האָט דער בעל שם טוב אָנגעהויבן די חזרת הש״ץ פון נעילה, און מיט אַ באַזונדערער התעוררות האָט ער געזאָגט די פסוקי היחוד — שמע ישראל, ברוך שם, הוי׳ הוא האלקים.

און דער בעל שם טוב האָט געזונגען פריילעכע ניגונים.

ווען דער בעל שם טוב האָט זיך געזעצט מיט די הייליקע תלמידים צו דער סעודה פון מוצאי יום־כיפור, האָט ער דער־ציילט אַלע פרטים פון דעם קטרוג — ר״ל — וועלכער איז געווען

אויף אַ אידישער עדה. און ווען ער האָט זיך אָנגעשטרענגט אין זיין תפילה מעורר צו זיין רחמי שמים אויף דער עדה, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, ר״ל, מיט אַ גרויסן קטרוג אויף אים אַליין, פאַרוואָס ער טוט וועגן באַזעצן אידן אין דערפער, וואו זיי קענען זיך ח״ו אָפּלערנען פון זייערע שכנים.

— ווען מען האָט גענומען אונטערזוכן די מעשים פון די דאָרפישע אידן, האָב איך געזען — דערציילט דער בעש״ט — אַז דער מצב איז זייער שווער און איך בין געשטאַנען זייער שלעכט. אָבער פלוצים האָט זיך אין הימל דערהערט דער רוף פון דעם אומשולדיקן דאָרפס־אינגל „קוקו־רעקו־האָן, ג־ט האָב רחמנות", וואָס דער דאָזיקער רוף פון דעם אומשולדיקן דאָרפס־אינגל האָט גורם געווען אַ קורת־רוח ביז די העכסטע היכלן, און עס זיינען בטל געוואָרן די קטרוגים קעגן דער עדה און קעגן מיר [62]).

* * *

אין אַן אַנדער אָרט דערציילט כ״ק אדמו״ר (מהוריי״צ) נ״ע:

דער איבער צוויי הונדערט יאָריקער „אהבת ישראל" וואָס מורנו הבעל שם טוב נ״ע האָט פאַרפלאַנצט — נוטע געווען — באַ דער עדת החסידים פון אַלע מפלגות החסידים, די פאַרשידנ־אַרטיקע ענפים פון דעם אילנא דחיי׳ (די צוויגן פון דעם לעבנס־בוים), תלמידי מורנו הבעל שם טוב ותלמידי תלמידיו, חבריא קדישא זי״ע, וואָס האָבן אַרומגענומען — אַן עין הרע — דריי פערטל — כן ירבו — פון דעם כלל ישראל, האָט געהאַט אַ, גרויסע, גוטע ווירקונג אויך אויף די יראים ושלמים פון דעם פערטן טייל פון דעם כלל ישראל אין דעם פרט פון אהבת ישראל.

אהבת ישראל איז אַ ירושה וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט מנחיל געווען (געמאַכט ירש׳ענען) דעם כלל ישראל. באַ מיר

איז פאַראַן [63]) אַ רשימה אין מיינע זכרונות פון יאָר תרנ״ו, ווי אַזוי דער בעל שם טוב איז אין דעם טאָג וואָס אים איז געוואָרן זעכצן יאָר — בשנת תע״ד — געקומען, דורך אַ געוויסן וואָרט וואָס ער האָט געהערט פון אליהו הנביא, צו אַ דרך אין עבודה, וועלכער איז דער מקור צום ענין פון אהבת ישראל, וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט נוטע געווען (איינגעפלאַנצט) אין זיינע הייליקע תלמידים און אין זיינע מקושרים ווען ער איז געוואָרן דער נשיא פון עדת הצדיקים [64]).

אין דעם פיוס [65]) וואָס הקדוש ברוך הוא האָט כביכול מפייס געווען די לבנה איז דאָ דאָס וואָס צדיקים יקראו על שמך (צדיקים וועלן גערופן ווערן אויף דיין נאָמען). צדיקים זיינען ווי די לבנה. דער שמש (זון) איז אַלעמאָל גלייך, אָבער די לבנה האָט זמנים קבועים (באַשטימטע צייטן) ווען זי ווערט נתעלה מקטנות לגדלות (ווערט דערהויבן פון קליינקייט צו גרויסקייט). ווען די לבנה איז נאָך בתחלת חידושה און איז נאָך בתכלית הקטנות איז דאָס אויך דער לבנה־מהות, נאָר עס איז נאָך אין קטנות. אָט אַזוי איז מיט צדיקים: ווען זיי זיינען נאָך גאָר יונג אין יאָרן זיינען זיי אויך צדיקים במהותם, נאָר עס איז בקטנות, און זיי וואַקסן מזמן לזמן. אַזוי איז אויך געווען מיט מורנו הבעל שם טוב נ״ע.

ווי עס איז באַוואוסט, איז מורנו הבעל שם טוב נ״ע נאָך אַלס קינד אַריינגענומען געוואָרן אין דער עדת הצדיקים הנסתרים, און איז געוואַקסן מזמן לזמן בעילוי אחר עילוי, וואָס דעם אמת׳ן מעמד ומצב הקדוש פון דעם בעל שם טוב האָבן פיל יאָרן די גרעסטע פון עדת הצדיקים הנסתרים און זייער נשיא הגאון הצדיק ר׳ אדם בעל שם אויך ניט געוואוסט.

מורנו הבעל שם טוב איז געווען אַ צדיק נסתר אויך אַפילו

פאַר די עדת צדיקים הנסתרים און זייער הייליקן נשיא, נאָר זייענדיק אַ בעל כשרון מופלא און אַ בעל מדות טובות איז ער אַלס ניינצן־יאָריקער יונגערמאַן אַריינגענומען געוואָרן אין דעם ועד פון דער חבריא קדישא אַלס חבר טוב כאחד מהם.

ווען דער בעל שם טוב נ״ע האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ פּלאַץ צווישן דער חבריא קדישא פון די צדיקים הנסתרים, האָט ער פאָרגעשלאָגן אַ נייעם דרך אין עבודת הצדיקים: אַז זיי זאָלן געבן אַ שימת לב אויף די פשוט׳ע אידן, אויף צו שטאַרקן זיי אין זייער פשוט׳ער עבודה פון דאַווענען און זאָגן תהלים בתמימות, און זעען אַז אין די ישובים און קרעטשמעס זאָלן זיין מלמדים וואָס זאָלן לערנען מיט די קינדער און זאָגן אגדה פאַר די עלטערן.

דעם בעל שם טוב׳ס פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן און אין אַ פאָר יאָר האָט מען געזען אַ דערפאָלגרייכן תועלת. און מיט דער נשיאות פון בעל שם טוב (תצ״ד—תק״כ) האָט זיך דער דרך פון דערהויבן די פשוט׳ע אידן און אויסראָטן די עם־הארצות דורך קירוב געקראָגן אַ ברייטערן פאַרנעם.

דער דרך הבעל שם טוב, וואָס ער האָט במשך פון יאָרן אַליין געטאָן און שפּעטער געבעטן זיינע חברים, די הבריא קדישא, אַז זיי זאָלן אויך אַזוי טאָן: מזכה זיין אידן, אנשים, נשים וטף אַז זיי זאָלן אין זייערע היימען און אַרבעט־פּלעצער לויבן השי״ת פאַר בריאות און פרנסה, דורך דעם וואָס מען פרעגט זיך באַ זיי נאָך אויף זייער מצב אין געזונט און פרנסה און דעם מצב הבריאות פון זייערע בני־בית און זיי ענטפערן מיט אַ שבח והודי׳ להשי״ת — האָט זיך זייער פאַרשפּרייט צווישן די אידן אין פיל הונדערטער שטעטלעך און ישובים.

נאָך בזמן הנשיאות פון הגאון הצדיק ר׳ אדם בעל־שם,

ווען מורנו הבעל שם טוב האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דעם וועד של שלשה, האָט דער בעל שם טוב מציע געווען דעם נשיא און די חבריא קדישא אַז זיי זאָלן אין זייער עבודת הקודש מאַכן די גרעסטע תעמולה פאַר דער מדה טובה פון אהבת ישראל.

אַ תורה שלמה מיט פיל הלכות האָט מורנו הבעל שם טוב אַנטוויקלט אין דער מסכת אהבת ישראל נאָך אין דעם זמן וואָס ער איז געווען אַ נסתר, און ווען עס איז געקומען די גליקלעכע צייט וואָס פון הימל האָט מען אים מכריח געווען ער זאָל נתגלה ווערן, האָט דער בעל שם טוב צווישן אַנדערע זיינע עבודות הקודש נאָך מער פאַרצווייגט און פאַרשטאַרקט דעם אהבת ישראל דרך, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט געבראַכט פיל צענדליקער טויזנטער אידישע משפחות אין די שטעט און ישובים און קרעטשמעס צו ווערן נעענטער צום דרך הבעל שם טוב נ"ע [60]).

---

52) ספר המאמרים תש"ט (קונטרס סה), עמוד 141.

53) „התמים", חוברת ח, עמוד מ.

54) זע שיחת כ"ק אדמו"ר (מהוריי"צ) נ"ע ל"ג בעומר תש"ז.

*54) לקוטי דבורים פערטער באַנד ע' 1582.

**54) ווי באַוואוסט פלעגט דער אַלטער רבי רופן דעם בעש"ט „זיידע" — אין גייסטיקן זין.

***54) זע אורחות צדיקים שער יז.

55) זע קובץ מכתבים א, וואַרשע, אלול תרצ"ז און „התמים", חוברת ב, עמודים סט־עב.

56) ברכות לד, ב. סנהדרין צט, א.

57) אַ פסוק אין תהלים. ווי אויך די ווייטערדיקע.

58) בראשית יז, יז.

59) ספר השיחות קיץ ה'ש"ת, עמוד 115.

60) ספר המאמרים תש"ט (קונטרס סד), עמוד 87.

61) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ג), עמודים עג־146.
62) תורת החסידות (קונטרס מז), עמודים 5־6.
63) זע אויבן פרק ב, עמוד יח און ווייטער.
64) זע ח״י אלול תש״ג (קונטרס מה), עמוד 18.
65) חולין ס, ב.
66) ח״י אלול תש״ג (קונטרס מה), עמוד 19־20.

ה.

## דער דאָרן וועלכער ווערט נישט פאַרברענט

דער רבי [67]) — כ״ק אדמו״ר הזקן — זייענדיק אין מעזריטש איז חוץ דעם וואָס ער האָט געהערט די תורות וועלכע דער מעזריטשער מגיד האָט געזאָגט ברבים און פאַר די תלמידים, החבריא קדישא, ביחוד, האָט דער מגיד געהאַט באַשטימטע צייטן ווען ער פלעגט פאַר אים — דעם רבי׳ן — זאָגן תורה ביחידות.

די תורה וועלכע דער מגיד פלעגט זאָגן פאַרן רבי׳ן ביחוד זיינען געווען מערסטנס פון די תורות וועלכע ער האָט געהערט פון בעל שם טוב.

הרב הגאון החסיד ר׳ יצחק אייזיק מוויטעבסק [68]) האָט דערציילט דעם זיידן [69]) אויספירלעך וועגן דער גרויסער ויכוח־אסיפה וואָס איז פאָרגעקומען צווישן דעם רבי׳ן — כ״ק אדמו״ר הזקן — און די גאוני עולם פון ווילנא, שקלאָוו, בריסק, מינסק, סלוצק אין יאָר תקמ״ג אין מינסק.

צווישן די טענות וועלכע די גאוני המנגדים האָבן אַרויס־געשטעלט קעגן דער שיטת הבעל שם טוב ותלמידיו זיינען געווען צוויי אַלגעמיינע גרונד־טענות.

איינס: שיטת הבעל שם טוב איז מחייב, אַז אויך פשוט׳ע מענטשן באַדאַרפן שטאַרק אַכטן זייער תפילה און זייער תהלים־זאָגן, הגם אַז לא ידעי מאי דקאמרי (זיי ווייסן ניט וואָס זיי זאָגן), וואָס מיט דער שיטה גיט מען אַ רמות רוח די עמי־הארצים

און מען איז משפיל דעם כבוד פון תלמידי־חכמים. אַלע ווייסן — האָבן די גאונים געשטורעמט — אַז פּורעניות וואָס איז באַ לעולם איז נאָר צוליב די עמי־הארצים [ט]).

צווייטנס: שיטת הבעל שם טוב איז אַז אויך אַ גאון אַ צדיק באַדאַרף תשובה טאָן, וואָס מיט דער שיטה האַקט מען אונטער דעם כבוד התורה און כבוד תלמידי־חכמים, וואָס כל התורה כולה שבכתב און שבעל פה איז פול מיט דעם, אַז תלמידי־חכמים זיינען דער יסוד העולם (פונדאַמענט פון דער וועלט) און מרבים שלום בעולם (מערן שלום אין וועלט) און זיי זיינען די אמת׳ע בנאים (בויער) — און שיטת הבעל שם טוב מאַכט זיי פאַר אַזעלכע אַז זיי באַדאַרפן תשובה טאָן.

* * *

דער ויכוח וואָס איז פאָרגעקומען אין מינסק — האָט הגאון החסיד ר׳ יצחק אייזיק דערציילט — איז געווען איינגעטיילט אין צוויי טיילן. איין טייל איז געווען אַ פאַרהער אין לומדות, די מנגדים האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן ניט האָבן קיין שום ויכוח מיט די חסידים וואו זיי וועלן ניט זיין זיכער אַז זייער מנהיג איז אַ למדן, און דאַן ערשט וועלן זיי פאָרלייגן זייערע טענות — דער צווייטער טייל פון זייער ויכוח.

דער רבי האָט מסכים געווען אויפן פאָרשלאַג פון די מנגדים צו פאַרהערט ווערן אין לומדות פון די גאונים, מיט דעם תנאי, אַז אויך דער צד החסידים איז באַרעכטיקט צו פאַרהערן אין לומדות דעם צד השני, אויף וואָס די מנגדים האָבן מסכים געווען.

— אין אַן אַנדער פלאַץ ווערט באַרוכה איבערגעגעבן דער טייל לומדות פון דעם ויכוח וואָס עס איז דאַן פאָרגעקומען. אַז דער רבי האָט געענטפערט אויף אַלע שאלות וואָס מען האָט

אים געשטעלט און אויף זיינע שאלות, וועלכע ער האָט געשטעלט דעם צד השני, האָט ער אויף אַ באַדייטנדיקן טייל קיין ענטפער ניט באַקומען. —

דעם רבי׳נס סגנון איז געווען אַ קלאָרער און אַ דייטלעכער. הן די ענטפערס אויף די שאלות און הן די שאלות וועלכע ער האָט געשטעלט, איז אַלץ געווען אין קורצע און דייטלעכע קלאָרע ווערטער, און לפי ערך די טיפקייט פון די ענינים איז דאָס אַלץ געווען אין קורצע פראַזן וועלכע האָבן געמאַכט זייער אַ גוטן רושם אויף אַלעמען. פון די גאוני הגאונים ביז די געוויינ־לעכע גמרא־בלאַט אידן האָבן הנאה געהאַט ביים הערן.

די גאוני הגאונים, הישיש הר״ר אהרן יעקב סלוצקער ראש־ישיבה, מיין פעטער הישיש ר׳ זעלמעלע סטוצקער און דער עלטסטער ראש־ישיבה אין ישיבת הראב״ד הגאון האדיר ר׳ מנחם שלמה האָבן געבעטן דעם רבי׳ן ער זאָל פאַרענטפערן זיינע שאלות. דער רבי האָט ממלא געווען די בקשות הגאונים. נאָר בלויז צוויי ענינים זיינען געבליבן ניט פאַרענטפערט.

אויף די אויבנדערמאָנטע צוויי גרונד־טענות האָט דער רבי געענטפערט:

דער יסוד פון שיטת מורנו הבעל שם טוב און די תורות פון רבי׳ן, דעם מעזריטשער מגיד, וואָס איז דער אור המאיר אין די דרכי העבודה פון תלמידי הרב המגיד ממעזריטש איז מיוסד (באַגרינדעט) אויף דער ערשטער ג־טלעכער התגלות (אַנטפלעק־קונג) צו משה רבינו.

דער רבי, דער מעזריטשער מגיד, האָט פאַר מיר איבער־געזאָגט אַ תורה וואָס ער האָט געהערט פון רבי׳ן מורנו הבעש״ט:

* * *

**וירא** מלאך הוי׳ בלבת אש מתוך הסנה וירא והנה הסנה בוער

באש והסנה איננו אוכל, ויאמר משה אסורה נא ואראה את המראה הגדול הזה. דער תרגום איז מפרש ואתגלי מלאכא דה׳ לי׳ בשלהובית אשתא מגו אסנא. ואתגלי הייסט התגלות. דער ענין פון התגלות איז אַז יעדער נאָך זיין דרגא זאָל באַנעמען דעם גילוי. התגלות איז דער טייטש אַז דער גילוי קען צוגע־נומען ווערן אויך אַפילו אין די נידעריקע דרגות. דערפאַר איז אויפן פסוק וירד הוי׳ על הר סיני זאָגט דער תרגום ואתגלי ה׳ על טורא דסיני. וואָס דער תרגום פון וירד איז דאָך ונחת, ווי אויף דעם פסוק וירד יהודה זאָגט דער תרגום ונחת יהודה, אויפן פסוק וירד הגבול זאָגט דער תרגום ויחות תחומא, נאָר אויפן פסוק ארדה נא זאָגט דער תרגום אתגלי כען. טייטשט ער דאָ דעם ארדה ווי דעם וירד פון מתן תורה וואָס די כוונה איז התגלות, וואָס התגלות מיינט אַ גילוי וועלכער קען צוגע־נומען ווערן אויך אַפילו אין די גאָר נידעריקסטע דרגות, ווי אין מתן תורה איז געווען אַז אַלע, פון דער העכסטער דרגא ווי משה רבינו ביז דעם פחות שבישראל, האָבן מקבל געווען פון מתן תורה. און דאָס מיינט דער תרגום ואתגלי מלאכא דה׳ אַז דאָס איז אַן ענין פון התגלות.

וואָס איז די התגלות בלבת אש — זאָגט רש״י בשלהבת של אש בלבו של אש. וואו באַוויזט זיך דער שליח השם — אין דער האַרץ פון פייער. די האַרץ פון פייער איז די כוונה, די פנימיות — ערנסטע תמימות׳דיקע פאַרקאָכטקייט וואָס דאָס איז דער רשפי׳ רשפי אש שלהבת י״ה.

וואו איז דער לבת אש, די האַרץ פון פייער, מתוך הסנה. זאָגט רש״י ולא אילן אחר משום עמו אנכי בצרה. צרה איז די כוונה עולם הזה. עולם הזה ווערט אָנגערופן צרה ווייל ער איז אַ מקום צר. די עולמות העליונים וואו דער אור אין סוף איז

בגילוי זיינען אַ מקום רחב, אָבער דער עולם הזה וואו דער אור אין סוף איז מלובש בדרכי הטבע איז דאָס אַ מקום צר און דערום ווערט עולם הזה אָנגערופן צרה. די כוונה העליונה איז, אַז דורך דער עבודה אין לימוד התורה און קיום המצות זאָל מען מאַכן פון צרה צהר, באַלייכטן די וועלט מיט דעם אור התורה ומצות.

ווי עס שטייט כי האדם עץ השדה, עס זיינען פאַראַן עצי מאכל ווי ר' יוחנן זאָגט [71]), אַז דאָס זיינען די תלמידי־חכמים און עס איז פאַראַן אַ סנה. דער לבת אש איז אין סנה. תלמידי־חכמים וועלכע לערנען תורה זיינען אש, ווייל תורה נמשלה לאש. אָבער דאָס איז ניט כי איננו אוכל, ווייל די תלמידי־חכמים זיינען מרוה זייער אָש מיט די חדושי תורה וועלכע זיי זיינען מחדש. אָבער דער סנה, די אנשים פשוטים, וואָס אין זיי איז דער לבת אש, די האָרץ פון פייער, באַ זיי, מיט זייער ערנסטע, תמימות'־דיקע תפילות און תהלים־זאָגן, הגם דלא ידעי מאי קאמרי אָבער ווייל דאָס קומט פון דער אמונה פשוטה, איז דער לבת אש איננו אוכל, דאָס ווערט קיינמאָל ניט געשטילט און זיי האָבן אַ תשוקה גדולה צו ג־טלעכקייט און תורה ומצות.

ויאמר משה אסורה נא, זאָגט רש"י: אסורה מכאן להתקרב לשם. אַז משה רבינו האָט פאַרשטאַנען די מחזה העליונה, וואָס מען באַווייזט אים די מעלה הגדולה פון אנשים פשוטים לגבי תלמידי חכמים, אַז דער לבת אש איז נאָר אין סנה, איז ער געקומען צו דער דרגא פון תשובה. נאָר להיות משה רבינו איז דאָך געווען אַ צדיק גמור, וואָס דער אופן התשובה פון אַ צדיק גמור איז באופן אחר ווי די געוויינלעכע תשובה, באַ דעם געבורט פון משה רבינו זאָגט די תורה ותרא אותו כי טוב הוא, שנתמלא הבית כולו אורה [72]), איז זיין אופן תשובה אסורה מכאן להתקרב לשם, וואָס די כוונה איז אַז מען באַדאַרף זיך ניט

מסתפק זיין מיט דעם מעמד ומצב וואָס מען שטייט. אַפילו אַ צדיק גמור ווי משה רבינו דאַרף האָבן די עבודה פון אסורה מכאן להתקרב לשם, וואָס דאָס איז די תנועה פון תשובה.

* * *

אין דער דאָזיקער תורה — האָט דער רבי געזאָגט — זאָגט דער בעל שם טוב קלאָר אַרויס זיין שיטה אין עבודת הבורא ברוך הוא, אַז דער לבת אש, די האַרץ פון פייער, איז באַ פשוט'ע תמימות'דיקע אידן. און דער אידישער סנה איז איננו אוכל, ער ווערט קיינמאָל ניט געשטילט. אין דער צייט וואָס דער אש התורה פון תלמידי־חכמים בכלל און גאונים בפרט, ווערט געשטילט דורך דעם פאַרגעניגן פון זייערע חידושי תורה, איז באַ די אנשים פשוטים דער לבת אש ניט געשטילט, אדרבה דורך זייערע האַרציקע תפילות און פשוט'ן תהלים־זאָגן ווערט באַ זיי דער לבת אש נאָך שטאַרקער מיט נאָך אַ גרעסערע תשוקה און המשכה צו ג־טלעכקייט. דער רבי דער בעל שם טוב זאָגט אַרויס ריין־קלאָר זיין שיטה אין דער עבודת הצדיקים, אַז עס באַדאַרף זיין אין אַ כסדר'דיקער עליי'. דער היינט באַדאַרף זיין אויף צוקומען צו אַ העכערער דרגא אין עבודת הבורא ווי די נעכטיקע דרגא, און די מאָרגנדיקע דרגא אין עבודת הבורא באַדאַרף זיין אַ העכערע פון דער היינטיקער, וואָס די כללות העבודה איז אַ תנועה פון תשובה.

די שיטה פון רבי'ן דעם בעל שם טוב איז מיוסד אויף דער ערשטער ג־טלעכער התגלות צו משה רבינו, וואָס ער איז געוועזן דער, ווען השי"ת האָט בוחר געווען צו זיין דער גואל ראשון און דער גואל אחרון [73].

די התגלות אלקות צו משה רבינו איז ניט גלייך צו דער התגלות אלקות צו נח'ן און אַפילו צו אברהם אבינו.

די התגלות אלקי צו נח׳ן איז אַ התגלות פרטית וואָס קומט מצד אהבה פרטית, ניי די אהבה און קירוב פון השי״ת צו נח׳ן איז געווען נאָר אַן ענין נשיאות חן, ווי עס שטייט ונח מצא חן, צי די אהבה וקירוב איז געווען מצד זיין צדקות ווי עס שטייט כי אותך ראיתי צדיק לפני בדור הזה, אבל בכל אופן איז די התגלות געווען אין אַן אופן פרטי.

די התגלות אלקי צו אברהם אבינו איז געווען גאָר אין אַן אַנדער אופן, אַ התגלות אלקות מיט געוויסע הוראות אין דרכי עבודת השי״ת און מיט גרויסע נסיונות. געוויס איז די התגלות אלקי צו אברהם אבינו אין אַ פיל העכערער דרגא ווי צו נח׳ן, אָבער נאָך אַלעם דעם איז די אהבה וקירוב אין דער התגלות אלקות צו אברהם אבינו מער אַ פרטיות׳דיקע און על שם העתיד.

עס שטייט: כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך הוי׳ לעשות צדקה ומשפט, מאַכט רש״י: כי ידעתיו איז אַן אויסשפּראַך פון אהבה און פאַרוואָס די אהבה, ווייל אברהם וועט לערנען און אָנזאָגן זיינע קינדער און הויז־געזינד אָפּצוהיטן און צו גיין אין דרכי השי״ת.

די התגלות אלקות צו אברהם אבינו איז בעיקרה געווען אַ פרטיות׳דיקע, נאָר אין אַ העכערער דרגא ווי די התגלות צו נח׳ן, ווייל אברהם אבינו איז געווען אַ גרעסערער עובד הוי׳ פון נח׳ן, און אויך איז אין דער התגלות אלקות צו אברהם אבינו געווען נאָך אַן ענין, אָט דער כי ידעתיו למען אשר יצוה, וואָס דאָס האָט געמאַכט גרעסער די התגלות אלקות צו אים און ער ווערט אָנגערופן [74]) אוהבו של מלך.

אָבער די התגלות אלקות צו משה רבינו איז ניט נאָר אַ פרטיות׳דיקע, ווייל ער איז געווען אַן עובד השי״ת, נאָר עס איז

אַ התגלות אלקות כללי, וואָס אַזאַ התגלות איז נאָר צו דעם וואָס השי״ת האָט אים בוחר געווען פאַר אַ מנהיג און גואל ישראל.

די התגלות אלקות צום גואל און מנהיג איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אים באַוויזן אַז אַ מנהיג ישראל, וואָס באַדאַרף זיין דער שליח הגאולה, באַדאַרף געפינען דעם לבת אש אין אַ סנה, אין דעם פשוט׳ן אידן. און זיין גאַנצע עבודה באַדאַרף זיין אַרויסצובאַרענגען און אַנטפּלעקן דעם לבת אש אין דעם סנה, וואָס דאָס איז נאָר דורך דער עבודה פון אסורה נא מכאן להתקרב לשם.

---

67) קונטרס ביקור שיקאַגאָ, ע׳ 21־25.

68) זע וועגן אים אין בריוו „אבות החסידות״, אָנפאַנגענדיק פון אות כב („התמים״, חוברת ד, ע׳ כח).

69) כ״ק אדמו״ר מהר״ש נ״ע. זע שלשלת היחס אין קובץ היום יום, עמוד 8. ספר התולדות — אדמו״ר מהר״ש.

70) בבא בתרא ח, א.

71) תענית ז, א.

72) סוטה יב, א. — און זי האָט אים געזען אַז ער איז גוט — ווייל ס׳איז אָנגעפילט געוואָרן דאָס גאַנצע הויז מיט ליכטיקייט.

73) זע שמות רבה פ״ב ס״ד. זהר חלק א׳ רנג, א. שה״פ פ׳ ויחי. תורה אור אָנפאַנג פ׳ משפטים.

74) בראשית רבה פמ״ב. און נאָך.

ו.

## ווען דיינע קוואַלן וועלן זיך צעשפרייטן אין דרויסן

מורנו רבי ישראל בעל שם טוב האָט אַמאָל געפרעגט בא משיח׳ן:

— אימתי קאתי מר (ווען קומט משיח) ?

— לכשיפוצו מעינותיך חוצה (ווען דיינע קוואַלן וועלן זיך צעשפרייטן אין דרויסן) — איז געווען משיח׳ס ענטפער.

משיח — שרייבט כ״ק אדמו״ר דער ליובאַוויטשער רבי שליט״א [75]) — האָט מדייק געווען און געבראַכט דעם אויסדרוק פון פסוק „יפוצו מעינותיך חוצה״. קוואַל־וואַסער איז די העכסטע מדריגה פון טהרה (ריינקייט), און וואוהין נאָר עס דערגרייכט, אַפילו גאָר ווייט, האָט עס דעם דין פון מעין, אויב עס ווערט בלויז נאָר ניט איבערגעהאַקט זיין פאַרבונד מיט דעם מקור, וואָרום מי מעין (קוואַל־וואַסער) וואָס ווערן אָפּגעשניטן פון דעם קוואַל, האָבן שוין מער ניט קיין דין פון מעין.

און אָט אַזוי — פירט אויס כ״ק אדמו״ר שליט״א — פאַר־לאַנגט מען פון יעדן איינעם פון אונז: א) צו פאַרשפּרייטן, ב) די מעינות, ג) חוצה — אין דרויסן, דאָס קען אָבער אַנדערש ניט געמאָלט זיין, סיידן דורך אַן אומאויפהערנדיקן פאַרבונד מיטן מקור, אַ פאַרבונד וועלכער שטאַרקט זיך מער און מער מיט דעם מקור פון דער פאַרשפּרייטונג פון די דאָזיקע מעיינות אין אַלע עקן וועלט.

* * *

אין איינע פון זיינע רייד וועגן דעם ענין, זאָגט דער רבי (מוהריי״צ) נ״ע:

מורנו [76]) הקדוש הבעל שם טוב נ״ע איז דער משה רבינו ע״ה פון תורת החסידות הכללית, דאָס הייסט, אַז אַזוי ווי משה רבינו ע״ה דער בחיר הוי׳ (אויסדערוויילטער פון אויבערשטן), אַז דורך אים איז נתגלה געוואָרן תורתנו הקדושה, אָט אַזוי איז מורנו הבעל שם טוב נ״ע דער בחיר הוי׳, אַז דורך אים איז נתגלה געוואָרן תורת החסידות הכללית.

אין מדרש אויפן פסוק ומשה הי׳ רועה שטייט: הוי׳ צדיק יבחן, ובמה הוא בוחנו במרעה צאן, און רז״ל דערציילן אונז די מעשה וואָס עס האָט געטראָפן באַ משה רבינו ע״ה בעת ער האָט געפיטערט צאן יתרו, וואָס פון דער מעשה זעט מען אַרויס די מדות טובות וואָס משה רבינו ע״ה האָט געהאַט.

מורנו הבעל שם טוב נ״ע איז באַוואוסט מיט זיין אהבת ישראל. ער האָט געזען אין יעדער אידן אַ מעלה און אין יעדער פועל פון אַ אידן, הן אַ מצוה אָדער אַ מדה טובה, האָט ער געזען דעם אמת׳ן ליכטיקן שיין.

מורנו הבעל שם טוב קוקט מיט זיינע ליכטיקע אויגן אין דעם פינסטערן גלות, זעט ווי אידן זיינען מקיים תורה און מצות מיט גרויס מסירות־נפש און פיין, ווערן געדריקט און גע׳רודפ׳ט פון פאַרשידענע שלעכטע מענטשן.

מורנו הבעל שם טוב זעט ווי אידן זיינען מקיים דעם בקולו של הקדוש ברוך הוא תשמעו מיט מסירות־נפש, ווערט באַ אים די שאלה, פאַרוואָס קומט ניט משיח גואל צדק, און וויל באַשליסן אַז ער מיט דער חבריא חדישא, הצדיקים הנסתרים, זאָלן ברענגען משיח׳ן.

עס איז באַוואוסט די פאַרשידענע אסיפות הצדיקים הנסתרים וואָס זיינען געווען פון צייט צו צייט אין די צייטן פון מורנו הבעל שם טוב, און די פאַרשידנאַרטיקע התעסקות און שתדלנות וואָס זיי פלעגן טאָן בנוגע דעם מצב הרוחני און אויך דעם מצב הגשמי פאַר דעם כלל ישראל (ווי דערציילט אין די פריערדיקע פרקים).

און אין יענער צייט איז געווען די עליית הנשמה של מורנו הבעל שם טוב, וואָס ער איז געווען אין היכל המשיח און האָט געפרעגט אימתי קאתי מר.

דער אימתי וואָס דער בעל שם טוב פרעגט באַ משיח'ן איז דאָס ווי דער מאמר אם לא עכשיו אימתי (אויב ניט איצט, ווען יע) וואָס עס שטייט אין אָבות (פ"א מ"ד).

דאָס הייסט, אַז דער בעל שם טוב רעדט מיט משיח'ן אין דעם ענין פון דער גמרא סנהדרין, וואו משיח ענטפערט אַז היום אם בקולו תשמעו, און אויף דעם פרעגט דער בעל שם טוב עס איז דאָך ב"ה בקולו תשמעו.

און אויף דערויף ענטפערט משיח דעם בעל שם טוב לכשיפוצו מעיינותיך חוצה, ברחבות פלגי מים (משלי ה, טז) יפוצו מעיינותיך חוצה, סוף שתקנה תלמידים ותורה הוראות ברבים, ויצא לך שם, רש"י, ברחובות, עיר תפוצנה פלגי מימיך, רש"י.

חוצה הייסט דאָך אין דרויסן, דאָס הייסט, ניט אין דעם מקום המוכשר, וואָרום דער מקום המוכשר איז דאָך ניט קיין חוצה, ער איז דאָך דער ריכטיקער מקום המוכשר, וואָדען אויב ער איז אין חוצה, דאָס הייסט, אַז ער איז ניט קיין מקום מוכשר, איז ווי איז דאָרטן דער אָרט פון אַ מעיין, איז דאָך דער פסוק זייער ניט פאַרשטאַנדיק, עס איז דאָך סותר איינע

די אַנדערע, איז דאָס אַ מעין, פאַרוואָס רופט מען חוצה? איז דאָס חוצה, ווי קומט אַהין אַ מעיין, וואָדען עס איזביידע זאַכן, איז ווי איז ביידע זאַכן?

מפרשים טייטשן דעם פסוק יפוצו מעיינותיך חוצה, עס וועלן אַזוי שטאַרק זיין די וואָס קומען אַרויס פון דיינע קוועלן אַז זיי וועלן זיך צעשפרייטן אַפילו חוצה, ביז אַז ברחובות אַפילו אין די גאַסן וועלן זיין פלגי מים, און כאָטש עס וועט זיין חוצה, גאָר אין דרויסן, פונדעסטוועגן וועט מען וויסן אַז דאָס קומט פון דיינע מעיינות.

פון משיח׳ס ענטפער אויף דעם בעל שם טוב׳ס פראַגע פאַר־שטייט מען, אַז תורת רבינו הבעל שם טוב נ״ע, און די התגלות שכל אלקי, וואָס דער בעל שם טוב ותלמידיו ותלמידי־תלמידיו אבותינו רבותינו הקדושים זי״ע האָבן אונז געגעבן, האָט דאָס אַ שייכות צו ביאת המשיח (יבא במהרה בימינו אמן).

* * *

מען דערציילט [77], אַז ווען דער אַלטער רבי איז געזעסן אין תפיסה — אין פעטערבורג [*77] — האָבן אים איינמאָל באַזוכט זיין רבי, רבי דובער דער מעזריטשער מגיד און דער בעל שם טוב נ״ע פון דעם עולם האמת.

האָט זיי דער אַלטער רבי געפרעגט:

— פאַרוואָס קומט דאָס מיר און וואָס מאָנט מען באַ מיר?

— עס האָט זיך געשטאַרקט דער קטרוג אַנטקעגן דיר — האָבן זיי אים געענטפערט — ווייל דו זאָגסט אַ סך חסידות און אָפענערהייט.

— און ווען איך וועל אַרויס פון דאַנען — האָט זיי דער אַלטער רבי געפרעגט — זאָל איך אויפהערן צו זאָגן חסידות?

— אַזוי ווי דו האָסט שוין אָנגעהויבן — האָבן זיי אים

געענטפערט — זאָלסטו ניט אויפהערן, נאָר אדרבה, ווען דו וועסט אַרויסגייך פון דאַנען, זאָלסטו זאָגן נאָך מערער.

און אַזוי איז געווען. נאָך זיין באַפרייאונג האָט דער אַלטער רבי צוגעגעבן נאָך זמנים אויף צו זאָגן חסידות, און די מאמרים זיינען געווען לענגערע און מיט אַ ברייטער דערקלערונג, אַזוי אַז זיי זיינען געווען פאַרשטאַנדיק אַפילו פאַר פּשוט׳ע אידן.

כ״ק אדמו״ר (מהורש״ב) נ״ע האָט וועגן דעם געזאָגט **[77]):

איך רעכן אַז דער עיקר פון יפוצו מעינותיך חוצה האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פּעטערבורג, וואָרום דאָרטן האָט דער אַל־טער רבי געזען דעם בעש״ט ז״ל.

* * *

און אַזוי — שרייבט דער רבי שליט״א [78]) — ווי עס איז געווען „פּדה בשלום״ — דער אויבערשטער האָט אויסגעלייזט בשלום דעם נפש פון דעם בעל השמחה, דעם אַלטן רבי׳ן — צוליב דעם ווייל „ברבים היו עמדי״ — צוליב די רבים [79]) — ווייל ער האָט געטאָן גוטס פאַר דעם רבים — אַזוי זאָלן מיר זוכה זיין מקבל צו זיין און אַריינצונעמען די דאָזיקע דערלייזונג און גאולה אין פּנימיות דורך טאָפּלט גוטס [80]) — טוב לשמים וטוב לבריות — גוט פאַרן אויבערשטן און גוט פאַר מענטשן — און איבערהויפּט דורך פאַרשפּרייטן די מעינות, די קוואַלן פון חסידות, אין דרויסן. וואָרום דורך מרביץ תורה זיין בכלל און תורת החסידות בפרט, וואָס דורך דעם ווערט פינסטערניש איבערגעקערט אויף ליכטיקייט, איז דורך דעם וואָס עס איז געווען „פּדה בשלום נפשי״ פון דוד מלך ישראל ווייל „ברבים״ — אויך די אנשי אבשלום [81]) זיינען געוואָרן מיט אים — אַזוי וועט אויך יעדער איינער זיין „פּודה בשלום נפשו״ דורך דעם וואָס ברבים — די מלאכים וועלכע היטן דעם מענטשן [82]), דער יצר

טוב און דער יצר הרע[83]) — וועלן זיין מיט אים, וואָרום דורך דעם שטאַרקט ער דעם יצר טוב איבער דעם יצר הרע און איז ממתיק די גבורות, און דעמאָלט ווערט אויך דער יצר הרע אַ שומר פאַר דער פּרי[84]), און אויך אין אַלע ענינים פון עולם הזה — וואָס בכלל זיינען דאָס בני חיי ומזוני — קינדער, לעבן און פּרנסת — ווערט שלום און ברכה, כי ברבים — בסגיאן[85]) עקן — אין די שווערע צרות — הי' עמדי — הוה מימרי' בסעדנא — איז זיין וואָרט אונז געווען צו הילף.

* * *

די פּליכט פון לערנען חסידות — שרייבט כ"ק אדמו"ר שליט"א[86]) — ליגט אויף אַלע אידן און בפרט אויף די בני־תורה, און עס ליגט אַ ספּעציעלער חוב אויף די וועלכע זיינען שייך דערצו, זיך מתעסק צו זיין אין פאַרשפּרייטן דאָס לערנען חסידות, אַזוי אַז „יפוצו מעינותיך חוצה", דאָס מיינט:

יפוצו — לערנען תורת החסידות אין אַן אופן פון הפצה — אַ פאַרשפּרייטונג אין אַ ווייטער ברייטקייט, אַזוי אַז דער דאָזיקער לימוד זאָל דערגרייכן צו אַלע טיילן פון דעם אָרט וואו ער לערנט די דאָזיקע תורה.

מעינותיך — די תורת החסידות וואָס ער פאַרשפּרייט, דאַרף אין זיך האַלטן די אייגנשאַפטן פון אַ קוואַל, און עס זיינען פאַראַן צוויי עיקר'דיקע אייגנשאַפטן אין אַ מעין:

א) זיין וואַסער איז לעבעדיק און פליסט אָן אַן אויפהער פון דעם מקור פון קוואַל.

ב) עס איז ניט אַזוי וויכטיק די כמות (וויפיל), וואָרום דער מעין פון זיין מקור פליסט אַרויס טראָפּנווייז, און אַזוי איז אויך דער תנאי אין פאַרשפּרייטן די דאָזיקע תורה. ניט כמות איז דער עיקר — אַבי עס זאָל זיין אַ לעבעדיקער לימוד, מיט

אַ חיות נפשית און אַן אינערלעכער התלהבות, און עס זאָל אַרויספליסן פון זיין מקור — פון דעם פנימיות פון דעם נפש פון דעם וואָס פאַרשפּרייט די תורה — וועלכער איז צוגעבונדן מיט דער פנימיות פון זיין האַרצן צו די נשיאי תורת החסידות.

* * *

אין איינער פון זייַנע שיחות [87]) זאָגט כ"ק אדמו"ר שליט"א:

די מעלה פון מי מעין אויף אַנדערע וואַסער איז: א) מעין איז מטהר בכל שהוא [88]). אַנדערע וואַסער דאַרפן האָבן אַ שיעור, וויפיל מים עס דאַרף זיין. אָבער מי מעין, וויבאַלד זיי זיינען פאַרבונדן מיטן מקור, איז ניט נוגע קיין שיעור בכמות, דאָ איז נוגע די איכות, און זיי זיינען מטהר בכל שהוא. ב) מטהרין בזוחלין. אַנדערע וואַסערן דאַרפן ליגן אין עפּעס אַ זאַך, וואָס יענע זאַך האַלט זיי און מעסט זיי אויס. אָבער מי־מעין, אויב זיי זיינען מחובר מיטן מקור, דאַרפן זיי דאָס ניט [89]).

אין רוחניות מיינט עס: אויב מען וויל גיין מיט אייגענע כחות און לויט אייגענע חשבונות, אָפּגעזונדערט פון דעם מקור, דעמאָלט דאַרפן זיין עטלעכע תנאים. עס מוז זיין אַ שיעור, ער דאַרף האָבן געגנוג שכל מיט געגנוג כחות, אַ שיעור אַז כל גופו עולה בהם (זיין גאַנצער קערפּער גייט אַריין), און דאָס דאַרף זיין געהאַלטן און געמאָסטן פון אַ כלי שחוץ ממנו (אַ כלי וואָס אויסער אים), אַז מצד אַ צווייטן זאָל אויך אויסטראָגן אַז זיין שיעור איז געגנוג. און אויב ער האָט ניט די תנאים, איז וועגן מטהר זיין יענעם, קיין רייד ניטאָ, עס קען נאָך זיין אַ קלער אַז וואַסער אַליין זאָל אָננעמען טומאה.

בשעת אָבער מען איז צוגעבונדן צום מקור, צום מעין, איז מעין מטהר בכל שהוא ובזוחלין. עס איז ניטאָ קיינע תנאים.

צי ער האָט אַ סך אייגענע כחות אָדער ווייניק, זאָל זיין

מער ניט ווי אַ כל שהוא, און דערצו איז ער נאָך זוחלין אויך, וויבאַלד אָבער ער איז צוגעבונדן צום מקור, גייט ער אויף ברייטע פּלייצעס. און ניט נאָר וואָס ער איז ניט מקבל טומאה, נאָר אדרבה, ער איז מטהר אַלע טומאות, אַפילו אַ טומאה חמורה ביותר, אויך דאָס איז ער מטהר (מי חטאת), ווייל אין דעם איז ניט נוגע זיינע כחות, וויבאַלד ער איז צוגעבונדן צום מקור.

* * *

חוצה — מיר דאַרפן זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט לערנען אין שולן און בתי־מדרשים, נאָר אויך ווען מען גייט אין וועג, ווען מען זיצט אין קראָם א. ד. גל. און אויך דאַרף מען זיך ניט באַגרענעצן מיט לערנען דאָס נאָר מיט אַ געוויסן קלאָס מענטשן, וואָרום דער חוב פון לערנען די דאָזיקע תורה ליגט אויך אויף דעם סאַמע פשוט׳סטן אידן, פונקט אַזוי ווי אַפילו דער גרעסטער גדול קען ניט דערגיין ביז צום תכלית, און אויך פאַר די יעניקע וועלכע געפינען זיך אין דרויסן פון אַלע מחנות, אויך דאָרט וואו דער פסוק זאָגט עדות אַז דאָס איז „חוצה" — אויך דאָרט דאַרף מען פאַרשפּרייטן די מעינות.

* * *

אין איינער פון זיינע שיחות [90]) זאָגט דער רבי שליט״א:

אַלע זמנים האָבן זיך זייערע ענינים, ווי עס שטייט אין זוהר וועגן די ששת ימי בראשית, אַז כל יומא ויומא עביד עבידתי׳ — יעדער טאָג האָט געטאָן זיינס — דאָס הייסט, אַז אין יעדן טאָג זיינען באַשאַפן געוואָרן די נבראים וואָס זיינען שייך צו די ענינים פון דעם טאָג.

אַזוי ווי עס איז בששת ימי בראשית, אַזוי, זאָגט דער רמב״ן [91]), איז די זעלבע זאַך וועגן די שית אלפי שנין דהוי עלמא [92]), אַז זיי זיינען מכוון כנגד די ששת ימי בראשית, און

ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר באריכות דעם אופן השייכות פון די שית אלפי שנין מיט די ששת ימי בראשית.

דער אלף הראשון איז מכוון כנגד דעם יום הראשון. דערפאַר איז אַזוי ווי ביום הראשון איז באַשאַפן געוואָרן דער אור, וואָס דאָס איז אַן ענין פון חסד, אַזוי איז אויך געווען באלף הראשון, שהיו נזונין מחסדו של הקב״ה (זיי זיינען געשפּייזט געוואָרן פון דעם אויבערשטנס גוטסקייט), ניט קוקנדיק און רעכענענדיק זיך מיט דער עבודה שלמטה.

דער אלף השלישי איז מכוון כנגד דעם יום השלישי, שהוכפל בו כי טוב, דערפאַר איז באלף השלישי געווען מתן תורה, וואָס אויף תורה שטייט צוויי מאָל טוב, טוב לשמים וטוב לבריות, דאָס הייסט אַז תורה איז מחבר אלקות מיט נבראים, וואָס דאָס איז דער תכלית הטוב.

און אַזוי איז אויך בנוגע די איבעריקע אלפים אַז זיי זיינען מכוון, יעדער איינער אַנטקעגן אַ טאָג בששת ימי בראשית.

דאָס וואָס יעדער זמן האָט אין זיך זיינע ענינים, איז בכדי אַז די ענינים זאָלן זיין אין זייערע צוגעפּאַסטע צייטן, מוז זיך אָנהויבן דער ענין פון תורה. וואָרום יעדער ענין שבעולם מוז פריער זיין אין תורה, און דוקא דעמאָלט קען ער קומען אין וועלט. כמאמר אסתכל באורייתא וברא עלמא [93]). און דער־פאַר איז דער סדר, אַז אַלע ענינים איידער זיי קומען אַראָפּ אין עולם, הויבט זיך אָן דער ענין מיט תורה.

ולדוגמא וועט מען עס פאַרשטיין פון דעם זמן הגלות והחורבן. וואָס בזמן בית ראשון איז קיימא סיהרא באשלימותא, תכלית הגילוי, ובזמן בית שני האָט זיך דאָס געפעלט, און שפּעטער איז דער בית שני אויך חרוב געוואָרן און ס׳איז געוואָרן אַ גרעסערער העלם והסתר בעולם, איז די אַלע העלמות והסתרים

שבעולם האָבן זיך אָנגעהויבן מיט די העלמות וואָס זיינען געווען אין תורה, דאָס הייסט, אַז צוערשט זיינען געווען די העלמות והסתרים אין תורה, און אַזוי אַרום זיינען זיי אַראָפּגעקומען אין וועלט.

פריער איז געווען תורה בגילוי, אָן העלמות והסתרים. עס זיינען ניט געווען קיינע ספיקות ומחלוקת'ן. טאָמער איז געווען עפּעס חילוקי דיעות, איז לֹא זזו משם און מען האָט באַלד מכריע געווען לויטן רוב. פון שמאי והלל זיינען געווען דריי מחלוקת'ן, און דער עיקר מחלוקת האָט זיך אָנגעהויבן פון זייערע תלמידים, בית שמאי ובית הלל.

דערנאָך איז געוואָרן אַ גרעסערער העלם והסתר אין תורה, און דאָס איז געווען בזמן רבי, שנתמעטו הלבבות און רבי האָט פאַרשריבן אַלע משניות כו׳, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סדר פון גמרא, במחשכים הושיבני [84]) זה תלמוד בבלי [85]), אַז מצד דעם העלם האור האָט זיך אָנגעהויבן דער ריבוי הפלפול, און ס׳איז פאַראַן אַ סך מאָל אַז מען בלייבט באַ אַ קושיא, תיובתא און תיקו.

פונדעסטוועגן איז נאָך אָבער אויך דעמאָלט ניט געווען אַזאַ פילפּאַליקע פינסטערניש, און דער עיקר החושך האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם אָפּשלוס פון תלמוד, וואָס ביז רבינא ורב אשי זיינען געווען סמוכים איש מפי איש עד משה רבינו, און מיט זיי האָט זיך דאָס געענדיקט.

ולפי אופן די העלמות והסתרים שבתורה איז דאָס אַראָפּגעקומען אויך אין עולם, יעדער ענין אין זיין זמן, בנוגע דעם חורבן וגלות.

דאָס אַלץ איז דאָך אַ סדר פון ירידות. דערנאָך אין צייט פון דעם אריז״ל האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדר פון עליות, וואָרום

אַזוי ווי עס גייט דאָך צו דער גאולה, איז פּונקט ווי דער העלם פון גלות האָט זיך אָנגעהויבן מיט העלמות אין תורה, אַזוי איז אויך דער גילוי הגאולה, אַז ער הויבט זיך אָן מיט אַ גילוי פון תורה, וואָס ס'איז נתגלה געוואָרן דורך דעם אריז"ל, און דאָס איז דער גילוי פון חכמת הקבלה.

פריער איז געווען דער סדר פון אין דורשין מעשה מרכבה אלא ביחיד, ובזמן האריז"ל האָט ער דאָס אָנגעהויבן מגלה זיין פאַר זיינע תלמידים און פון צייט צו צייט איז געוואָרן דער גילוי אַלץ מער און מער, ביז אַז דער בעל שם טוב האָט אָנגעהויבן מגלה זיין תורת החסידות, און דער עיקר הגילוי איז געווען י"ט כסלו, כידוע החילוק פון די מאמרים פון פאַר פּעטערבורג ביז די מאמרים וואָס נאָך פּעטערבורג [96]).

די מאמרים פון פאַר פּעטערבורג, הגם עס איז געווען מער אור, אָבער עס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו דער וועלט, און אַז דאָס איז אַראָפּגעקומען אין וועלט, האָט עס געברענט. אַנדערש אָבער די מאמרים פון נאָך פּעטערבורג, זיי האָבן אַ שייכות צו דער וועלט, און עס איז אָנגעטאָן געוואָרן אין שכל אנושי, ביז מען קען דאָס פאַרשטיין מיטן שכל פון נפש השכלית און אַפילו מיטן שכל פון נפש הבהמית.

און מיטן גילוי פון תורת החסידות וואָס עס ווערט נתגלה צו אַלעמען, ניט נאָר פאַר יחידי סגולה נאָר פאַר אַלע אידן, אָן קיינע הגבלות, וואָס דאָס איז דער פּשט פון יפוצו מעינותיך חוצה, אָן קיינע הגבלות, איז מצד דעם גילוי פון תורה קומט שפּעטער אַראָפּ דער גילוי אויך אין וועלט, וואָס דאָס איז דער גילוי פון דער גאולה שלימה.

און דעריבער — זאָגט דער רבי שליט"א — איז דער עיקר העבודה איצט צו טאָן אין דעם יפוצו מעינותיך חוצה, וואָס מיט

דעם גילוי פון דער תורה וועט מען מקרב זיין אויך דעם גילוי אין עולם, בגאולה השלימה והאמיתית במהרה בימינו.

---

75) זען בריוו פון כ״ק אדמו״ר שליט״א, געדרוקט אין קונטרס פז (ספר המאמרים תשי״א, עמוד 135).
76) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יז), עמודים 620־622.
77) זע בריוו פון כ״ק אדמו״ר שליט״א אין קונטרס צב.
*77) אויספירלעך וועגן דעם — זע מגילת י״ט כסלו.
**77) ספר השיחות תורת שלום, ע׳ 112.
78) זע בריוו פון כ״ק אדמו״ר שליט״א אין קונטרס קיט.
79) ספר חסידים סתר״ז ; צמח צדק אויף תהלים כה, יט.
80) קדושין מ, א.
81) ירושלמי סוטה פ״א ה״ח.
82) דברים רבה פד, ד.
83) זהר חלק א׳ קסה, ב.
84) של״ה יט, ב.
85) תרגום צו תהלים נה, יט.
86) זע מכתב כללי פון כ״ק אדמו״ר שליט״א פון יו״ד כסלו תשי״א.
87) צווייטן טאָג סוכות תשט״ז.
88) זע מקואות פ״א מ״ז און מסכת זבחים כה, ב.
89) זע דאָרט.
90) שבת פרשת חיי שרה תשט״ז.
91) זע זיין פירוש אויף בראשית ב, ג.
92) זעקס טויזנט יאָר עקזיסטירט די וועלט — ראש השנה לא, א.
93) דער אויבערשטער האָט זיך איינגעקוקט אין תורה און (לויט איר) באַשאַפן די וועלט — זהר תרומה קסא, א.
94) אין פינסטערניש האָט ער מיר אַריינגעזעצט — איכה ג, ו.
95) סנהדרין כד, א.
96) זע ספר השיחות — תורת שלום, ע׳ 114 און ווייטער.

ז.

## רחמנא ליבא בעי

(דער אויבערשטער זוכט דאָס האַרץ)

אין אַ קוואַרטאַל פון דער שטאָט טאַרנאָוו אין גאַליציע האָט געוואוינט אַ איד מיטן נאָמען ר׳ אליעזר ליפּע. דאָס איז געווען אַ פשוט׳ער איד וועלכער האָט ניט געקענט לערנען קיין תורה, און אויך דעם פירוש המלות פון דאַווענען און פון תהלים האָט ער ניט געוואוסט, אָבער ער איז געווען אַ תמימות׳דיקער און ערלעכער מענטש, פלעגט דאַווענען בציבור און ענטפערן אָמן, אָמן יהא שמי׳ רבא מברך וכו׳, פלעגט זיך איינהערן דעם לייענען פון חומש, אין שול פלעגט ער קיינמאָל ניט שמועסן קיין וואָכעדיקע רייד, און פלעגט מכבד זיין תלמידי חכמים און בני תורה.

קליינערהייט איז ר׳ אליעזר ליפּע געוואָרן אַ יתום נאָך זיין טאַטן, וועלכער האָט זיך כל ימיו געפּירט באַשיידן. אַלע האָבן געוואוסט אַז ר׳ אלימלך — ר׳ אליעזר ליפּע׳ס פאָטער — איז אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ בקי אין ש״ס מיט רש״י און תוספות אויף אויסנווייניק, אָבער קיינמאָל האָט ער מיט קיינעם ניט גערעדט אין לערנען. אין שול פלעגט ער שטיין לעבן אויוון און פלעגט זיך מפרנס זיין פון שניידעריי. אויף דער עלטער האָט אים זיין פרוי געבאָרן זיין זון ר׳ אליעזר ליפּע׳ן. גלייך באַ זיין געבורט איז זיין מוטער געשטאָרבן, און ווען ער איז אַלט געווען אַרום איין יאָר איז געשטאָרבן אויך זיין פאָטער. זיין פע־

טער, ר׳ אַברהם־לייב, זיין מוטער׳ס אַ ברודער, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ דאָרף לעבן טאַרנאָוו, האָט אים גענומען צו זיך אין הויז אים אויסצוהאָדעווען. ר׳ אליעזר ליפּע׳ס חינוך איז געווען גאָר אַ פּשוט׳ער, ווייל זיין פעטער ר׳ אַברהם לייב איז געווען פאַרנומען אין זיינע געשעפטן, און דער אינגל איז אויסגעוואַקסן אָן תורה און איז געבליבן אַ פּשוט׳ער איד. ווען ער איז געקומען צו די יאָרן פון שידוכים, האָט ער אַ שידוך געטאָן מיט אַ יתומה וועלכע איז אויפגעוואַקסן און איז געווען אַ דינסט אין הויז פון הרב הגאון הצדיק ר׳ משה מאיר טאַרנאָווער.

ר׳ אליעזר ליפּא, כאָטש ער איז געווען באַהאַוונט מיט די דאָרפישע געשעפטן, האָט ער פונדעסטוועגן ניט געוואָלט ציען זיין פּרנסה פון מסחר, ווייל ער האָט איינמאָל געהערט ר׳ גדלי׳ דעם מלמד לערנען אגדה מיט אידן צווישן מנחה און מעריב — אַז דער וועלכער לעבט פון זיין אייגענער פּראַצע איז זייער טייער ביים אויבערשטן, האָט ער זיך דעריבער אויסגעקליבן צו זיין אַ האַנט־אַרבעטער.

ר׳ אליעזר ליפּע פלעגט טאָן פאַרשידענע מלאכות. ער איז געווען אַ בוי־אַרבעטער, אַ מולירער (אויוון־מאַכער), אַ האָלץ־העקער, אַ גאָרטן־גרעבער, אַ שטרוי־שניידער. אַזוי זיינען ביי אים אַדורך יאָרן.

אַרום צען יאָר נאָך זייער חתונה איז באַ זיי געבאָרן געוואָרן אַ זון, און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין פאָטער, ר׳ אלימלך. מיט פינף יאָר שפּעטער איז באַ זיי געבאָרן געוואָרן נאָך אַ זון, האָבן זיי אים גערופן נאָך זיין שווער, משולם זוסיא.

די קינדער זיינען געווען קערפּערלעך זייער שוואַך, און אויך גייסטיק זיינען זיי ניט געווען שטאַרק אַנטוויקלט. און כאָטש ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן די קינדער אַוועקגעגעבן

צו גוטע מלמדים, האָבן זיי ניט געהאַט קיין הצלחה אין לערנען.

אין יענער צייט פלעגט זיך ר׳ אליעזר ליפע פאַרנעמען מיט צושטעלן אין דער פאָרשטאָט וואַסער פון דעם טייך וואָס איז דאָרט געווען אַן ערך אַ וויאָרסט ווייט. דערפון האָט ער געצויגן פרנסה בריווח — לויט זיין ערך נאָך, ווייל עס זיינען אויף זיין גורל געפאַלן חשוב׳ע בעלי־בתים, און פיר פון זיי פלעגן גוט באַצאָלן.

אין שטאָט זיינען געווען פיר שולן, און אַ איד מיטן נאָמען זלמן דוב פלעגט צו זיי צושטעלן וואַסער.

איינמאָל איז אין שטאָט דורכגעגאַנגען דער בעל שם טוב הקדוש און קיינער האָט ניט געוואוסט ווער ער איז, ווייל ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ פשוט׳ער איד, און האָט זיך גע־חבר׳ט מיט פשוט׳ע אידן, פלעגט זיי דערציילן פאַרשידענע מעשיות פון אגדה און זיי דערקלערן וואָס פאַר אַ גרויסן נחת־רוח דער אויבערשטער האָט פון אַ פשוטן אידן וועלכער דאַווענט און זאָגט תהלים בתמימות.

עס האָט זיך געטראָפן אַז ר׳ אליעזר ליפע האָט דורכגעטראָגן וואַסער דורכן מאַרק־פלאַץ, האָט ער געזען ר׳ זלמן דוב דעם שעפער און נאָך עטלעכע פון זיינע באַקאַנטע שטייען און הערן זיך צו צו די רייד פון דעם אָרעמען אורח, איז ער אויך צו־געגאַנגען הערן.

ר׳ אליעזר ליפע האָט געהערט דעם אורח דערציילן אַ מעשה [110]) מיט איינעם אַן עושר וועלכער האָט געבראַכט אַ געזונטן, שטאַרקן אָקס אין בית המקדש אויף מקריב צו זיין אים אויפן מזבח פאַר אַ קרבן עולה. דער אָקס איז געווען זייער אַ שטאַרקער, און מען האָט אים ניט געקענט אַוועקרוקן פון אָרט, אים צו ברענגען צו דעם באַשטימטן פלאַץ פאַר עולה־קרבנות.

איז דאָרט דורכגעגאַנגען אַן אָרעמאַן וועלכער האָט געטראָגן אַ בינטל גרינס פאַר זיך אַהיים, און אַזוי ווי ער האָט געזען ווי מען שלעפּט אַ גרויסן און שטאַרקן אָקס און ער וויל זיך ניט רירן פון אָרט, האָט דער אָרעמאַן אויסגעשטרעקט צו אים זיין בינטל גרינס, און מיט דערמיט דעם אָקס מיטגעשלעפּט ביז מ'האָט אים געבראַכט פאַר אַ קרבן. דעם אייגנטימער פון אָקס האָט מען דערנאָך באַוויזן אין חלום: דעם אָרעמאַנ'ס קרבן איז פריער פאַר דיינעם.

דער אויבערשטער וויל דאָס הארץ — זאָגט דער אורח — דער עושר האָט געבראַכט פאַר אַ קרבן עולה אַ גרויסן, שטאַרקן, געזונטן אָקס, און פון גרויס שמחה וואָס ער האָט זוכה געווען מקריב צו זיין פאַר אַן עולה אַזאַ גרויסן און שטאַרקן אָקס, האָט ער מקריב געווען אויך אַ קרבן שלמים, און געגעסן עס מיט זיין הויזגעזינד, מיט זיינע פריינט און באַקאַנטע, און האָט אויך די כהנים מהנה געווען מיט מתנות, און ער איז פריילעך און צופרידן מיט דער גרויסער מצוה וואָס ער האָט געטאָן.

דער אָרעמאַן מיט דעם בינטל גרינס איז צעבראָכן אין זיין אָרעמקייט, און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דען אַ בינטל גרינס אַנטקעגן דעם שטאַרקן אָקס און דעם קרבן שלמים וואָס דער גביר האָט מקריב געווען?

אָבער דער פאָטער אין הימל, ברוך הוא וברוך שמו, האָט מער הנאה פון דעם בינטל גרינס פון דעם אָרעמאַן ווי פונעם פעטן אָקס פון דעם גביר.

דער אורח דערקלערט און גיט צו פאַרשטיין זיינע פשוט'ע צוהערער, אַז יעדע עבודה וואָס איטלעכער איד — מאַן אָדער פרוי — טוט, ווייל דער אויבערשטער האָט דאָס געהייסן, ווענדט זיך אין די געדאַנקען פון הארצן. דעריבער איז אַפילו די קלענ־

סטע זאַך אויף דער וועלט, וואָס קאָסט נאָר איין קאָפּיקע, וואָס אַ איד אָדער אַ אידענע טוט צוליב דעם אויבערשטנ׳ס וועגן, און טוט דאָס מיט אַ ריינער האַרץ און מיט אַ פריילעכער נשמה, איז דאָס טייער און ליב ביים באַשעפער, ברוך הוא וברוך שמו, זייער און זייער, און ער רימט זיך כביכול פאַר די מלאכי השרת און זאָגט זיי: זעט וואָס פאַר אַ גוטע זאַך מיין זון דער און דער, אָדער מיין טאָכטער די און די האָבן געטאָן. און דער אויבערשטער בענטשט זיי.

ר׳ אליעזר ליפע איז צוריקגעגאַנגען צו זיין אַרבעט. און כאָטש ער האָט מיט דער בייטש געטריבן דעם פערד, און מיט זיין שוויס געשלעפּט דעם וואָגן מיטן וואַסער־פאַס, האָט אָבער פונדעסטוועגן געעגבערט אין זיין מוח דעם אורח׳ס דערציילונג וועגן דעם בינטל גרינס פון דעם אָרעמאַן, מיט זיין דערקלערונג אַז יעדע עבודה, אַפילו די קלענסטע, וואָס מ׳טוט לכבוד דעם אויבערשטן מיט אַ ריין האַרץ און מיט שמחה, איז טייער ביים באַשעפער, ברוך הוא וברוך שמו — און דאָס האָט אים קיין רו ניט געגעבן.

ער איז מקנא יענעם אָרעמאַן מיטן בינטל גרינס, און אין זיין האַרצן בעט ער זיך ביים אויבערשטן, אַז ער זאָל אים מזכה זיין מיט עפּעס אַ דבר מצוה, ער זאָל קענען דינען דעם אויבערשטן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט גרויס שמחה.

ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ר׳ אליעזר ליפע דער־ציילט זיין ווייב דאָס וואָס ער האָט געהערט פון דעם אורח, און האָט עס איר דערקלערט מיט זיין לשון, אַז כאָטש אַז איצטער האָבן מיר דאָך ניט קיין בית המקדש, איז אָבער באמת יעדער אידישער מאַן אָדער פרוי וואָס איז מקיים אַ מצוה — גלייך ווי ער ברענגט אַ קרבן.

עס איז אַריבער אַ וואָך, צוויי און דריי, און דעם אורח׳ס דערציילונג וועגן דעם עושר׳ס און דעם אָרעמאַנ׳ס קרבן גיט ר׳ אליעזר ליפּע׳ן ניט קיין רו.

איינמאָל, ווען ר׳ אליעזר ליפּע האָט געטראָגן וואַסער צו ר׳ נפתלי׳ן דעם ראש הקהל, איז אים איינגעפאַלן אַ נייער געדאַנק, וואָס האָט אים געמאַכט פריילעך אויפן האַרצן.

ווי געזאָגט, האָט ר׳ אליעזר ליפּע געהאַט פיר חשוב׳ע בעלי־בתים וועלכע פלעגן אים באַצאָלן מיט אַ האַלבער־קאָפּיקע אויפן פאַס מער ווי דער פעסטער פרייז, און כמעט זיין האַלבע פרנסה איז געוועזן פון זיי. פאַרן טראָגן וואַסער אין שול אַריין, איז דער פרייז געוועזן אַ העלפט פון דעם וואָס מיטעלע בעלי־בתים פלעגן באַצאָלן. איז איינגעפאַלן ר׳ אליעזר ליפּע׳ן, אַז ער וועט זיך בייטן מיט ר׳ זלמן דוב׳ן מיט די פיר בעלי בתים אויף די פיר שולן פון שטאָט.

ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי זיינען געוועזן זייער דערשלאָגן און אומעטיק פון דעם וואָס זייערע קינדער האָבן ניט געהאַט קיין הצלחה אין לערנען. דער מאַן טענה׳ט, אַז זיין טאַטע ר׳ אלימלך איז דאָך — לויט ווי ער האָט געהערט פון זיינע באַ־קאַנטע — געוועזן אַ צדיק און אַ גאון עולם, און די פרוי טענה׳ט. אַז אויך איר פאָטער — לויט ווי עס האָט דערציילט דער צדיק דער מרא־דאתרא — איז געוועזן אַ צדיק און גאון עולם, און ביידע צוזאַמען האָבן ביטער געוויינט איבער זייער גורל, וואָס זייערע קינדער זיינען ניט מצליח אין לערנען.

ר׳ אליעזר ליפּע׳ס ווייב, כאָטש זי איז דערצויגן געוואָרן אין דעם רב׳ס שטוב און האָט געהערט אַ סך מעשיות פון דעם וואָס די רביצין פלעגט לייענען אין ספרים, און האָט אויך גע־וואוסט פאַרשידענע דינים פון דעם וואָס זי האָט געזען און גע־

הערט דעם רב פסק'ענען, אָבער לייענען אין אַ ספר האָט זי ניט געקענט. זי האָט אויך ניט געקענט דאַווענען פון סידור. זי האָט נאָר געקענט מאַכן אַ ברכה המוציא, מזונות, האדמה, העץ, שהכל, און איז געווען אַ ג־ט'ס־פּאָרכטיקע און אַ גוט־האַרציקע.

אָפטמאָל פלעגט ר' אליעזר ליפּע זאָגן קאַפּיטלעך תהלים וואָרט באַ וואָרט, און זיין ווייב פלעגט אים נאָכזאָגן, מיט אַ ביטער געוויין פון טיפן האַרצן צום אויבערשטן, אַז ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבן און עפענען דאָס האַרץ און דעם מוח באַ זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן פאַרנעמען דברי תורה און זאָלן זיין אמת'ע און ערלעכע יראי אלקים.

ר' אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו געבן צדקה איבער זייער מעגלעכקייט. אָפטמאָל האָבן זיי אַליין געפאַסט, און זייער מאָלצייט אַוועקגעגעבן צו אָרעמעלייט. יעדן ערב שבת פלעגט ר' אליעזר ליפּע'ס פרוי באַקן צוויי חלות פאַר דעם זכות פון אירע צוויי זין, און זי פלעגט די חלות אַוועק־שענקען צו אָרעמעלייט. זיי פלעגן אויך אָנצינדן צוויי ליכט אין שול פאַר זייערע צוויי זין, אַז דער אויבערשטער זאָל דערלייכטן די אויגן פון זייערע קינדער אין זיין תורה און עבודה.

ווען ר' אליעזר ליפּע איז איינגעפאַלן דער געדאַנק צו טראָגן וואַסער אין שול, וואָס אין דעם זכות זאָל דער אויבערשטער רחמנות האָבן אויף זיי, און זייערע קינדער זאָלן האָבן הצלחה אין לערנען — האָט ער עס דערציילט זיין פרוי. און די זאַך איז איר געפעלן.

ר' אליעזר ליפּע האָט פאָרגעשלאָגן ר' זלמן דוב'ן, אַז ער וועט אים אַוועקגעבן דעם וואַסער־טראָגן צו די פיר חשוב'ע בעלי בתים זיינע, און ר' זלמן דוב זאָל אים אַוועקגעבן דעם וואַסער־טראָגן צו די פיר שולן.

ר׳ זלמן דוב האָט מסכים געווען צו ר׳ אליעזר ליפּע׳ס פאָרשלאַג. קיינער האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם בייט אינעם וואַסער־טראָגן, און די שמחה פון ר׳ אליעזר ליפּע׳ן און זיין פרוי האָט ניט געהאַט קיין שיעור.

עס זיינען געווען טעג ווען אויך ר׳ אליעזר ליפּע׳ס פרוי איז מיטגעגאַנגען מיט איר מאַן צום טייך, אָנצושעפּן עטלעכע עמערס וואַסער מיט דער כוונה לשם שמים, אַז אידן זאָלן זיך דערמיט וואַשן די הענט פאַרן דאַווענען.

אַזוי זיינען אַדורך אַרום צוויי יאָר. דערווייל איז זייער זון משולם זוסיא געוואָרן בר־מצוה און זייער בכור איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר. זיי האָבן געזאָגט צו זייערע עלטערן, אַז זיי ווילן לערנען אין ישיבות, און די עלטערן האָבן דערצו מסכים געווען.

ווען די זין זיינען אַוועקגעפאָרן אין דער ישיבה אַריין, האָט ר׳ אליעזר ליפּע׳ס ווייב געזאָגט צו איר מאַן, אַז זיי זאָלן אַריינ־נעמען אין שטוב צוויי אינגלעך וואָס לערנען אין תלמוד־תורה, אָנשטאָט דעם וואָס עס האָט זיי געקאָסט דער עסן פון זייערע קינדער אין דער היים, און דאָס איז געפעלן געוואָרן ר׳ אליעזר ליפּע׳ן און ער האָט זיך געאיילט דאָס צו טאָן.

אַ צייט שפּעטער האָבן די עלטערן געהערט פון אַ דורכפאָרער, אַז זייערע קינדער לערנען אין ישיבה און האָבן הצלחה אין לערנען.

ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן באמונה געוואוסט, אַז אין דעם זכות פון צושטעלן וואַסער פאַר די שולן און אין זכות פון אויסהאַלטן די אינגלעך וואָס לערנען — האָט דער אויבערשטער אויף זיי רחמנות געהאַט, און האָט דערלויכטן די אויגן פון זייערע קינדער אין דער הייליקער תורה. זיי האָבן געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטן פאַר דעם גרויסן חסד

וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן, צו עפענען די אויגן פון זייערע קינדער אין זיין הייליקער תורה, און צו דערוועקן זייער האַרץ צו זיין הייליקער עבודה.

אַמאָל אין אַן ערב שבת, ווען ר׳ אליעזר ליפע האָט געשעפּט וואַסער פון טייך אויף אָנצופילן זיין פאַס, האָט ער געזען אַז אין עמער געפינט זיך אַ פיש. שוין עטלעכע שבתים וואָס קיין פיש און פלייש זיינען ניט געקומען אויף זייער טיש, וויל זיין פרנסה איז געוואָרן זייער ענג. ער האָט זיך געפרייט מיט דעם פיש און האָט עס אַהיים געבראַכט און געגעבן צו זיין פרוי עס צו צוגרייטן לכבוד שבת.

ר׳ אליעזר ליפע מיט די צוויי אינגלעך, זיינע קעסט־קינדער, זיינען זיך געגאַנגען באָדן לכבוד שבת, און די בעל־הבית׳טע האָט צעשניטן דעם פיש — און בעת זי האָט געעפנט דעם פיש׳ס בויך, האָט פאַר אירע אויגן אַ בלישטשע געטאָן אַ דימענט — און זי האָט זיך זייער דערשראָקן.

ווען ר׳ אליעזר ליפע און די אינגלעך זיינען צוריקגעקומען פון מרחץ, האָט ער געטראָפן זיין פרוי זייער אַ טרויעריקע. ער האָט איר אַ פרעג געטאָן, זי האָט אים אָבער ניט געוואָלט זאָגן. דערנאָך אָבער האָט זי צו אים געזאָגט: דו האָסט מיר דערציילט דאָס וואָס דו האָסט געהערט פון ר׳ גדלי׳ מלמד, אַז דער וועלכער לעבט פון זיין אייגענער פראַצע איז אים וואויל אויף דער וועלט און גוט אויף יענער וועלט, און אַלע מאָל דאַנק איך און לויב דעם אויבערשטן, וואָס ער האָט אונז געגעבן אַ כשר׳ע פרנסה פון דיין האָרעוואַניע, און וויפיל מאָל האָב איך אויך געוואָלט מיטגיין מיט דיר צום טייך צו העלפן שעפּן דאָס וואַסער, נאָר דו האָסט געזאָגט אַז אַ פרוי דאַרף ניט טאָן אַזאַ מלאכה.

איצט — זאָגט די פרוי אַן אומעטיקע — האָב איך מורא אַז

דו וועסט זיך נעמען צו מסחר, וואָס ניט אַלעמאָל איז דאָס אַ כשר'ע פרנסה.

ר' אליעזר ליפע האָט זיך פאַרוואונדערט איבער די רייד פון זיין פרוי, און האָט איר געפרעגט וואָס עפּעס איז איר היינט איינגעפאַלן אַזאַ זאַך. זי ווייסט דאָך גוט, אַז וויפיל מאָל מ'האָט אים פאָרגעלייגט פאַרשידענע מסחרים, האָט ער זיי אָפּגעוויזן, און צוליב וואָס פאַר אַ סיבה האָט זי עפּעס מורא באַקומען, אַז ער וועט אָפּלאָזן זיין פרנסה און זי בייטן אויף מסחר.

האָט די פרוי דערציילט איר מאַן, אַז זי האָט געפונען אַ טייערן דימענט אין דעם פיש'ס בויך. ווען ר' אליעזר ליפּא האָט געהערט וועגן דער מציאה און האָט געזען דעם דימענט, איז ער טרויעריק געוואָרן, דערמאָנענדיק זיך אין דער מעשה וואָס ער האָט געהערט פון ר' גדלי' דעם מלמד — די געשעעניש וואָס האָט פּאַסירט מיטן תנא, ווען מ'האָט פון הימל געגעבן אַ גאָלדענעם פוס פון זיין טיש אין גן עדן. ווען די פרוי האָט געזען אַז איר מאַן איז טרויעריק געוואָרן, האָט זי אים געזאָגט: אָט באַלד, אין אַ שעה אַרום, וועט קומען דער גוטער גאַסט, דער הייליקער שבת, נעם אַראָפּ דעם אומעט פון האַרצן, און נאָך שבת וועלן מיר זיך מיישב זיין וואָס צו טאָן.

בעת דער שבת'דיקער סעודה האָט ר' אליעזר ליפע דער־ציילט פאַר זיין פרוי און די איינגלעך דעם געשעעניש [111]) וואָס האָט זיך געטראָפן מיט אַ תנא וועלכער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, און זיין פרוי איז געווען אַ גרויסע צדקת, אָבער זי האָט ניט געקענט ליידן דעם צער פון אָרעמקייט, און דעם גרויסן בזיון וואָס אַלע פרויען באַקן און קאָכן לכבוד שבת, און אין איר הויז איז ניטאָ קיין זאַך צו קאָכן און צו באַקן.

איינמאָל האָט די פרוי געזאָגט צו איר מאַן דעם תנא: בעט

רחמים ביים אויבערשטן ער זאָל אונז געבן אונזערע באַדער־פענישן אויף פרנסה. האָט דער אויבערשטער צוגעשיקט דעם תנא א פוס פון אַ גאָלדענעם טיש. שפּעטער האָט די פרוי געזען אין חלום אַז לעתיד לבוא וועלן די צדיקים זיצן באַ גאָלדענע טישן מיט דריי פיס, און זי מיט איר מאַן וועלן זיצן ביי אַ טיש מיט צוויי פיס. האָט די פרוי געבעטן ביי איר מאַן, אַז ער זאָל מתפלל זיין צו השי״ת אַז ער זאָל צוריק נעמען דעם גאָלדענעם פוס, כדי זייער טיש זאָל זיין אַ גאַנצער.

אַ גאַנצן שבת האָט ר׳ אליעזר ליפּע זיך געפרייט מיט דעם שבת און געזונגען זיינע זמירות ווי געוויינלעך. באַלד נאָך הבדלה אָבער איז ער טרויעריק געוואָרן איבער דער מציאה פון דעם דימענט, און ער האָט געזאָגט צו זיין פרוי: זע, השי״ת האָט אונז געהאָלפן אַז מיר האָבן געהערט אַ גוטע בשורה פון אונזערע קינדער אַז זיי האָבן הצלחה אין לערנען, און איצט ברענגט מען אונז פאַר אַ נסיון פון הימל. לאָמיר זיך שטאַרקן מיטן אויבערשטן און ביישטיין דעם נסיון.

האָט די פרוי געענטפערט: מיין מאַן, ווען איך בין געווען ביים רב אין שטוב האָב איך געהערט די רביצין דערציילן[112] וועגן איינעם וואָס איז אַמאָל געפאָרן אין אַ שיף און האָט געהאַט מיט זיך אַ טייערן דימענט, און ער האָט געהאַט אַ גרויסן נסיון. — וואָס דער נסיון איז געווען געדענק איך איצט ניט, אָבער ער איז דעם נסיון ביי‌געשטאַנען און האָט אַריינגעוואָרפן דעם דימענט אין ים אַריין, און דער אויבערשטער האָט געגעבן צו אים און זיין פרוי אַ גוטן זון, אַ גאון עולם, וועלכער האָט דערלויכטן די אויגן פון אידן מיט זיין תורה. לאָמיר אויך אַזוי טאָן. לאָמיר פאַרקויפן דעם דימענט און דאָס געלט צעטיילן אויף צדקה.

דיין עצה איז זייער אַ גוטע — זאָגט ר׳ אליעזר ליפּע צו זיין ווייב — אָבער קודם־כל דאַרף מען מעלדן דעם רב. וויל דער וואָס געפינט אַ מציאה דאַרף מעלדן דורך בית־דין אין אַלע שולן פון שטאָט, און אויב עס געפינט זיך דער וועלכער האָט עס פאַרלאָרן און מען גיט אים אָפּ זיין פאַרלוסט— איז דאָס אַ גרויסע מצוה, און טאָמער טוט מען דאָס ניט איז דאָס גזילה. דעריבער וויל איך פריער גיין צום רב פרעגן אַ שאלה — און ווי ער וועט זאָגן אַזוי וועלן מיר טאָן.

ר׳ אליעזר ליפּע איז געגאַנגען צום רב און האָט אים דער־ציילט, אַז פאַריקן ערב שבת, ווען ער האָט געשעפּט וואַסער פון טייך, איז אַריין אַ פיש אין עמער, האָט ער גענומען דעם פיש און געבראַכט זיין פרוי לכבוד שבת, און ווען זיין פרוי האָט געעפנט דעם פיש, האָט זי אין זיין בויך געפונען אַ דימענט, און ער האָט דעם דימענט באַוויזן דעם רב. דעריבער בעט ער דעם רב ער זאָל טאָן ווי דער דין פון דער תורה איז, אויסרופן די מציאה, טאָמער וועט זיך געפינען דער פאַרלירער, און ער וועט מקיים זיין דעם אויבערשטנ׳ס מצוה און אים אָפּגעבן זיין פאַרלוסט.

דער רב האָט געענטפערט ר׳ אליעזר ליפּע׳ן: אמת, דער וואָס געפינט אַ מציאה אין שטאָט, אויפן וועג אָדער אין פעלד, דאַרף וועגן דעם לאָזן וויסן ברבים, און אויב עס וועט זיך גע־פינען עמעצער וואָס וועט זאָגן אַז ער האָט די זאַך פאַרלאָרן, און וועט געבן סימנים דאָס צו באַווייזן, דעמאָלט איז, לויט דער אָנווייזונג פון בית־דין, וועלכע אונטערזוכן צי די סימנים זיינען ריכטיק, ווערט די זאַך צוריקגעגעבן צום פאַרלירער, און דער וואָס האָט די זאַך געפונען האָט מקיים געווען דעם אויבערשטנ׳ס מצוה פון השבת אבידה.

ווען אָבער עס איז געפונען געוואָרן אַ דימענט אין בויך פון אַ פיש — דאַרף מען וועגן דעם ניט מכריז זיין, און געוויס האָט דער פיש איינגעשלונגען דעם דימענט פון דעם דעק פון טייך, און על־פי תורה איז דער דימענט זיינער, און דער אויבערשטער האָט דעם געפינער געגעבן אַן אוצר, ער זאָל קענען נהנה זיין דערפון בתכלית הכשרות. עס איז נאָר גלייך, אַז אַ צענטל פון דעם פרייז וואָס ער וועט באַקומען פאַר דעם דימענט זאָל ער צעטיילן אויף צדקה.

ר׳ אליעזר ליפּע איז אַהיים געקומען און האָט איבערגעגעבן וואָס דער רב האָט אים געזאָגט וועגן דער מציאה. זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם דימענט און צו צעטיילן דאָס געלט אויף צדקה — אַ העלפט פאַר בני תורה און אַ העלפט פאַר אָרנטלעכע אָרעמעלייט. מיט גרויס שמחה האָבן ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי צעטיילט דאָס געלט לויט ווי זיי האָבן באַשלאָסן צו בני תורה און אָרנטלעכע אָרעמעלייט — און ער איז ווידער געבליבן אַ וואַסער־טרעגער ווי פריער.

עס איז אַריבער מער ווי אַ יאָר, און זייער עלטסטער זון ר׳ אלימלך האָט אַ שידוך געטאָן מיט איינעם אַ בעל־הבית, וועלכער האָט אים גענומען צו זיך אויף קעסט אויף אַ סך יאָרן, כדי ער זאָל זיך קענען עוסק זיין אין תורה. ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן זיך געפרייט מיט דער גוטער בשורה און האָבן אָפּגעגעבן אַ שבח והודי׳ צו דעם אויבערשטן.

זייער אינגערער זון ר׳ משולם זוסיא איז אהיימגעקומען פון דער ישיבה מיט אַ גוטן נאָמען, און אַלע וואָס האָבן אים געזען האָבן דערקענט אין אים אַז יראת שמים ליגט אויף זיין פנים און אַז ער האָט אַ גוטע האַרץ. די אינגלעך, די תורה־לערנערס, וועלכע ער האָט געטראָפן באַ זיינע עלטערן אין הויז האָט ער

אָפּגעגעבן גרויס כבוד, און האָט מיט זיי נאָך צוגעלערנט, אויסער זייער לערנען אין דער שטאָטישער ישיבה. אָפטמאָל פלעגט ער — קעגן זיין פאָטער׳ס ווילן — מיטהעלפן זיין פאָטער צו פירן דאָס וואַסער אין שטאָט, און אַזוי ווי זיין פאָטער האָט עס ניט דערלאָזן, פלעגט ער אָנשעפּן דאָס וואַסער פון טייך, און זיין פאָטער פלעגט דאָס וואַסער אַריינפירן אין שטאָט.

מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער איז ר׳ משולם זוסיא געגאַנגען לערנען תורה אין דער ישיבה, און די עלטערן זייגען געווען גליקלעך מיט די גרויסן וואָס זיי האָבן אָפּגענומען פון זייער קינדער.

איינמאָל, ווען ר׳ אליעזר ליפּע האָט געשעפּט וואַסער פון טייך, האָט זיך אים פאַרלייגט אַ האַרטע זאַך צווישן די פינגער פון די פיס. ער האָט אויפגעהויבן דעם פוס אויף אַרויסצונעמען די זאַך וואָס האָט זיך אַריינגעשפּאַרט צווישן די פינגער, האָט ער דערזען אַז דאָס איז אַ גאָלדענע מטבע. ער האָט זיך איינגעבויגן און האָט געזען אַז דאָרט וואו ער שטייט אין וואַסער געפינט זיך אַ צעבראָכענע ערדענע כלי פול מיט גאָלדענע און זילבערנע מטבעות. ער האָט אַרומגעגראָבן אַרום דער כלי און האָט עס אַרויסגענומען מיט די גאָלד און זילבער. ער האָט אויסגעטאָן זיין אונטערשטן בגד, איינגעוויקלט דעם אוצר, אָנגעפילט די פאַס מיט וואַסער און איז אַריינגעפאָרן אין שטאָט. ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט אין דרויסן, און איז געקומען אַהיים און דערציילט זיין פרוי וואָס מיט אים האָט געטראָפן, און איר געוויזן דעם אוצר.

ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן געהאַט גרויס צער, וואָס פון הימל ברענגט מען אויף זיי אַזוי פיל גרויסע נסיונות. זיי האָבן זיך אָבער געשטאַרקט בייצושטיין דעם נסיון. זיי האָבן

דעם אוצר באַהאַלטן אונטערן דיל פון קעלער אין זייער שטוב און האָבן באַשלאָסן צו געבן צדקה באַהאַלטענערהייט אין גרויסע סומען.

אויך זייער אינגערער זון איז גענומען געוואָרן פאַר אַן איידעם ביי איינעם פון די בכבוד׳יקע בעלי־בתים, וואָס האָט זיך אָנגענומען צו געבן אים אַ סך יאָרן קעסט, כדי ער זאָל קענען זיצן און לערנען. ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן זיך גע־פרייט מיט דער גוטער בשורה, און האָבן אָפּגעגעבן אַ שבת והודי׳ דעם אויבערשטן פאַר זיין גרויסן חסד מיט זיי.

אַרום פינף יאָר זיינען אַריבער. ר׳ אליעזר ליפּע איז געוואָרן אַלט און די אַרבעט פון פירן דאָס וואַסער איז אים שווער געוואָרן. האָט ר׳ אליעזר ליפּע איבערגעגעבן זיין גאַנצן געשעפט צו אַ אידן פון שטאָט, מיט אַ תנאי, אַז דער איד זאָל אים אָפּגעבן אַ טייל פון זיין פרנסה, לויט ווי דער רב האָט גע׳פסק׳ענט. ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן געלעבט אין גרויס דחקות, און האָבן געגעבן אַ סך צדקה פון דעם געלט וואָס זיי האָבן געהאַט פון דעם אוצר.

צו יענער צייט איז זיין פעטער ר׳ אברהם לייב קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן, און קיין קינדער האָט ער ניט גע־האַט. האָט ער איבערגעלאָזן זיין גאַנץ פאַרמעגן צו זיין פלימעניק ר׳ אליעזר ליפּע און זיינע זין, ווייל ער האָט געהערט אַז דער אויבערשטער האָט זיין פלימעניק געבענטשט מיט זין בני תורה און יראי אלקים.

ר׳ אליעזר ליפּע און זיין פרוי האָבן אַוועקגעשענקט זייער קליינע הויז אין שטאָט צו דעם אידן וואָס האָט פאַנאַנדערגעפירט דאָס וואַסער, מיט אַ תנאי, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיין ביים געשעפט, זאָל ער צושטעלן וואַסער פאַר די פיר שולן פון שטאָט.

ר' אליעזר ליפע און זיין פרוי האָבן דאַן גענומען זייער האָב און גוטס און דאָס וואָס איז זיי פאַרבליבן פון דעם אוצר, און זיי זיינען אַוועק וואוינען אין הויז פון זייער פעטער ר' אברהם לייב, אין דעם הויף וואָס ער האָט זיי איבערגעלאָזן בירושה אין דעם געגנט פון טאַרנאָוו.

ר' אליעזר ליפע און זיין פרוי האָבן געוואוינט אין דעם הויף פון זייער פעטער ר' אברהם לייב. זיי האָבן אַהין אַראָפּ־געבראַכט עטלעכע משפחות תלמידי חכמים און זיי באַזעצט מיט זייערע פרויען און קינדער אין די הייזער אויפן הויף. צו יעדן הויז האָט ער צוגעגעבן אַ שטיק פעלד צו זייען אַ גאָרטן פון גרינס. דאָס פעלד אַרום דעם הויף האָט ער פאַרזייט צו האַלב־געווינס מיט די פויערים פון דאָרף, און די ווינט־מיל האָט ער פאַרדונגען.

די זין פון ר' אליעזר ליפע און זיין פרוי, די באַרימטע צדיקים ר' אלימלך און ר' משולם זוסיא און זייער הויזגעזינד זיינען געקומען וואוינען מיט זייער פאָטער.

ר' אליעזר ליפע און זיין פרוי האָבן געלעבט אַ סך יאָרן און האָבן געשעפּט נחת און אַלדאָס גוטס, דערלעבנדיק דעם גלאַנץ פון זייערע קינדער די גאונים און צדיקים.

דאָס איז דער שכר פון אידישע מענער און פרויען וועלכע דינען דעם אויבערשטן ערלעך, לשם שמים, אַז זייערע קינדער ווערן לומדי תורה און יראי אלקים [113].

---

110) זע ויקרא רבה פ"ג, ה.

111) זע תענית כה, א.

112) רש"י"ס פאָטער — זע סדר הדורות חלק א', שנה ד"א תתס"ה.

113) ספר המאמרים תשי"א (קונטרס צג), עמודים 309־325.

ח.

# ווער עס לערנט תורה מיט יענעמס קינד — איז גלייך ווי ער וואָלט עס געבאָרן

דער בעל שם טוב פלעגט זייער האָלט האָבן די פשוט'ע אידן, די תמימות'דיקע יראי שמים און בעלי־מעשה (ווי דער־מאָנט אין די פריערדיקע פרקים).

איינער אַ איד, ר' משה שלמה איז געווען זיין נאָמען, איז געווען אַ פשוט'ער איד. זייענדיק אַרום אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט, איז ער געווען אַ סוחר אין די דערפער, און איז געווען צוגעבונדן צום בעל שם טוב, פלעגט אים פאָלגן און טאָן וואָס ער הייסט מיט גרויס שמחה.

ר' משה שלמה האָט געהאַט פרנסה בריוח און פלעגט געבן ברייט־האַרציק צדקה. ער פלעגט אַוועקגעבן דעם בעל שם טוב גרויסע סומען אויף אויסצוהאַלטן די צדיקים נסתרים און אויף פדיון שבויים, וואָס דער בעל שם טוב פלעגט זיך אָפּגעבן מיט אויסלייזן די דאָרפס־אידן אָדער די אַרענדאַרן וועלכע זיינען צו די פּריצים שולדיק געווען געלט פאַר דער אַרענדע.

דער בעל שם טוב האָט געבענטשט ר' משה שלמה'ן, און ער איז געוואָרן גרויס און רייך. וואָס מער רייכטום איז געוואַקסן, אַלץ מער איז אויך זיין גוט־האַרציקייט געוואַקסן, און ער האָט געטאָן צדקה און חסד און געגעבן אַלץ גרעסערע סומען דעם בעל שם טוב פאַר די דערמאָנטע צדקה־ענינים.

אַרום פופצן יאָר זיינען אַריבער נאָך ר' משה שלמה'ס

חתונה, און קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. יעדן מאָל ווען ר' משה שלמה פלעגט בעטן באַם בעל שם טוב אַז ער זאָל מעורר זיין רחמי שמים אויף אים און אויף זיין פרוי אַז דער אויבערשטער זאָל זיי העלפן מיט גוטע קינדער — פלעגט אים דער בעל שם טוב בענטשן מיט רייכטום און הצלחה, און ניט ענטפערן אויף זיין בקשה געבענטשט צו ווערן מיט קינדער.

ר' משה שלמה איז געווען באַליבט באַ דער גאַנצער חבריא תלמידי הבעל שם טוב, וואָרום ער איז געווען אַן אמת'ער ירא־שמים, פלעגט האַנדלען ערלעך, און פיל אידישע משפחות האָבן דורך זיינע געשעפטן געהאַט פרנסה בריוח. ער איז געווען אַ בעל מדות טובות און פלעגט יעדן איינעם אויפנעמען פריינטלעך. אויך זיין פרוי איז געווען אַ ג־ט־ס־פאָרכטיקע, אַ בעלת־צדקה, אַ מכנסת אורחים מיט אַ גוט האַרץ. די חבריא קדישא האָבן אויף זיי רחמנות געהאַט און זיי האָבן אויך מעורר רחמים געווען פאַר זייער רבי'ן דעם בעל שם טוב, אַז ער זאָל מעורר רחמים זיין פאַר זיי, זיי זאָלן געהאָלפן ווערן מיט גוטע קינדער.

אַזוי זיינען אַריבער נאָך צען יאָר, און ר' משה שלמה און זיין פרוי זיינען נאָך ניט געהאָלפן געוואָרן. אויף אַלע זיינע בקשות און תחנונים, און אויף די בקשות פון דער חבריא קדישא פון בעל שם טוב אַז ער זאָל זיי בענטשן מיט זרעא חיא וקימא — האָט דער בעל שם טוב גאָרניט געענטפערט. ר' משה שלמה און זיין פרוי רבקה זיינען דערפון געווען זייער צעבראָכן.

איינמאָל, אין אַ זומערדיקן טאָג, רופט דער בעל שם טוב ר' משה שלמה'ן און זיין פרוי און זאָגט זיי: פאַרוואָס זיינט איר אַזוי טרויעריק און אייער פנים איז אַזוי בייז? דער אויבערשטער האָט דאָך אייך געבענטשט מיט גרויס רייכטום און

מיט גוטע הערצער, און איר גיט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַ גוטער אויג.

— אָבער — טענה'ן ר' משה שלמה און זיין פרוי רבקה — קיין קינדער האָבן מיר ניט — און זיי האָבן זיך צעוויינט פון טיפן האַרצן.

זאָגט דער בעל שם טוב: און וואָס־זשע איז?

ענטפערן ר' משה שלמה און זיין ווייב, אַז נאָך וואָס טויג זיי זייער גאַנץ עשירות וואָס דער אויבערשטער האָט זיי געגעבן, ווייבאַלד זיי האָבן ניט קיין זון אָדער טאָכטער, און איבער הונ־דערט און צוואַנציק יאָר וועט קיין זכר פון זיי ניט בלייבן.

האָט דער בעל שם טוב צו זיי געזאָגט, אַז מאָרגן וועט ער מיט עטלעכע פון זיינע תלמידים פאָרן אין אַ שטאָט אַריין, זאָלן זיי זיך אויך גרייטן מיטצופאָרן.

אויף מאָרגן האָט דער בעל שם טוב אויסגעקליבן צען תלמי־דים פון דער חבריא קדישא, און ר' משה שלמה האָט גענומען פורן פאַר אַלעמען און פאַר זיין פרוי — און זיי זיינען געפאָרן. דער בעל שם טוב איז זיך געזעסן אין זיין וואָגן איינער אַליין און איז געפאָרן פון פאָרנט, און די אַנדערע פורן זיינען אים נאָכגעפאָרן.

אַרום פינף טעג זיינען זיי געפאָרן. זיי האָבן גענעכטיקט אויפן וועג און געהאַלטן שבת אין אַ ישוב. אין יעדן אידישן ישוב וואָס זיי זיינען דורכגעפאָרן, וואו עס האָבן זיך געפונען אָרעמעלייט, אָדער אַנדערע צדקה־ענינים, האָבן ר' משה שלמה און זיין ווייב געטיילט צדקה בעין יפה און מיט אַ ברייטער האַנט.

אויפן זעקסטן טאָג פון זייער נסיעה, אַ מאָנטאָג איז דאָס גע־ווען, זיינען זיי אָנגעקומען אין אַ שטאָט אין דער געגנט פון בראָד. דער וואָגן, אין וועלכן דער בעל שם טוב איז געפאָרן, האָט זיך

אָפּגעשטעלט לעבן אַ געוויסער הויז. אַלע אַנדערע פורן האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט. דער בעל שם טוב איז אַראָפּ פון וואָגן און אַריין אין דער שטוב. די תלמידים און ר׳ משה שלמה מיט זיין פרוי זיינען אים נאָכגעגאַנגען.

דער בעל־הבית האָט אַריינגעפירט די געסט אין זיינעם אַ גרויסן צימער, און דעם בעל שם טוב האָט ער אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער.

ווען זיי האָבן זיך אָפּגערוט פון וועג, האָט דער בעל שם טוב געזאָגט צו זיינע מיטפאָרער, זיי זאָלן גיין מיט אים זען די שטאָט.

ווען דער בעל שם טוב, זיינע תלמידים און ר׳ משה שלמה און זיין ווייב זיינען אַרויס פון שטוב. זיינען זיי געגאַנגען איבער די גאַסן פון שטאָט און האָבן געזען גרופן קינדער שפילנדיק אין זאַמד.

דער בעל שם טוב איז צוגעגאַנגען צו אַ גרופע אינגלעך און האָט געפרעגט איינעם פון זיי: ווי הייסטו?

ענטפערט דער אינגל: איך הייס ברוך משה.

— און דו, ווי הייסטו? — פרעגט ער אַ צווייטן אינגל.

— איך הייס ברוך משה — ענטפערט דער צווייטער אינגל.

פרעגט ער דעם דריטן אינגל: ווי הייסטו?

ענטפערט דער אינגל: איך הייס ברוך משה.

פרעגט ער דעם פערטן: ווי הייסטו?

ענטפערט דער אינגל: איך הייס ברוך משה.

פרעגט ער דעם פינפטן: ווי הייסטו?

— איך הייס משה מרדכי — ענטפערט דער אינגל.

פרעגט ער דעם זעקסטן: ווי הייסט?

ענטפערט דער אינגל: איך הייס חיים ברוך אליהו.

אַ מיידעלע, וועלכע איז געווען צווישן די קינדער, האָט

געענטפערט אויפן הויכן קול, איידער מען האָט איר געפרעגט: איך הייס ברכה לאה.

די זאַך איז געווען אַ פלא ביי די תלמידים פון בעל שם טוב און ביי ר׳ משה שלמה׳ן און זיין ווייב, אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט צו פרעגן וואָס דאָס איז. אַ לייכטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף דעם בעל שם טוב׳ס ליפּן און זיין הייליקער פּנים האָט געלויכטן.

דער בעל שם טוב איז ווייטער געגאַנגען, און די תלמידים הקדושים און ר׳ משה שלמה און זיין פרוי גייען אים נאָך. אויפן וועג טרעפט דער בעל שם טוב אַ מיידעלע, פרעגט ער איר ווי זי הייסט, ענטפערט די מיידעלע: איך הייס ברכה לאה.

אָנקומענדיק אין אַ גאַס האָבן זיי געזען אַ גרופּע מיידלעך שפּילן זיך, איז דער בעל שם טוב צוגעגאַנגען צו דער גרופּע, און זיינע מיטגייער נאָך אים.

פרעגט דער בעל שם טוב באַ איינער פון די מיידלעך: ווי הייסטו?

ענטפערט די מיידעלע: איך הייס ברכה לאה.

פרעגט ער דער צווייטער: ווי הייסטו?

— איך הייס ברכה לאה — ענטפערט די מיידעלע.

פרעגט ער דער דריטער, דער פערטער, דער פינפטער, דער זעקסטער: ווי הייסטו?

ענטפערן די מיידלעך, איינער נאָך דער אַנדערער, אַז זיי הייסן ברכה לאה.

דער בעל שם טוב איז ווייטער געגאַנגען, און די תלמידים און ר׳ משה שלמה און זיין פרוי גייען אים נאָך. דער בעל שם טוב טרעפט אַ אינגעלע, פרעגט ער אים: ווי הייסטו? זאָגט

ער: איך הייס ברוך משה. טרעפט ער אַ מיידעלע און פרעגט איר ווי זי הייסט, זאָגט זי: איך הייס ברכה מרים.

גייענדיק האָבן זיי געהערט אַ קול פון קינדער וואָס לערנען אין חדר. דער בעל שם טוב איז אַריין אין הויז וואו די קינדער האָבן געלערנט. זיינע נאָכפאָלגער זיינען געבליבן שטיין אין דרויסן. דער צימער איז געווען קליין. דער מלמד האָט באַגריסט דעם בעל שם טוב: שלום עליכם, און דער בעל שם טוב האָט אים צוריקגעריסט: עליכם שלום.

דער בעל שם טוב האָט גערופן ר׳ משה שלמה׳ן און זיין ווייב אַריינצוקומען אינווייניק אין חדר אַריין. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען, האָט דער בעל שם טוב געפרעגט די צוואַנציק קינדער וואָס האָבן דאָרט געלערנט — ווי זיי הייסן.

אַרום זעקס פון די קינדער האָבן געענטפערט איינער נאָכן צווייטן, אַז זיי הייסן ברוך משה. די אַנדערע האָבן געענטפערט, אַז זיי הייסן ברוך אברהם, משה יוסף, ברוך שמואל, ברוך דוד, ברוך חיים, ברוך, ברוך יצחק, ברוך שלום, ברוך טובי׳, משה יצחק, משה, משה זכרי׳, משה ישראל, משה שלמה.

די תלמידים, וועלכע זיינען געבליבן שטיין אין דרויסן, האָבן צווישן זיך גערעדט און זיך געוואונדערט דערויף, וואָס די מערסטע קינדער וועלכע זיי האָבן געטראָפן, איז אָדער זיי הייסן ברוך משה, אָדער זיי הייסן ברוך אָדער משה צוזאַמען מיט אַנ־דערע נעמען. די תלמידים האָבן געזאָגט איינער צום צווייטן, אַז געוויס איז דאָ אין שטאָט געווען אַ גרויסער צדיק און בן־תורה וואָס זיין הייליקער נאָמען איז געווען ר׳ ברוך משה, און זיין פרוי איז געווען אַ צדקנית און האָט געהייסן ברכה לאה. דעריבער רופט מען אָן די געבאָרענע אינגלעך און מיידלעך נאָך זייער נאָמען, כדי אַז דער זכות פון זייערע הייליקע נעמען זאָל

ביישטיין די אינגלעך און די מיידלעך אַז זיי זאָלן אויך זיין בני־תורה און צדקניות.

דער בעל שם טוב האָט געפרעגט דעם מלמד, וויפיל חדרים עס זיינען פאַראַן אין שטאָט. דער מלמד האָט געענטפערט, אַז עס זיינען פאַראַן אַרום צען, און האָט זיי אָנגעוויזן וואו זיי געפינען זיך.

דער בעל שם טוב און זיינע מיטגייער האָבן באַזוכט נאָך עטלעכע חדרים, און אויך דאָרט האָט דער בעל שם טוב געפרעגט די קינדער אויף זייער נאָמען. אויך דאָרט האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי הייסן ברוך משה, אָדער ברוך אָדער משה מיט נאָך אַ נאָמען.

ווען דער בעל שם טוב און זיינע נאָכגייערס זיינען געקומען פון דער ישיבה, איז שוין געווען מנחה־צייט. זיינען זיי אַריין אין אַ שול דאַווענען מנחה.

נאָך מנחה האָט דער בעל שם טוב אַ פרעג געטאָן בײַ אַ אידן אין שול: פאַרוואָס אַזויפיל קינדער און אויך בחורים פון די שטאָטישע קינדער און אויך פון דער סביבה הייסן ברוך משה און אַזויפיל מיידלעך הייסן ברכה לאה?

האָט דער איד געענטפערט:

מיט העכער הונדערט יאָר צוריק האָט דאָ אין שטאָט געוואוינט אַ איד מיטן נאָמען ר׳ אייזיק שלמה, וואָס איז געווען אַ בן־תורה און אַ גרויסער ירא־שמים. ער איז געווען אַ קצב און דערפון האָט ער געהאַט פרנסה בריוח, און פלעגט געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. פאַר דעם רב און די גרעסטע פרושים אין שטאָט, וועלכע זיצן טאָג און נאַכט און לערנען און דאַווענען, פלעגט ר׳ אייזיק שלמה דער קצב געבן יעדן ערב־שבת און ערב יום־טוב פלייש אומזיסט.

ר׳ אייזיק שלמה און זיין פרוי האָבן אַ סך יאָרן קיין קינדער

ניט געהאַט, ערשט פופצן יאָר נאָך זייער חתונה איז ביי זיי געבאָרן געוואָרן אַ זון. מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן ברוך משה, נאָך ר' אייזיק שלמה'ס פאָטער. דער קינד איז געוואַקסן און מען האָט אים געפירט אין חדר אַריין. ער האָט אָבער אין לערנען קיין הצלחה ניט געהאַט.

ווען ר' אייזיק שלמה האָט געזען, אַז זיין זון איז שוין באַלד אַ יאָר נאָך בר־מצוה און האָט ניט קיין הצלחה אין לערנען, האָט ער אים גענומען צו העלפן אים אַלס קצב, און איבער אַ יאָר צייט איז דער קליינער ברוך משה געוואָרן אַ בקי אין קצבות. ער האָט זיך גוט אויפגעפירט, אַזוי ווי זיין פאָטער ר' אייזיק שלמה האָט אים געלערנט.

ר' אייזיק שלמה האָט גענומען וויניקער אַרבעטן, ווייל זיין זון ברוך משה האָט איבערגענומען זיין אָרט, און ער, ר' אייזיק שלמה, פלעגט זיצן און לערנען.

אַזוי זיינען אַריבער אַרום צען יאָר. ר' אייזיק שלמה האָט געטאָן אַ שידוך פאַר זיין זון מיט ברכה לאה'ן, די טאָכטער פון ר' יעקב דעם פרוש, און זיי האָבן געוואוינט אין זיין הויז.

ר' אייזיק שלמה איז געזעסן על התורה ועל העבודה און זיין זון ברוך משה האָט געאַרבעט אַלס קצב. ער האָט געהאַט הצלחה אין זיין געשעפט און האָט געטאָן צדקה מיט גאָר אַ ברייטער האַנט, אַזוי ווי זיין פאָטער ר' אייזיק שלמה.

עטלעכע יאָר נאָך ר' ברוך משה'ס חתונה איז זיין פאָטער ר' אייזיק שלמה געשטאָרבן, און גאַנץ שטאָט האָט אים מספיד געווען. דערנאָך איז אויך זיין מוטער געשטאָרבן. ר' ברוך משה און זיין פרוי זיינען געבליבן עלנט, ווייל ר' יעקב פרוש, דער פאָטער פון ר' ברוך משה'ס פרוי, און איר מוטער זיינען אויך געשטאָרבן.

ר׳ ברוך משה האָט געוואָלט לערנען משניות נאָך זיין פאָטער און מוטער, האָט ער זיך גענומען אַ רבי׳ן ער זאָל לערנען מיט אים. אָבער אויף וויפיל ער האָט געוואָלט, האָט ער, צו זיין גרויס באַדויערן, ניט געקענט פאַרשטיין אַפילו דעם טייטש פון איין איינציקער משנה. ר׳ שלמה יצחק דער מלמד טייטשט און דערקלערט אים די משנה — און ר׳ ברוך משה פאַרשטייט ניט.

איינמאָל, ווען ר׳ ברוך משה דער קצב איז געזעסן אויף אַ באַנק לעבן טיש אין שול און האָט זיך איינגעהערט די אגדתא וואָס דער מלמד ר׳ יצחק האָט געלערנט — ווייל, כאָטש ער פלעגט ניט פאַרשטיין וואָס ר׳ יצחק האָט גערעדט, פונדעסטוועגן פלעגט ער זיצן באַם טיש און איינהערן זיך — האָט ער געהערט ווי ר׳ יצחק זאָגט: דער וואָס לערנט מיט דעם צווייטנס קינד תורה — איז גלייך ווי ער וואָלט אים געבאָרן.

די ווערטער זיינען אַריין ר׳ ברוך משה׳ן אין האַרצן און האָבן אים פאַרשאַפט גרויס צער. ווען ער האָט געדאַוונט מעריב — נאָכדעם ווי ער האָט געהערט די דערמאָנטע רייד פון ר׳ יצחק׳ן — האָט ער זייער געוויינט.

נאָך מעריב, ווען ר׳ ברוך משה איז געגאַנגען אַהיים, איז מיט אים מיטגעגאַנגען ר׳ שלמה יצחק דער מלמד און ר׳ ברוך משה האָט געגעבן גאָר אַ האַרציקן קרעכץ. פרעגט ר׳ שלמה יצחק דער מלמד ר׳ ברוך משה׳ן: פאַרוואָס קרעכצעט איר אַזוי?

— ר׳ שלמה יצחק דער מלמד האָט געוואוסט, אַז ר׳ ברוך משה און זיין ווייב ברכה לאה האָבן גרויס צער דערפון וואָס זיי זיינען נאָך ניט געבענטשט געוואָרן מיט קיין קינדער — איר און אייער ווייב זיינט נאָך יונג, און דער אויבערשטער וועט אייך נאָך בענטשן מיט זין און טעכטער.

— אמן! — ענטפערט ר׳ ברוך משה — היינט צווישן מנחה

און מעריב האָב איך געהערט ווי ר׳ יצחק האָט געזאָגט פון דעם וואָס ער האָט געלערנט אין דער הייליקער גמרא, אַז דער וועלכער לערנט מיט דעם צווייטנס קינד תורה, רעכנט אים דער פסוק גלייך ווי ער וואָלט אים געבאָרן. און איך — זאָגט ר׳ ברוך משה — ניט נאָר וואָס דער אויבערשטער האָט אונז געשטראָפט וואָס מיר האָבן ניט קיין קינדער און עס וועט ח״ו ניט בלייבן קיין זכר פון אונז — בין איך נאָך דערצו אַן עם־הארץ וואָס קען אַפילו ניט זוכה זיין צו לערנען תורה מיט יענעמס אַ קינד.

ר׳ שלמה יצחק דער מלמד האָט פאַרשטאַנען ר׳ ברוך משה׳ס טעות, און האָט אים געזאָגט: דער טייטש איז ניט אַז דו מוזט דוקא אַליין לערנען תורה מיט דעם צווייטנס קינד, נאָר ווען דו ברענגסט דעם צווייטנס קינד צו תורה, איז דאָס גלייך ווי דו וואָלסט אים געבאָרן. איז אויב דו קענסט ניט אַליין לערנען מיט יענעמס קינד, קענסטו דאָך אָבער נעמען אַ מלמד פאַר יענעמס קינד, און דאָס ווערט דיר פאַררעכנט גלייך ווי דו וואָלסט אים געבאָרן.

די דערקלערונג פון דעם מלמד ר׳ שלמה יצחק האָט דער־מונטערט ר׳ ברוך משה׳ס האַרץ. אַהיימקומענדיק האָט ר׳ ברוך משה דערציילט זיין פרוי ברכה לאה דאָס וואָס ער האָט געהערט פון ר׳ יצחק׳ן זאָגנדיק פון דער הייליקער גמרא, אַז דער וועלכער לערנט אַ צווייטנס קינד תורה איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט אים געבאָרן. איז דעריבער — אויב זיי זאָלן דינגען מלמדים צו לערנען מיט קינדער תורה, וועלן די קינדער גערעכנט ווערן גלייך ווי זיי וואָלטן זיי געבאָרן.

ברכה לאה האָט זיך זייער דערפרייט מיט די רייד פון איר מאַן ר׳ ברוך משה און מיט זיין עצה צו דינגען אַ מלמד צו

לערנען תורה מיט קינדער. עטלעכע טעג שפּעטער האָט ר׳ ברוך משה געגומען אַ מלמד צו לערנען מיט קינדער תורה.

אַזוי זיינען אַדורך עטלעכע יאָר. ר׳ ברוך משה איז זייער רייך געוואָרן, ווייל ער האָט גענומען האַנדלען מיט אָקסן, און זיין נאָמען איז באַרימט געוואָרן. ער איז וואָס אַ יאָר רייכער געוואָרן, אָבער קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט.

ר׳ ברוך משה און זיין ווייב, ניט קוקנדיק אויף זייער גרויס רייכטום, האָבן ווייטער געוואוינט אין זייער קליינער און אָרעמער שטוב, אַזוי ווי ווען זיין פאָטער ר׳ אייזיק שלמה האָט נאָך געלעבט, נאָר מיט זייער גאַנץ פאַרמעגן האָבן זיי געטאָן צדקה און גמילות־חסדים, און דער עיקר — לערנען תורה מיט קינדער.

ווען ר׳ ברוך משה און זיין פרוי ברכה לאה זיינען אַלט געוואָרן אַרום זעכציק יאָר, האָבן זיי געהאַט אין דער שטאָט און אומגעגנט איבער דרייסיק מלמדים, וועלכע פלעגן לערנען מיט קינדער און בחורים אויף זייער חשבון.

איינמאָל האָט ברכה לאה געזאָגט צו איר מאַן ר׳ ברוך משה: אמת טאַקע אַז דער וועלכער לערנט מיט יענעמס קינד תורה איז גלייך ווי ער וואָלט אים געבאָרן — אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן, אָבער איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — ווער וועט אונז דערמאָנען? ווען מען האָט אָבער אַ זון און אַ טאָכטער האָט מען אַ נאָמען און אַן אָנדענקונג אויף דער וועלט.

ר׳ ברוך משה איז אין כעס געוואָרן — דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן, ווייל ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער בעל־מדות — אויף זיין ווייב ברכה לאה און האָט געזאָגט: ברכה לאה, וואָס זאָגסטו? עס שטייט דאָך אין דער הייליקער גמרא, אַז דער וועלכער לערנט יענעמס קינד תורה איז גלייך ווי ער וואָלט אים געבאָרן — דאַרף מען דאָך גלויבן באמונה שלימה אין דעם

וואָס די גמרא זאָגט, אַז אַלע זכותים וואָס עלטערן האָבן פון קינדער — אָט־די אַלע זכותים האָט אויך דער וועלכער לערנט מיט יענעמס קינדער תורה.

די מערסטע אידן וואָס וואוינען אין דער שטאָט און אין געגנט אַרום, דערפער און ישובים, זיינען תלמידים פון די חדרים פון ר׳ ברוך משה און זיין ווייב ברכה לאה. איך און מיינע ברידער — זאָגט דער דערציילער — האָבן געלערנט אין יענע חדרים, און אויך דער שטאָט־רב איז אַ תלמיד פון יענע חדרים.

עס איז שוין אַרום פופצן יאָר זינט ר׳ ברוך משה און זיין ווייב ברכה לאה זיינען נפטר געוואָרן אין אַ גוטן עלטער. זייער פאַרמעגן האָבן זיי איבערגעגעבן דעם רב און פיר בני־תורה, אַז זיי זאָלן עס צעטיילן אויף פיר חלקים. איין טייל פאַר זייערע קרובים, איין טייל אויף צו מפרנס זיין אָרעמעלייט, איין טייל אויפצוהאַלטן מלמדים פאַר קינדער און בחורים, און איין טייל אויף גמילות־חסדים.

די אַלע וועלכע האָבן געלערנט אין די חדרים פון ר׳ ברוך משה און זיין פרוי ברכה לאה, האָבן געגעבן אַ נאָמען זייערע זין ברוך משה און זייערע טעכטער ברכה לאה, אָדער מיט אַ צוגאָב פון נאָך אַ נאָמען צו זייערע נעמען.

יעדעס יאָר אין די יאָרצייט־טעג פון ר׳ ברוך משה און זיין ווייב ברכה לאה, דאַווענט דער שטאָט־רב פאַרן עמוד, און מיר אַלע, די תלמידים פון די חדרים פון ר׳ ברוך משה און זיין ווייב ברכה לאה, גייען אויף זייערע קברים, אַזוי ווי קינדער גייען צו עלטערן אויף קבר אבות.

נאָך מעריב, ווען דער בעל שם טוב מיט זיינע תלמידים און ר׳ שלמה משה מיט זיין ווייב זיינען געקומען אין דער אכסניא, האָט דער בעל שם טוב הקדוש געזאָגט צו ר׳ שלמה

משה און זיין ווייב: אָט־דאָס איז וואָס דער פּסוק זאָגט[114]: ונתתי להב בביתי — זו תורה שהיא ביתו של הקב״ה, ובחומותי — אלו בני ישראל — אידן וועלכע זיינען ווי אַ פעסטע מויער צו היילקן דעם אויבערשטנס נאָמען — יד ושם טוב מבנים ומבנות, שם עולם אתן לו אשר לא יכרת.

ר׳ משה שלמה און זיין פרוי האָבן זיך דערפרייט און האָבן ווייטער געטאָן צדקה און חסד, און געדונגען מלמדים צו לערנען מיט קינדער דעם אויבערשטנס תורה. זיי האָבן זיך געעלטערט אין עושר און אין כבוד, און זיינען נפטר געוואָרן בשם טוב. פיל פון די תלמידים האָבן געגעבן זייערע זין אַ נאָמען משה שלמה און זייערע טעכטער — רבקה, אַלס אַן אייביקער אָנדענק פאַר ר׳ משה שלמה און זיין פרוי רבקה[115].

---

114) ישעי׳ נו, ה.

115) ספר המאמרים תשי״א (קונטרס צג), עמודים 304־309.

ט.

## דעם מגיד'ס שטראָף־רייד

עס איז דאָ אַ סיפור פון הוד כ"ק מורנו הבעל שם טוב נ"ע בעת ער איז נאָך געווען אַ נסתר און איז אַרומגעגאַנגען אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך.

אין יענער צייט איז נאָך — ניט איצט געדאַכט — די גרויסע רציחות — לא עלינו — וואָס זיינען געווען אין גזירת ת"ח און ת"ט געווען זייער פריש — ווי דערמאָנט אין די פריערדיקע פרקים — און אין יענעם געגנט איז כמעט ניט געווען קיין איין איינציקע משפחה, וואָס זאָל ניט איבערגעבן בקבלה איש מפי איש, וואָס פאַר אַ קרבנות די פאַמיליע האָט — ניט פאַר אונז געדאַכט — פאַרלאָרן אין דער צייט — ניט איצט געדאַכט — פון די גזירות, און באַ אַזעלכע דערציילונגען פלעגט פאַלן אַן אימה ופחד.

צווישן די מגידים, וואָס פלעגן אין יענער צייט אומפאָרן פון אָרט צו אָרט מוסר זאָגן איז געווען צוויי פאַרשידענע סוגים.

א) עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן אויסזוכן מאמרי רז"ל און סיפורים, וואָס באַווייזן די גרויסקייט פון דעם אידישן פאָלק אין אמונה, בטחון, מסירת נפש אויף תורה, אויף קידוש השם, און אַזוי אַרום אַרויסגערופן באַ דעם קהל צוהערער טיפערע כחות אויף זיין שטאַרק אין האָפענונג להשי"ת. און אין אַ געוויסער מאָס האָט דאָס געגעבן אַ דערמונטערונג.

ב) געווען אַזעלכע מגידים, וואָס זיי האָבן דעם עולם

הערער גע׳מוסר׳ט און געשטראָפט. זיי האָבן געזוכט אַלץ מער צו אָנשרעקן. זיי פלעגן זייער אויספירלעך אַרומריידן די עונשים וואָס עס קומט פאַר אַן עבירה, אין זייערע מוסר־רייד פלעגן זיי אויסמאָלן, ווי דער רבונו של עולם איז אַ א־ל קנא ונוקם, באַשטראָפט פאַר יעדער זאַך זייער שטרענג און האַרב.

דער פסוק והאלקים עשה שייראו מלפניו (השי״ת האָט געמאַכט מ׳זאָל פאַר אים מורא האָבן) און דאָס־גלייכן אַלע פסוקים און מאמרי רז״ל, וואָס שפּרעכן אויס זייער שאַרפע שטראָף־ווערטער, און די תוכחה־פסוקים דאָס איז געווען דער פונדאַמענט פון זייערע דרשות. און אָפט, באַ אַ גרויסער צוואַרעמקייט בשעת דעם ריידן, פלעגן זיי זיך אויסריידן פאַרשידענע קללות־אויס־שפּראַכן, אַז פאַר דעם און דעם וועט השי״ת, חס ושלום, אָנשיקן אויף אייך אָט די און די פורעניות, חס וחלילה, וואָס פלעגט מאַכן אויף די צוהערער זייער אַ נידערגעשלאָגענעם איינדרוק.

די מגידים זיינען אַלע געווען גרויסע ערלעכע אידן און תלמידי חכמים. זיי האָבן געוויס געמיינט די טובה פון כלל ישראל, אַז זיי זאָלן זיך וואָס בעסער אויפפירן. אָבער זיי האָבן ניט אַלע מאָל געפונען די ריכטיקע מוסר־וועגן, און מיט זייערע שטראָף־ווערטער האָבן זיי זייער שטאַרק באַליידיקט שם השי״ת, אַז באַ די פּראָסטע אידן און פּראָסטע אידענעס האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז דער אויבערשטער ב״ה, וואָס איז אַ א־ל רחום וחנון ומטיב לכל, איז גאָר, חס ושלום, אַ א־ל נוקם, מייסר ומענה.

אין אַ געוויסער מאָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג דער עצם מהות פון דער נאַטור פון דעם מגיד און מוכיח. אויב ער אַליין איז אין זיינע נאַטירלעכע זיטן געווען אַ גוטער מענטש, אַ גרויסער בעל רחמים און אַ טוב עין, איז אַפילו די שטרענגע מוסר־ווערטער פלעגן זיי זיין אידל און מיט געוויסע רחמנות־

באַנעמונגען. אָבער ווען דער מגיד און מוכיח איז געווען אַ שטרענגע נאַטור, אַ האַרט־טרוקענער מענטש מיט שווערע מדות, פלעגט באַ אים אַרויסקומען די שטראָף־ווערטער און די מוסר־רייד זייער בייז, מיט אַ ביטערע שווערע בייזקייט. יעדער וואָרט פלעגט בייסן, יעדער אָפּזאָץ פלעגט בריען. אַפילו די גראָבע, מאוימ׳דיקע שטימע פון מגיד פלעגט אָנוואַרפן אַן אימה ופחד.

אין די יאָרן, וואָס הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע איז געווען פאַרבאָרגן, איז ער מיט זיינע חברים הצדיקים הנסתרים פלעגן אַרומגיין אין פאַרשידענע שטעט און ישובים און פלעגן אָפט מאַכן פאַרשידענע געשפּרעכן מיט גאָר פשוטע אידן און שטאַרקן זיי אין אמונה און בטחון.

איינמאָל איז הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע געקומען אין אַ קליין שטעטל. דער רוב פון דעם שטעטל זיינען געווען גאָר פשוטע אידן בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער, אָבער ערלעכע אידן. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי שווער און ביטער גע־האָרעוועט. זיי פלעגן דאַווענען תפלה בציבור דריי מאָל אַ טאָג און פאַרטאָג זאָגן אַ יום תהלים, און שבת קודש פלעגן זיי צוויי מאָל אָפּזאָגן דעם תהלים בציבור, איין מאָל פאַרטאָג און דעם צווייטן מאָל באַטאָג, און ווען־ניט־ווען פלעגט עמעצער פון די וואָס קענען לערנען, זאָגן זיי אַ פסוק חומש אָדער אַ משנה אָבות.

הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע, אַז ער פלעגט קומען אין דעם שטעטל, פלעגט ער קלייבן גרויס נחת־רוח פון די פשוט׳ע אידן, פון זייער פשוט׳ן דאַווענען, פון דעם פשוט׳ן תהלים־זאָגן, פון דעם אידישן שיינעם פאַמיליען־לעבן.

עס איז געווען אין יענער צייט, ווען הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע איז געגאַנגען געקליידט ווי אַן איינפאַכער פשוט׳ער בעל־מלאכה, אַ דאָרפס־שניידער אָדער שוסטער, אין זיין גוט־

באַוואוסטער „מאַגערקע״ *[115]) און האָט געקענט פריי זיין צווישן די פּראָסטע אידן מיט זייערע פאַמיליעס. הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב האָט ליב געהאַט פאַרברענגען מיט די קליינע אידישע קינדערלעך, אינגלעך און מיידלעך, לערנען זיי זאָגן שמע ישראל, מודה אני, תורה צוה, בידך אַפקיד, און מיט די עין טובה פון דעם גרויסן מדריך און מנהיג האָט ער ליב געהאַט צוקוקן זיך צו דעם שיינעם אידישן פאַמיליען־לעבן.

עס איז געווען זומער־צייט. הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע איז געקומען אין שטעטל, האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג, האָט ער געהערט ווי די שטאָט־מענטשן קלאָגן זיך זייער אויף דעם ביטערן — ניט איצט געדאַכט — מצב אין פּרנסה. עס איז געווען זייער אַ טרוקענער שאַרף־ברענענדיקער הייסער זומער, אַז די פעלדער תבואה, די פּרוכטן און די ירקות זיינען לכתחילה געווען שוואַך באַוואַקסן און די גרויסע היץ האָט דאָס ביסל אויך פאַרברענט. עס איז געווען אויף דער גאַנצער שטאָט נעבעך דער אמת׳ער רחמנות.

הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע האָט שוין געהאַלטן באַ אַוועקגיין פון שטעטל, אָבער דער גרויסער רחמנות פון דעם שטעטל איינוואוינער האָט אים זייער טיף דערנומען. האָט הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע באַטראַכט זיך, אַז ער זאָל זען ברענגען באַלד אין דעם שטעטל נאָך עטלעכע פון דער חבריא צדיקים הנסתרים און זיי אַלע אינאיינעם זאָלן מעורר רחמים זיין למעלה, אַז אין הימל זאָל מען רחמנות האָבן אויף די איינוואוינער פון שטעטל.

אויף מאָרגן זיינען שוין געווען נאָך אַ פּאָר פון דער חבריא קדישא צדיקים הנסתרים און האָבן געמאַכט אַלע אינאיינעם אַ פּדיון פאַר דעם שטעטל, און האָבן מתפלל געווען, און השי״ת

וואָס האָט אַ גלוסט צו די תפלת הצדיקים און איז מקיים זייער בקשה, האָט געמאַכט רעגענען, און אַלע גרינסן און גרעזעלעך פון די גערטנער האָבן זיך אויפגעמינטערט פון זייער פאַר־חלש׳טקייט, און די שטעטל איז געוואָרן איבערפולט מיט פרייד, אַלע פּנימ׳ער לייכטן און אַלע זאָגן אַ גרויסן דאַנק דעם וואָס לעבט אייביק, ישועת ה׳ כהרף עין, געבענטשט זאָל זיין דער וואָס לעבט אייביק.

אין דעם זיינען געקומען מענטשן, וואָס זיינען געווען אויף די פעלדער, און דערציילן דעם בורא יחיד׳ס וואונדער, אַז די פאַרטריקנטע זאַנגען און די פאַר׳חלש׳טע קרויט און בוראַקעס־בלעטער האָבן זיך אויפגעמינטערט פון דעם גוטן רעגן, ווי מענטשן וואָס שטייען אויף פון אַ גרויסער חולאת, רחמנא לצלן, און אין שטעטל איז ששון ושמחה. מענער, פרויען, אַלטע און יונגע אויך קינדער האַלטן אין איין ריידן ווי השי״ת האָט רחמנות געהאַט און געשיקט זיי זיין גוטן שליח דעם ברכה׳דיקן רעגן.

עס איז געווען דאַנערשטיק פאַרנאַכט. איז געבליבן באַ די ראשי הקהל און די אויסגעקליבענע פון דער עדה, אַז דעם שבת זאָל מען מאַכן אַ שבת הגדול. מען זאָל דריי מאָל אויסזאָגן דעם גאַנצן תהלים און צו דעם מאָל — דאָס הייסט צו דעם הוספה׳־דיקן מאָל — תהלים־זאָגן מוזן זיין אַלע, לבד חולים ר״ל און יולדות, וואָס טאָרן ניט אַראָפּגיין פון אָרט, און גאָר קליינע, וואָס ליגן אין די בעטן. אָבער אַחוץ די, מוזן אַלע זיין. און צוליב דעם גרויסן חסד, וואָס השי״ת האָט געטאָן מיט דעם שטעטל זאָל מען דעם שבת קודש צו שלש־סעודות מאַכן אַ זיסן פלאָדן, און אין יעדער הויז זאָל מען אים טיילן די קינדער און דערציילן זיי די חסדי השי״ת.

אַז הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע און די פּאָר פון דער חבריא קדישא צדיקים הנסתרים האָבן דערזען די גרויסע שמחה מיט דעם קידוש שם־שמים, וואָס אַלע, גרויס און קליין, אַלט און יונג, לויבן דעם אויבערשטנ׳ס נאָמען ב״ה, און דערוויסנדיק זיך פון דער הכרזה וועגן דעם קומענדיקן שבת, זיינען זיי געוואָרן אין גרויס שמחה און געבליבן אין שטעטל דעם שבת אויף זען די גרויסע שמחה און קידוש שם־שמים, וואָס וועט זיין אין שטעטל דעם שבת קודש.

פרייטיק אין דער פרי איז אָנגעקומען אין שטעטל אַ מגיד. גלייך קומענדיק איז ער אַוועק צו דעם ראש הקהל בעטן רשות, אַז ער זאָל מאָרגן קענען זאָגן אַ דרשה. לויט די לויב־בריוו, וואָס דער מגיד האָט געהאַט, איז ער געווען איינער פון די געציילטע זאָגער, אַז ווי ער רעדט אָפּ מער ניט ווי די ערשטע עטלעכע מינוט הויבט אָן דער עולם צוהערער צעגיין פון טרערן, און זיינע דרשות מאַכן פאַר בעלי תשובה.

דער ראש הקהל איז געווען אַ פשוט׳ער איד, אָבער אַ גרויסער ערלעכער איד און אַ טיפער זקן. האָט ער דעם מגיד זייער מכבד געווען און האָט אים דערציילט, אַז דעם שבת איז באַ זיי אַ שבת הודאה, און אין דער צייט, וואָס עס וואָלט געפּאַסט דעם מגיד זאָל זאָגן, האָבן זיי זיך אָפּגערעדט אויף זאָגן תהלים.

אַז דער מגיד האָט דאָס דערהערט, האָט ער דעם ראש הקהל גוט אָפּגעזידלט, פאַרוואָס ער איז מבזה די תורה הקדושה, אַז ער האַלט ניט ערלעך אַזאַ תלמיד חכם ווי ער איז. וואָס הייסט אַז אַזאַ תלמיד חכם ווי אים ענטפערט ער אַז עס איז ניטאָ קיין צייט צו הערן זיין דרשה. : אויף שלאָפן און פלאָדנס־עסן האָט איר צייט, נאָר אויף הערן אַ תורה־וואָרט און אַ מוסר־וואָרט האָט איר קיין צייט ניט! דער גיהנום וועט פאַר זיי זיין ווייניק. און

האָט אָנגעהויבן טיילן אַ חלק דעם ראש הקהל, אַז אויף אים איז אָנגעפאַלן אַ מורא ופחד, און מיט גרויס געוויין האָט ער מחילה געבעטן דעם מגיד און קוים פועל געווען באַ אים, אַז ער זאָל מיט אים גיין צו דעם רב פון שטאָט, מיישב זיין זיך אין וואָס פאַר אַ צייט מען זאָל קומען הערן די דרשה.

דער מגיד האָט געזאָגט דעם ראש הקהל, אַז לויט די אַלטע תקנות איז אַז אַ מגיד קומט אין אַ שטאָט באַדאַרף ער גיין צו דעם ראש הקהל נעמען רשות אויף זאָגן די דרשה, אָבער צו דעם רב פון שטאָט איז דער מגיד ניט מחויב צו גיין. אַ געווינלעכער מגיד וואַרט מיט דעם גיין צו דעם רב, ביז דער רב שיקט צו אים שלוחים נכבדים, און אַ מגיד אַ גרויסער תלמיד חכם ווי ער איז, וואַרט מיט דעם גיין צו דעם רב פון שטאָט ביז ער — דער רב פון שטאָט קומט פריער צו דעם מגיד.

דער ראש הקהל איז אַוועקגעגאַנגען צו דעם רב און האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה, וואָס עס האָט פאַסירט, ווי עס איז געקומען אַ מגיד און וואָס ער האָט מיט אים גערעדט. דער רב, זייענדיק אַ גרויסער ירא שמים און אַ גרויסער ענו האָט געענטפערט דעם ראש הקהל אַז אַוודאי איז דער כבוד פון תורתנו הקדושה און דער כבוד פון אַ תלמיד חכם זייער און זייער גרויס און בפרט אַזאַ תלמיד חכם ווי דער מגיד וואָס מיט זיינע מוסר־דרשות איז ער מזכה את הרבים און ער האָט אַזאַ מסירת נפש אומפאָרן מזכה זיין את הרבים איז אַוודאי גייט ער צו אים בשמחה גדולה.

דעם מגיד׳ס אכסניא איז געווען ביי דעם שמש פון בית־המדרש. גייענדיק אין וועג האָט זיך דער מגיד באַטראַכט, אַז קומענדיק אין שטעטל וועט ער דאַך באַדאַרפן האָבן אַ מענטש, וואָס באַ אים זאָל ער קענען וויסן צו ווען ער באַדאַרף זיך

קערן און ווענדן, און נאָך דעם טאָמער באַדאַרף ער עפּעס אַ שליחות, איז דער בעסטער אָרט, אַז ער זאָל לכתחילה גלייך קומענדיק צוגייך צו דעם שמש פון בית־מדרש, און נאָכדעם וועט ער זען.

אַז דער שטאָט־רב מיט דעם ראש הקהל זיינען געקומען צו דעם מגיד אויף דער אַכסניא, איז דער מגיד געוואָרן זייער צופרידן. באַלד האָבן זיי ביידע — דער רב און דער מגיד — אָנגעהויבן ריידן אין לערנען. דער רב האָט געזען, אַז דער מגיד איז באמת אַ גרויסער למדן. דער ראש הקהל איז געשטאַנען אין אַ זייט און מיט גרויס הדרת־כבוד צוגעהערט זיך וואָס זיי ריידן, און נעבעך ניט פאַרשטאַנען.

אַז דער מגיד מיט דעם רב האָבן אָפּגערעדט אין לערנען, האָבן זיי זיך דורכגערעדט וועגן דעם זמן פון דער דרשה, און עס איז געוואָרן אָפּגערעדט אויף דער צייט פון נאָך שלש־סעודות, ביז דער צייט פון שיר־המעלות׳ן.

דער רב האָט געבעטן דעם מגיד צו זיך אויף אָנבייסן. די גאַנצע צייט פון דעם עסן האָט מען גערעדט אין לערנען מיט גרויס פּלפּול און חריפות. באַלד איז געוואָרן באַוואוסט אין גאַנצן שטעטל, אַז עס איז געקומען אַ מגיד אַ גרויסער גאון און צדיק, אַ מזכה את הרבים, דער רבי — שטאָט־רב — מיט דעם ראש הקהל זיינען צו אים געגאַנגען אַראָפּברענגען אים אויף אָנבייסן צו דעם רבי׳ן, און אַכסניא איז ער באַ דעם ראש הקהל. און שבת נאָך שלש סעודות פאַר די שיר־המעלות׳ן וועט דער גרויסער מגיד זאָגן די דרשה אין גרויסן בית־מדרש און אַלע זאָלן קומען.

די ווייבער פון שטעטל האָבן געוואָלט ערלעך האַלטן דעם שבת, און אויף זייער שטייגער מאַכן אַן אויסנאַם אין דעם שבת

ווי אַלע שבת פון אַ גאַנץ יאָר. אַ גאַנץ יאָר ברענגט מען איין ליכטל פון די געבענטשטע ליכט — אין בית־המדרש, דעם פרייטיק האָט מען געבראַכט אַ הוספה־ליכט, וואָס האָט שטאַרק באַלויכטן דעם בית־המדרש.

די גרויסע פרייד, וואָס איז געווען דעם שבת קודש פון ליכט־בענטשן און סעודת שבת קודש מיט די פאַרשידענע זמירות, דער פאַרטאָגיקער תהלים, די תפלת שבת מיט די מי שברך'ס, דער באַטאָגיקער הודאה־תהלים, מיט דעם זיסן פלאָדן, טיילן און דערציילן די קינדער די חסדי ה'.

הוד כ"ק מורנו הבעל שם טוב און די פאָר פון דער חבריא קדישא הצדיקים הנסתרים זיינען געווען אין גרויס שמחה פון אַזאַ גרויסן קידוש שם־שמים, און זיינען געווען זייער צופרידן, וואָס זיי זיינען געבליבן שבת אין שטעטל און האָבן דאָס אַליין געזען.

אַז עס איז געקומען די צייט, וואָס דער מגיד האָט באַדאַרפט זאָגן די דרשה, האָט זיך די גאַנצע שטאָט צוזאַמענגעקליבן. דער מגיד איז אַרויף אויף דער בימה און האָט אָנגעהויבן די משנה אין אָבות שבעה מיני פורעניות הן (עס זיינען פאַראַן זיבן סאָרטן פורעניות), און האָט דאָס גלייך פאַרטייטשט אויף אידיש, אַז אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען, און האָבן זיך שטאַרק צעוויינט.

דער מגיד האָט גערעדט זייער הויך און מיט אַ שטאַרקע בייזע שטימע האָט ער געשטראָפט דעם עולם פאַר דעם וואָס זיי זיינען ניט פרום, דער אויבערשטער ב"ה וועט זיי שטראָפן, פריער וועט ער זיי שטראָפן מיט הונגער, אַז די תבואות אויף די פעלדער און די פרוכטן און די גרינסן אין די גערטנער וועלן פאַרברענט ווערן, און נאָכדעם וועט זיי דער אויבערשטער ב"ה שטראָפן אין די הייזער.

דער עולם צוהערער האָבן געהאַלטן אין איין קלאָגן. מענער און פרויען, אַלט און יונג האָבן געגאָסן מיט ביטערע טרערן, און דער מגיד האַלט אין איין מוסר׳ן, אַז דער אויבערשטער ב״ה וועט זיי שטראָף אויך מיט בלוט, פריער מיט די (ח״ו) קליינע קינדער און נאָכדעם חס וחלילה מיט די גרויסע, אַז זיי וועלן חס ושלום זיין אַלמנות און יתומים, ווי עס איז געווען — ניט איצט געדאַכט — אין גזירת ת״ח.

דערהערנדיק די ווערטער האָט דער גאַנצער עולם אויס־געבראָכן אין אַ געוואַלד־געשריי. אַ סך מענטשן, מענער און ווייבער, זיינען געפאַלן אין חלשות, און דער געוואַלד־ליאַרעם האָט אַלץ געוואָקסן פון ווײַלע צו ווײַלע.

אין דעם איז אַריינגעגאַנגען הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע. דערזעענדיק ווי אַלע קלאָגן און ברעכן די הענט און דער־וויסנדיק זיך פון דעם אַלעם וואָס דער מגיד האָט געזאָגט, האָט הוד כ״ק מורנו הבעל שם טוב נ״ע שטאַרק פאַרנומען דעם גרויסן צער פון דער גאַנצער עדה.

האָט מורנו הבעל שם טוב נ״ע זיך געשטעלט אין דער הויך אויף איינעם פון די שטענדערס און האָט אָנגעהויבן שרייען צו דעם מגיד: רבי אין מדרש שטייט דאָך, אַז דער כביכול האָט געזאָגט משה רבנו ער זאָל אים מוסר׳ן. איר רבי מגיד, פאַרוואָס מוסר׳ט איר די אידן פאַרוואָס זיי דינען ניט אַזוי גוט דעם בורא יחיד ב״ה? זייט מוכיח דעם כביכול ב״ה פאַרוואָס ער האָט ניט רחמנות אויף זיינע קינדערלעך. און היינט, אַז ער האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און געגעבן גשמי ברכה וועלן זיי דינען דעם אַדון עולמים.

אמת! איז געוואָרן אַ געשריי פון דעם גאַנצן קהל. מען האָט

גלייך געזאָגט רבנן־קדיש נאָך דעם מגיד׳ס דרשה, און אָנגע־
הויבן זאָגן שיר־המעלות׳ן מיט גרויס שמחה [116].

---

115*) אַזוי האָבן אַלטע חסידים אָנגערופן אַ פעלץ.
116) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יא), עמודים ריח־446.

י.

## אַ מעשה מיט ר׳ שלמה באַייעווער און זיין פרוי

ר׳ אורי נתן נטע, ר׳ שלמה באַיעווערס פאָטער, איז געווען פון די בריסקער גאונים. יונגערהייט פלעגט מען אים רופן דער קריניקער עילוי — קריניק איז אַ ישוב לעבן בריסק — און איינער פון די בריסקער עשירים האָט אים גענומען פאַר אַן איידעם. דער שווער האָט אים געגעבן אַלע זיינע הצטרכות׳ן און ער האָט געלערנט תורה לשמה. ווען ער איז געוואָרן אַן אלמן, האָט אים זיין שווער חתונה געמאַכט מיט זיין צווייטער טאָכטער, פון וועלכער ער איז ווידער אַן אלמן געוואָרן. איינער פון די לוצקער גאונים וועלכער האָט אים געקענט, האָט אים חתונה געמאַכט מיט זיין טאָכטער, אַן אלמנה, און ער האָט זיך באַזעצט אין סלוצק. זיין ערשטער שווער האָט, אויסער די צוויי טעכטער וועלכע זיינען געשטאָרבן, מער קיין קינדער ניט געהאַט, און אַזוי ווי ער האָט ליב געהאַט זיין איידעם, דעם עילוי ר׳ אורי נתן נטע, האָט ער אים געגעבן אַ מתנה אַ פעלד און אַ וויינגאָרטן וואָס ער פלעגט פאַרדינגען, און דערפון האָט ער גע־צויגן פרנסה בריוח. ווען דער גאון ר׳ אורי נתן נטע האָט זיך אַריבערגעקליבן פון בריסק קיין סלוצק, האָט זיין ערשטער שווער ניט דערלאָזן אַז ער זאָל פאַרקויפן זיין פעלד און וויינ־גאָרטן, און דער אויבערשטער האָט אים באַגליקט מיט אַן אַרענדאַר וועלכער האָט די פעלד און וויינגאַרטן געהאַלטן אין זייער אַ גוטער אַרענדע אַ צאָל יאָרן.

ר׳ שלמה איז דערצויגן געוואָרן אין הויז פון זיין פאָטער, דעם גאון. ווען ער איז אַלט געווען פערצן יאָר, איז ער אַוועק אין אַ מקום תורה — קיין ווילנא, פון דאָרט קיין האָראָדנע און פון דאָרט קיין קראָקע. דאָרט האָט ער געטראָפן איינעם פון די גאונים ר׳ מנחם ארי׳, פון די צדיקים נסתרים, און ער איז צוגעבונדן געוואָרן צו אים. זיי האָבן געלערנט תורת החסידות בתנאי אַז קיינער זאָל דערפון ניט וויסן. ווען ער איז אַלט געווען אַרום צוויי און צוואַנציק יאָר איז ר׳ שלמה צוריק געקומען אַהיים קיין סלוצק. זיין פאָטער, דער גאון, האָט הנאה געהאַט פון זיין לערנען, און האָט געזען פאַר אים אַ שידוך. ער האָט אַ שידוך געטאָן מיט איינעם פון די ישובניקעס אַרום סלוצק. אַרום אַ האַלב יאָר נאָך זיין חתונה איז זיין פרוי אַראָפּ פון זינען ר״ל, און ער איז געווען אַן עגון אַרום זעקס יאָר. זיין פאָטער האָט געוואָלט געפינען אַ היתר און האָט ניט געקענט, און ער איז געווען אין גרויס צער.

צו יענער צייט — אין יאָר ת״ק — איז דער בעל שם טוב אָנגעקומען אין סלוצק. אַלע גאונים פון סלוצק און אומגעגנט האָבן דעם בעל שם טוב אויפגענומען מיט הדרת קודש און גרויס כבוד, און צווישן זיי אויך דער גרעסטער גאון, דער אַלטער ר׳ אורי נתן נטע. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם בעל שם טוב וועגן דעם גורל פון זיין זון וואָס ער איז שוין זעקס יאָר אַ לעבעדיקער אלמן. אויך דער פאָטער פון דער פרוי וועלכע איז אַראָפּ פון זינען איז געקומען בעטן אַן עצה און אַ רפואה פאַר ר׳ שלמה׳ס ווייב.

דער בעל שם טוב האָט געשיקט רופן די מחותנים הגאון ר׳ אורי נתן נטע און דעם אַרענדאַר ר׳ אליהו משה און ר׳ שלמה׳ן, און האָט זיי געפרעגט צי טראָגן זיי ניט אַרום אין

האַרצן קיין ברוגז איינער אויף דעם צווייטן. ר׳ אורי נתן נטע האָט געלויבט זיין מחותן ר׳ אליהו משה׳ן, אַז ער איז קובע עתים לתורה, איז אַ מכניס אורח, און זיין שטוב איז ברייט אָפן פאַר יעדן איינעם, און ער האַלט אויס בני־תורה מיט אַ ברייטער האַנט, און זינט ער איז געוואָרן זיין מחותן, איז אויסער דעם וואָס ער גיט זיין איידעם — דאָס הייסט זיין, ר׳ אורי נתן נטע׳ס זון — אַלץ וואָס ער דאַרף מיט גרויס ליבשאַפט און כבוד, איז אויסער דעם שטיצט ער פון צייט צו צייט אויך אים אַליין, און דורך די אַלע יאָרן וואָס זיין זון איז אַוועק פון זיין שטוב און זיך באַזעצט אין שטאָט, גיט אים ר׳ אליהו משה אַלע זיינע הצטרכות׳ן בכבוד.

ר׳ אליהו משה האָט מפליג געווען אין די מעלות פון זיין איידעם און זיינע גוטע מדות, און נאָך דערצו זיין גרויס התמדה אין לערנען און אין הנהגה פון יראת־שמים, אַז די גאַנצע צייט וואָס ער האָט געוואוינט אין דעם ישוב פלעגט ער מקרב זיין די פשוט׳ע אידן און לערנען מיט זיי אַלע טאָג אַ פרשה חומש מיט רש״י און עין יעקב, און שבת פלעגט ער פאַר זיי זאָגן מדרש און פרקי אָבות, און האָט זיי זייער ליב געהאַט, און אַריינגע־פלאַנצט אין זייער האַרץ אַ ליבשאַפט איינעם צום צווייטן, וואָרום איידער ר׳ שלמה איז געקומען, זיינען געווען צייטן וואָס די ישובניקעס פלעגן זיך אַרומקריגן צווישן זיך, וואָס מערסטנס איז דאָס געווען צוליב קנאה און איינרעדענישן וועגן אָנרירן די פרנסה, אָבער זינט זיין איידעם איז געקומען און האָט אָנגע־הויבן לערנען מיט זיי, און האָט זיי דערקלערט אַז דאָס אַלעס איז בהשגחה פּרטית און אַז קיינער קען ניט אָנרירן דאָס וואָס איז דעם צווייטנס — איז ניט נאָר וואָס די קריגערייען האָבן אויפגעהערט, נאָר ער האָט נאָך אַריינגעבראַכט צווישן זיי ליב־

שאַפט און כבוד, און מיט זיין גוטער הנהגה, וואָס ער פלעגט אַלעמאָל באַגריסן יעדן איינעם פון די ישובניקס און זייערע משפחות און זיך פאַראינטערעסירן מיט זייערע פרנסות, איז ער גאָר באַליבט געוואָרן צווישן די ישובניקעס, און אַלע אינ־איינעם האָבן צער צוליב זיין צער און בעטן דעם אויבערשטן, אַז מיין טאָכטער זאָל צוריק געזונט ווערן און איר מאַן — מיין אײדעם ר׳ שלמה — זאָל צוריקקומען צו מיר אין שטוב און מיט זיי לערנען און זיי מדריך זיין ווי פריער.

דער בעל שם טוב האָט אויסגעהערט די רייד פון די מחותנים זייער אויפמערקזאַם, און האָט געזאָגט: מיט דעם אויבערשטנס הילף וועל איך קענען היילן דער קראַנקער, אַזוי אַז זי וועט זיין געזונט און באַם קלאָרן זינען ווי פריער, אָבער מיט אַ תנאי אַז ווען זי וועט געזונט ווערן, זאָלן זיי ניט וואוינען צוזאַמען, און עטלעכע טעג נאָך דעם ווי זי וועט גאַנץ געזונט ווערן און מעגן על פי דין נעמען אַ גט — זאָל זי זיך פרייוויליק און מיט אַ פריילעך האַרץ גט׳ן.

די מחותנים האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט דערויף. הגאון ר׳ אורי נתן נטע האָט גע׳טענה׳ט פאַרשידענע תורה׳דיקע טענות, אַז ער טאָר איר ניט אָפּגט׳ן, און ר׳ אלי׳ משה האָט גע׳טענה׳ט, אַז זיין טאָכטער וועט דערפון האָבן גרויס צער, ווייל זי פלעגט זייער מכבד זיין איר מאַן, און אויך זיין אײדעם וועט האָבן צער ווען ער וועט איר מוזן גט׳ן און זיך צעשיידן מיט איר. ער איז גרייט צו געבן אַ גרויסע סומע אויף צדקה כדי זיין טאָכטער זאָל געזונט ווערן, און זיי זאָלן קענען וואוינען צוזאַמען מיט ליבשאַפט און פריינטשאַפט ווי פריער, און זיך דערפרייען מיט קינדער און אַ דור ישרים יבורך.

דער בעל שם טוב האָט מסכים געווען דערצו, און האָט

מסכים אויף דעם תנאי, וועלכן ער האָט געשטעלט, קען ער זיי ניט העלפן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זיינען די מחותנים און ר׳ שלמה געקומען צום בעל שם טוב און געזאָגט, אַז זיי דריי נעמען אָן דעם תנאי, זיי קענען אָבער ניט זיכער זיין, אַז אויך די פרוי וועט באַשטיין זיך צו גט׳ן פון איר מאַן.

דער בעל שם טוב האָט מסכים געווען דערצו, און האָט געהייסן ר׳ אליהו משה׳ן פאָרן אַהיים און זאָגן זיין קראַנקער טאָכטער, אַז דער בעל שם טוב, וועלכער איז באַקאַנט אַלס אַ בעל־מופת, איז געקומען קיין סלוצק און רופט איר אַז זי זאָל קומען צו אים, ווייל ער האָט מיט איר צו ריידן אַ וויכטיקע זאַך.

די מחותנים האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן פאַר־וואונדערטע. ענדלעך האָט זיך ר׳ אליהו משה אָנגעטאָן אַ כח און געזאָגט, אַז שוין דריי יאָר וואָס זי האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט פון מויל. זי האָט זיך אויסגעזוכט אַן אָרט צווישן דעם אויוון און דער וואַנט, און קוים מיט גרויסע צרות גיט מען איר עסן, און אַזוי אַלע אַנדערע מענטשלעכע באַדערפעניש, ווייל זי האָט אינגאַנצן ניט קיין דעת.

דער בעל שם טוב האָט גאָרניט געענטפערט.

מיט אַ פאַרוויייטיקט האַרץ איז ר׳ אליהו משה אַוועקגע־גאַנגען און האָט געזאָגט, אַז ווען דער בעל שם טוב וואָלט געזען זיין טאָכטער׳ס לאַגע, וואָלט ער ניט געזאָגט אַזוי, אַז מען זאָל איר זאָגן און צו איר ריידן. אויך זיין מחותן האָט מסכים געווען דערצו, און האָט געגעבן אַ טיפן קרעכץ איבער דעם צער פון זיין זון און זיין מחותן וועלכער האָט מער ניט ווי די איינציקע טאָכטער.

ר׳ שלמה אָבער, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון דעם

צדיק נסתר ר׳ מנחם ארי׳ און האָט שוין פריער געהאַט געלערנט חסידות און איז געווען צוגעבונדן אין זיין גייסט מיט׳ן בעל שם טוב — האָט געזאָגט צו זיין שווער, אַז ער האַלט אַז מען דאַרף מקיים זיין לויט ווי דער בעל שם טוב האָט געהייסן, וואָרום ער איז דאָך אַ באַוואוסטער בעל מופת. אויך ר׳ אורי נתן נטע האָט געזאָגט, אַז וויבאַלד מען האָט מסכים געווען אויפן תנאי, וואָס דאָס איז זיי אַזוי שווער געווען, מוז מען אַוודאי אויך מקיים זיין דעם ריידן.

ר׳ אליהו משה איז צוריקגעקומען אַהיים און האָט גע־טראָכט זיין טאָכטער זיצן אויף איר געווײנלעכן פלאַץ אונטערן אויוון. ער האָט דערציילט זיין פרוי דאָס וואָס דער בעל שם טוב האָט געזאָגט אַז מיטן אויבערשטנס הילף וועט ער קענען היילן זייער קראַנקע טאָכטער, און האָט אַ סך דערציילט וועגן די וואונדער וואָס מען דערציילט נאָך פון בעל שם טוב. ווי דערשטוינט זיינען זיי געוואָרן, ווען, הערנדיק די דאָזיקע דער־ציילונגען וועגן בעל שם טוב, איז זייער טאָכטער פלוצים אַרויסגעקומען פון אונטערן אויוון, און צו זיי צוגעקומען און געפרעגט ווער איז דאָס דער בעל מופת. זיי האָבן זיך גע־וואונדערט צו הערן איר קול, וואָס זעקס יאָר האָבן זיי דאָס ניט געהערט, און זיי האָבן דערזען אַז איר פנים האָט זיך גע־ביטן און דאָס ליכט פון אירע אויגן איז צוריקגעקומען ווי פריער. הערנדיק אַז דער מענטש וועגן וועלכן מען רעדט איז אַ באַרימטער צדיק, האָט די קראַנקע געזאָגט אַז דעריבער וואָלט זי זיך פריער וועלן אַרומוואַשן און מטהר זיין.

איר פאָטער און מוטער האָבן זיך דערשראָקן ווען זיי האָבן געזען די פולשטענדיקע ענדערונג, ווי אַזוי זי איז געוואָרן פון אינגאַנצן חסר דעה ר״ל צו אַ געזונטן מענטשן, און זיי האָבן

ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן און אויערן. און אַזוי ווי די גאַנצע צייט האָבן זיי געהאַלטן אַז די סבה פון זייער טאָכ־טערס קראַנקהייט איז אַן עין־הרע, און זיי האָבן דאָס תולה געווען אין איינעם אַ ישוב׳ניק וועלכער פלעגט איר שטאַרק רימען און ליבן איר גרויסן זכות וואָס זי האָט זוכה געווען חתונה האָבן מיט אַ תלמיד חכם און בעל מדות און אוהב ישראל וועלכער איז מקרב אויך די פשוט׳ע אידן און לערנט מיט זיי און איז זיי מקרב צו גוטע מדות — און עטלעכע טעג נאָך די דאָזיקע רייד איז זייער טאָכטער קראַנק געוואָרן און אַראָפּ פון זינען — איז דעריבער, ווען זיי האָבן געזען אַז זי איז צוריק־געקומען צום דעת, האָבן זיי פאַרמאַכט די טיר, כדי אַז קיינער זאָל ניט אַריינקומען און די נייעס וועגן איר היילונג זאָל ניט באַקאַנט ווערן.

יענע נאַכט האָט זי געגעסן ווי אַלע מענטשן, און האָט זיך געלייגט אין בעט שלאָפן, איז אָבער געווען זייער שוואַך. אין דער פרי האָט זי גערעדט ווי אַ געזונטער מענטש, איז אָבער נאָך אַלץ געווען זייער שוואַך. דעם דריטן טאָג איז זי ווידער קראַנק געוואָרן — אָבער ניט מיט שגעון נאָר מיט פיבער, און פון היץ האָט זי גערעדט דאָס וואָס זי פלעגט רעדן ווען זי איז געווען גערירט פון זינען, און אויך וועגן די ספורי נפלאות וועגן בעל שם טוב וואָס זי האָט געהערט פון איר פאָטער. ווען ר׳ אליהו משה האָט געהערט זיין טאָכטערס רייד האָט ער זיך דערמאָנט אַז פאַר גרויס בהלה וואָס זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער גרויסער ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין זייער טאָכטערס פירונג האָט ער איר פאַרגעסן איבערצוגעבן אַז דער בעל שם טוב האָט איר גערופן זי זאָל קומען צו אים. באַלד האָט ער זיין טאָכטער איבערגעגעבן דעם בעל שם טוב׳ס רייד.

און זי האָט זיך זייער געפרייט, און דעם צווייטן טאָג איז זי געפאָרן מיט אירע עלטערן קיין סלוצק.

ווען ר׳ אליהו משה און זיין פרוי האָבן געזען אַז זייער טאָכטער האָט זיך אין דער מינוט געביטן פון טירוף הדעת ביז אַ קלאָרן געדאַנק, האָבן זיי באַלד אין דער פרי געשיקט אַ ספּעציעלן שליח: ער זאָל מעלדן זייער איידים ר׳ שלמה׳ן און זייער מחותן דעם גאון און האָבן זיי וועגן אַלץ געשריבן אויס־פירלעך.

ווען דער שליח איז געקומען צו ר׳ אורי נתן נטע׳ן, האָט ער זיך זייער פאַרוואונדערט. זיין זון ר׳ שלמה, צוזאַמען מיט זיין גרויסער שמחה וועגן זיין פרוי׳ס רפואה, האָט זיך געפרייט איבער דעם רושם וואָס די דאָזיקע געשעעניש האָט געמאַכט אויף זיין פאָטער, וואָרום ער האָט געוואוסט אַז ביז איצט איז זיין פאָטער געווען צווישן די וועלכע זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס פון בעל שם טוב׳ס שיטה, און איצט וועט זיך זיין פאָ־טער, דער גרויסער גאון, געוויס דערנענטערן צו דער שיטת הבעל שם טוב, און ער האָט געהאַלטן אַז דאָס איז די ריכטיקע צייט צו ריידן מיט אים וועגן שיטת הבעל שם טוב:

א) הבנת התורה — פאַרשטיין תורה. די גאַנצע תורה איז „שמותיו של הקב״ה״ [117]), און אַזוי ווי דער ענין פון אַ נאָמען איז בלויז וויסן נישט אָבער אין גאַנצן באַנעמען, אַזוי איז אויך די תורה. אפילו די הלכות וועלכע זיינען פאַר אונז דער־קלערט, זיינען זיי אויך נאָר ידיעה און ניט קיין פולשטענדיקע השגה, וואָרום איר פנימיות האָט ניט קיין סוף.

ב) השגחה פרטית — ניט נאָר וואָס זי איז אויף יעדן באַשעפעניש בפרטי פרטיות, וואָס דער אויבערשטער שיקט אַ ווינט פון זיינע אוצרות כדי אַוועקצורוקן שטרוי אָדער היי, וואָס

אין דאָס אַלץ איז דאָ אַ באַזונדערע כוונה, אויסער דעם איז דאָס לעבן פון דעם נברא אין זיין מעלה גופא בלויז דאָס וואָס ער מאַכט אים זיין.

ג) די מעלה פון אידן — אין דעם עצם מהות פון זיין מעלה איז אויך דער פשוט׳ער איד אַזוי ווי דער גאון הגאונים ממש. עס שטייט: בנים אתם לד׳ אלקיכם און עס שטייט: ואלה תולדות יצחק בן אברהם אברהם הוליד את יצחק — וואָס דעם זונס געשטאַלט איז געווען פונקט ווי דעם פאָטערס געשטאַלט. און דאָס מיינט בנים אתם לד׳ אלקיכם, וואָס די געשטאַלט פון די קינדער — אידן, וועלכע זיינען רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים, איז ווי די געשטאַלט כביכול פון זייער פאָטער, דעם אויבערשטן וועלכער איז אַ רחום וחנון ומרבה לסלוח פאַר די וואָס טוען תשובה. אַזוי ווי ער ית׳ איז אייביק און זיין תורה און זיינע מצוות זיינען אייביק, אַזוי זיינען אויך זיין פאָלק און זיין נחלה אייביק. דער קלענסטער צווישן אידן גיט אויך אַ קרוין צו דעם גדול ד׳ ומהולל מאד.

ד) אהבת ישראל — די מדה פון אהבת ישראל לויט דער שיטה פון בעל שם טוב און זיין תורה איז ניט בלויז מצד דער מדה פון גוטס און חסד, וואָס יעדער איד מוז אַרבעטן מיט זיך אויף צו פאַרטרייבן די שלעכטע מדות, דאגות, שקר, קנאה ושנאה און ענלעכע, און צו דערגרייכן ביי זיך די גוטע מדות פון יראת שמים, אהבת התורה, חיבת המצוות, ענוה, אמת, אהבת הבריות וכדומה, וואָס דאָס אַלץ ווערט אַריינגערעכנט אין די דריי אַלגעמיינע מעלות וועלכע די רז״ל האָבן אויסגערעכנט: רחמנים, ביישנים און גומלי חסדים.

ר׳ שלמה האָט דערציילט זיין פאָטער דעם בעל שם טוב׳ס טייטש אויף דעם מאמר רז״ל: שלשה[118]) סימנים יש באומה זו

רחמנים ביישנים וגומלי חסדים: רחמנים — וואָס אידן האָבן רחמנות אויף דער נשמה וועלכע האָט אַראָפּגענידערט פון איר הויכע מדריגה וואָס זי איז געשטאַנען פאַר דעם אויבערשטן אין גן עדן און איז אַראָפּ זיך אָנצוטאָן אין אַ גוף וואָס יסודו מעפר וסופו לעפר. ביישנים — וואָס זיי שעמען זיך פאַר דעם „ג־טלעכן ליכט” וואָס אויף זייער קאָפּ און פאַרבעסערן זייערע מעשים אין קיום המצוות. גומלי חסדים — וואָרום די נשמה פון אדם העליון שעל הכסא לערנט זיי אויס צו דערהויבן זייער גוף און זיינע באַדערפענישן, נוסף צו זייער חלק אין וועלט, לויט דער גזירה פון דער השגחה העליונה אין אָרט און צייט, זיי צו לייטערן און צו באַלייכטן מיט אַן אור פון תורה און עבודה.

דאָס אַלץ איז דער קנין פון מדות טובות פאַר זיך אַליין, אָבער אהבת ישראל איז אַ פיל וואונדערלעכערער ענין.

ר׳ שלמה האָט איבערדערציילט דעם וואָרט פון בעל שם טוב אין איינער פון זיינע הייליקע רייד: איך בין מעיד אויף זיך הימל און ערד, אַז ביי דעם שווערן משפט וואָס איז געווען אויף אַ אידן אין בית דין של מעלה וועלכער איז געווען אַ פשוט׳ער איד וועלכער האָט מער ניט געקאָנט ווי דאַווענען און זאָגן תהלים, און ער איז געווען אויסגעצייכנט אין אהבת ישראל און פלעגט מהנה זיין יעדן אידן וויפיל ער האָט געקענט, זיך מצער זיין אין דעם צער פון יעדן אידן, מאַן און פרוי, און זיך פרייען אין זייער שמחה. האָט מען אָפּגעפסק׳ענט אין בית דין של מעלה זיין חלק אין גן עדן צווישן די צדיקים און גאונים וואָס די רז״ל האָבן געזאָגט אַז זיי זיינען אוהבי ישראל.

אַ אידנ׳ס קרעכץ וועגן יענעמס צער צעברעכט די איזערנע וואַנט פון די מקטרגים. די שמחה און ברכה פון אַ אידן וועל־כער פרייט זיך מיט יענעמס שמחה און בענטשט אים — איז

אָנגענומען ביי דעם אויבערשטן ווי די תפלה פון רבי ישמעאל כהן גדול אין קדש הקדשים.

* * *

ווען דער אַלטער גאון ר׳ אורי נתן נטע האָט געהערט פון זיין זון וועגן דעם בעל שם טוב און זיין שיטה, און זייענדיק באמת אַ תמים, האָט ער זיך אַריינגעטראַכט אין דעם אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, און אין דער פרי איז ער געגאַנגען צום בעל שם טוב און האָט אים דערציילט דאָס וואָס ער האָט געהערט פון זיין זון וועגן זיין שיטה, און ער האָט אויסגעפירט אַז ער וויל נתקשר ווערן צו אים, און האָט געמאָלדן דעם בעל שם טוב וועגן דער גוטער בשורה וואָס ער האָט באַקומען פון זיין מחותן, אַז זיין קראַנקע טאָכטער איז צוריק געקומען צום פאַרשטאַנד. דער בעל שם טוב האָט געזאָגט אַז היינט איז זיין שנור ווידער קראַנק געוואָרן, און ווען איר פאָטער — ר׳ אליהו משה — וועט מקיים זיין די שליחות, וועט זי געזונט ווערן און קומען.

ווען די קראַנקע איז אָנגעקומען מיט אירע עלטערן, זיינען זיי אַלע געגאַנגען, די קראַנקע מיט איר מאַן און אירע עלטערן, צום בעל שם טוב. די קראַנקע מיט איר מאַן זיינען אַריין צום בעל שם טוב, און ער האָט זיי געזאָגט אַז זיי זאָלן אויף זיך מקבל זיין זיך צו גט׳ן. די קראַנקע האָט דערציילט דעם בעל שם טוב וועגן די מעלות פון איר מאַנס פירונג און דעם כבוד און די ליבשאַפט וואָס זי פילט צו אים, און אויב דער צדיק איז אויף איר גוזר זיך צו גט׳ן, ווייסט ער געוויס אַז זי איז ניט ווערט צו זיין אַ ווייב פון אַזאַ צדיק ווי איר מאַן, און זי מוז דאָס מקיים זיין, און זי האָט שטאַרק געוויינט. דער מאַן האָט אויך דערציילט די שבחים פון זיין פרוי און אַלע גוטע

מעלות וואָס רז״ל רעכענען אויס, אָבער ווען דער צדיק איז גוזר אַז זיי זאָלן זיך גט׳ן, וועט ער עס מקיים זיין — און אויך ער האָט שטאַרק געוויינט.

האָט זיי דער בעל שם טוב געזאָגט אַז ער גיט זיי צייט דריי טעג, און דעם פערטן טאָג זאָלן זיי קומען צו אים, און ער האָט געהייסן צוגרייטן דעם גט פּטורין ווי דער דין איז.

די פרוי און איר מאַן און די עלטערן זיינען געווען אין גרויס צער. די דריי טעג האָבן זיי געפאַסט און פיל געדאַוונט און געזאָגט תהלים. דעם פערטן טאָג זיינען זיי אַלע געגאַנגען צום בעל שם טוב ווי אבלים ר״ל, מיט אַ צעבראָכן האַרץ און גייסט, און די פרוי און איר מאַן האָבן ביטער געוויינט.

ווען זיי זיינען אַריין צום בעל שם טוב, זיינען דער רב, דער סופר און די עדים שוין דאָרט געווען. דער בעל שם טוב האָט זיי געפרעגט צי זיינען זיי וויליק זיך צו גט׳ן, און ביידע האָבן געענטפערט אַז וויבאַלד אַז זיי גלויבן דעם צדיק אַז דאָס איז ביידנס טובה, און זיי גלויבן באמונה שלמה אין דער גזירה פון דעם צדיק און אין דער ברכה וואָס ער וועט זיי בענטשן, און וויבאַלד זיי האָבן זיך ליב איינער די אַנדערע, זיינען זיי וויליק זיך צו גט׳ן — יעדער איינער פאַר דעם צווייטנס טובה.

דער בעל שם טוב איז אַריין אין צווייטן צימער און האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן אַ געוויסע צייט. ווען ער איז צוריק געקומען האָט ער זיי געזאָגט: אַרום זעקס יאָר פריער איז אויף אייך געווען אַ גרויסער קטרוג ל״ע. איז אַרויס אַ פּסק פון אויבן, אַז די פרוי זאָל געשטראָפט ווערן מיט דער קראַנקהייט פון משוגעת ר״ל און דער מאַן זאָל באַשטראָפט ווערן מיט דער שטראָף פון זיין אַ לעבעדיקער אלמן. ווען זיי האָבן אויף זיך גענומען זיך צו גט׳ן מצד אמונת צדיקים מיט מסירות נפש,

איז אין דעם זכות פון אמונת צדיקים מיט אמונה פשוטה האָבן זיי זוכה געווען בדין אין דעם בית דין פון הימל, און דער קטרוג איז אַראָפּגענומען געוואָרן. דער בעל שם טוב האָט זיי גע־בענטשט מיט זין און טעכטער און אריכות ימים.

ר׳ שלמה איז געבליבן וואוינען אין סלוצק אַ דריי יאָר צייט. דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין מינסק, און ער איז דאָרט געוואָרן איינער פון די גלאַוונע חסידים און האָט געהאַט אַ סך תלמידים. לויט דער אָנווייזונג פון בעל שם טוב, האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין באַיעוו, און דער אויבערשטער האָט זיי געבענטשט מיט זין און טעכטער, און זיי האָבן חתונה געמאַכט זייערע זין מיט חסידישע טעכטער און זייערע טעכטער מיט חסידישע זין און תלמידי חכמים.

ווען דער אַלטער רבי, דער בעל התניא, איז צוריקגעקו־מען[119] פון זיין נסיעה קיין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, פאָרנדיק באַ־גלייטן הרה״ק ר׳ מנחם מענדל האָראָדאָקער ביי זיין נסיעה קיין ארץ ישראל — קיין ליאזנע, האָט זיך הגאון ר׳ שלמה באַזעצט אין ליאזנע, און אין יאָר תקנ״ו איז ער געפאָרן מיט זיין פרוי קיין ארץ ישראל און איז דאָרט געווען אַרום פופצן יאָר[120].

---

117) יבמות עט, א.

118) הרמב״ן אין זיין הקדמה צום פירוש אויף תורה. זח״ב פז, א און נאָך.

119) זע התמים, חוברת ב, עמוד נב.

120) זע קונטרס מה, ח״י אלול ה׳תש״ג, עמודים 24—29.

יא.

# דער מופת ספר־תורה

אין יאָר תקי״ב איז — ל״ע — געווען אַ גרויסער קטרוג אויף מעזבוזש — דעם בעל שם טוב׳ס שטאָט. פיל מענער, פרויען און קינדער זיינען קראַנק געוואָרן מיט פאַרשידענע קראַנקהייטן, און די מערסטע זיינען געווען גוססים ר״ל. עס איז געוואָרן אַ גרויסער געשריי אין שטאָט, וואָרום עס איז ניט געווען קיין שטוב וואו עס איז ניט געלעגן איינער אָדער צוויי קראַנקע.

איז מען געקומען צו מורנו הבעל שם טוב און ביטער גע־וויינט וועגן די קראַנקע און זיך געבעטן ביי אים ער זאָל פאַר זיי תפילה טאָן.

דער בעל שם טוב האָט געענטפערט אַז ער קען זיי אין דעם ניט העלפן, און נאָר זיי אַליין קענען ראַטעווען די קראַנקע, שוואַכער מאַכן און אויך מבטל זיין די שלעכטע גזירה, וואָרום אין שמונה עשרה בעטן מיר דאָך „ותהי לרצון תמיד עבודת ישראל עמך״ און דער טייטש איז אַז תמיד דערוועקט די תפלה פון אידן אַ רצון שוואַכער צו מאַכן און מבטל צו זיין די גזירה, און די עבודה פון אידן וועלכע שטייט תמיד פאַר דעם אויבערשטן אויף צו באַווירקן אַ גוטן רצון, זיינען דאָס די אותיות פון תורה, וועלכע קענען זיין אויף צוויי אופנים: זאָגן די אותיות פון תורה און תהלים, און אָנשרייבן אַ ספר תורה וואָס אַלע זאָלן זיך דערין באַטייליקן.

גלייך האָבן אַלע איינשטימיק באַשלאָסן צו שרייבן אַ ספר תורה, און אַלע האָבן זיך פאַרפליכטעט זיך צו באַטייליקן אין שרייבן. דער בעל שם טוב האָט געהייסן זיין סופר, הצדיק ר׳ צבי נ״ע אַז ער זאָל שרייבן צוויי יריעות.

באַלד האָבן די קראַנקע אָנגעהויבן געזונט צו ווערן, און מען האָט דער דאָזיקער ספר תורה גערופן „די מופת־ספר־תורה".

דעם דאָזיקן סיפור האָט דערציילט דער שמש, ר׳ טובי׳ לייב, לויט ווי ער האָט דאָס געהערט פון זיין טאַטן און זיידן[121]) צו דעם רבי׳ן (אדמו״ר מהרש״ב) נ״ע, בעת זיין באַזוך אין דעם בעל שם טוב׳ס שול אין מעזבוזש.

121) קובץ מכתבים ג, עמודים 5־6.

יב.

# הירשל ציג

דער רבי (מוהרש״ב) נ״ע האָט דערציילט [122]):

צוואַנציק טעג אין חשוון תרל״ו — זיין געבורטסטאָג — האָט זיין פאָטער דער רבי אדמו״ר מוהר״ש אים אויסגעלערנט דעם מאמר חסידות וועלכער הויבט זיך אָן מיט די ווערטער ״פתח אליהו״. נאָכדעם ווי ער האָט איבערגע׳חזר׳ט דעם מאמר עטלעכע מאָל, איז ער ווידער אַריין צו זיין פאָטער, וועלכער האָט אים דערציילט וואונדערלעכע זאַכן פון דעם לעבן פון די נשיאים. צום סוף האָט ער אים געהייסן ער זאָל צו אים נאָכאַמאָל אַריינ־קומען ביינאַכט (און דער כלל איז געווען, אַז ווען ער האָט אים געהייסן קומען אין דער פרי, האָט דאָס געמיינט זעקס אַזייגער אין דער פרי, אויב „בהשכמה״ — פיר אַזייגער פאַרטאָג; און ביינאַכט — צווישן צוויי און דריי נאָך האַלבע נאַכט).

ווען איך בין אַהיים געקומען — דערציילט דער רבי מהרש״ב נ״ע — האָב איך גע׳חזר׳ט און פאַרשריבן בקיצור אַלץ וואָס איך האָב געהערט. איך האָב געלייענט קריאת שמע אָבער ניט געקענט מאַריך זיין, ווייל דער שלאָף איז מיר גאָר שטאַרק באַפאַלן.

איך בין געשלאָפן אַרום דריי שעה און האָב זיך אויפגעכאַפּט, און בין געווען שטאַרק דערציטערט פון דעם חלום וואָס איך האָב געהאַט און פון די געזיכטער וואָס איך האָב געזען אין מיין חלום. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער — און אָט איז שוין באַלד

געווען צוויי אַזייגער. איך האָב געזאָגט ברכות ווי דער דין איז, און זיך געגרייט צו גיין צו מיין פאָטער דעם רבי'ן מהר"ש נ"ע.

אָנקומענדיק צו מיין פאָטער, איז ער געווען זייער אויפגע־לייגט. ער האָט מיט מיר געלערנט דעם מאמר זכר רב טובך פון סידור מיט אַ גרויסן הסבר, און דער לערנען האָט זיך פאַר־צויגן אַרום דריי שעה.

בעת דעם לערנען האָט ער מיר ווידער דערציילט אַ סך וואונדערלעכע ענינים, און פלוצים האָט ער מיר געזאָגט:

זאָג מיר נאָר, וואָס פאַר אַ חלום האָט זיך דיר גע'חלומ'ט היינט באַנאַכט? וואָס האָסטו געזען און וואָס האָסטו געהערט אין חלום?

אין דער מינוט — דערציילט דער רבי כ"ק אדמו"ר מהרש"ב נ"ע — האָט מיר אַרומגענומען אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער, מיינע קני האָבן געציטערט און ווייזט אויס, אַז אויך מיין פנים האָט זיך געענדערט, ווייל מיין פאָטער האָט מיר געזאָגט: וואָס ביזטו אַזוי צעשראָקן און צעטומלט? דערצייל נאָר כסדר, ווע־מען קענסטו פון די וועלכע דו האָסט געזען אין חלום?

איך בין נאָך געווען אין גאַנצן אַ פאַרציטערטער און האָב פשוט ניט געקענט ריידן, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין ווער־טער. מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָב איך זיך באַרואיקט און געזאָגט:

די וועמען איך האָב דערקענט זיינען געווען: דער זיידע אדמו"ר ה„צמח צדק", וועלכער איז געווען אָנגעטאָן שבת'דיק, אין ווייסן זייד, און מיינע פעטערס רבי ברוך שלום און רבי יהודה לייב — און די אַנדערע קען איך ניט.

מיין פאָטער האָט מיר געפרעגט ווי אַזוי זיי זיינען געזעסן, און איך האָב אים געזאָגט: צוויי זיינען געזעסן אויבן־אָן, און

אונטער זיי זיינען געזעסן זיבן מענטשן, צו דער רעכטער זייט פון דעם וואָס איז געזעסן רעכטס זיינען געזעסן צוויי און אונטער זיי מיין פעטער ר׳ יהודה לייב, און צו דער לינקער זייט פון דעם וואָס איז געזעסן לינקס איז געזעסן דער זיידע דער צמח צדק און לעבן אים מיין פעטער ר׳ ברוך שלום.

מיין פאָטער האָט מיר געזאָגט, אַז די צוויי וועלכע זיינען געזעסן אויבן־אָן זיינען דער בעל שם טוב — צו דער רעכטער זייט, און דער מעזריטשער מגיד — לינקס, און די וועלכע זיינען געזעסן אונטער זיי זיינען דריי תלמידים פון בעל שם טוב און פיר תלמידים פון דעם מגיד. דער אַלטער רבי איז געזעסן צו דער רעכטער זייט פון בעל שם טוב און לעבן אים זיין זון, דער מיטעלער רבי, און לעבן אים דיין פעטער, מיין ברודער רבי יהודה לייב. מיין פאָטער, דער צמח צדק, איז געזעסן לעבן דעם מגיד, קעגנאיבער דעם אַלטן רבין, און לעבן אים מיין ברודער, דיין פעטער ר׳ ברוך שלום.

— וואָס האָסטו געהערט — פרעגט מיר דער פאָטער — און צי געדענקסטו וואָס דו האָסט געהערט ?

האָב איך געזאָגט :

דער בעל שם טוב האָט געזאָגט :

איזהו גיבור הכובש את יצרו (ווער איז אַ גיבור, דער וואָס נעמט איין זיין יצר) — „כובש״, ער נעמט איין זיין יצר, און ניט ער צעברעכט אים, ווייל צעברעכן דעם יצר איז ניט קיין גבורה, אָבער איינגעמען מיינט : נוצן זיך מיט זיינע כחות און מעלות, וואָס „רב תבואות בכח שור״ און ער פירט זיך מיט שטאַרקייט. און דאָס מיינט איזהו גיבור הכובש — דער וועלכער נעמט איין די כחות פון זיין יצר און ער נוצט זיי אין קדושה.

דער מעזריטשער מגיד האָט געזאָגט :

ואברהם זקן בא בימים וה׳ ברך את אברהם בכל. שטייט אין זהר [123]): בא בימים — באינון יומין עילאין, דימים יוצרו ולו אחד בהם, וואָס די כוונה פון די דאָזיקע טעג איז „ולו אחד בהם״, ממשיך זיין דעם אחד אין די דאָזיקע טעג, דורך עוסק זיין זיך אין תורה ועבודה, און דאַן ווערן די טעג — לבושים. וה׳ ברך — דער אויבערשטער בענטשט, און די ברכה איז „את אברהם״, דאָס וואָס איז טפל צו אברהם׳ען, ד. ה. זיינע קינדער ביז דעם סוף פון אַלע דורות — „בכל״, יחודא עילאה און יחודא תתאה פון „שמע״ און „ברוך שם״.

דער אַלטער רבי האָט געזאָגט:

שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה — דערקלערט ער אַז מרום [124]) איז דער ענין פון „רום״, הויכקייט — מיט גאָר אַ שטאַרקער דערהויבנקייט, און אַזאַ עלי׳ איז דורך מ״י — בינה, השגה, ווען די השגה פון בינה דערקלערט די נקודה פון חכמה פאַרטיפט ער זיך מער און מער, און די מעלה פון השגה [125]) אויף השכלה — נבונים בימי משה לא אשתכחו, ווייל התגלות פון עתיק איז אין בינה. דער שורש פון בינה אין דעם כח המשכיל איז העכער פון דעם שורש פון חכמה, וואָס חכמה איז נקודה (אַ פינטעלע), און בינה איז התרחבות (פאַרשפּרייטונג), און התרחבות וואָס אין כח המשכיל איז אין דער בחינת פון מרחב עצמי, וואָס דאָס איז ניט קיין מרחב פון התפשטות. שאו מרום עיניכם איז ראשי תיבות שמע, און דער אמת׳ער „רום״ איז דעת עליון, וואָס איבער אים איז יש האמתי און אונטער אים — אין וואָס „כולא קמי׳ כלא חשיב״ (פאַר דעם אויבערשטן איז אַלץ פאַררעכנט ווי גאָרנישט), און מצד דער דאָזיקער השגה ווערט אַ תוקף פון רצוא זיך אַריינצוגיסן לחיק אבי׳. אָבער ניט דאָס וויל דער אויבערשטער, נאָר „אם [126]) רץ לבך שוב למקום

שהוא מקומו של עולם" (ווען דיין האַרץ לויפט — קער זיך אום צום מקום, ווייל דער אויבערשטער ווערט אָנגערופן מקומו של עולם), ווייל דער אויבערשטער וויל האָבן אַ דירה דאָ אונטן דורך תורה און מצוות וועלכע זיינען אָנגעטאָן אין מענטשלעכן שכל און אין קערפּערלעכע זאַכן, און דער רצון איז, אַז דורך השגה זאָל ער אַרויפקומען צו „וראו מי ברא אלה", ווייל „מי" איז די בחינה פון בינה און „אלה" מיינט דאָס מדות, און „מי ברא אלה" [127]) מיינט אהבה און יראה וועלכע קומען דורך השגה אין ג־טלעכקייט.

דער מיטעלער רבי האָט געזאָגט:

שמע ישראל הוי' אלקינו הוי' אחד [128]) — אין פלוג וואָלט ער געדאַרפט זאָגן „הוי' יחיד", וואָס „יחיד" איז דערהויבענער און העכער פון „אחד", און ער דערקלערט דעם אַלגעמיינעם אונטערשיד צווישן יחיד און אחד, און אַז דער גאַנצער ענין פון עבודה איז צו פאַרבינדן און צו פאַראייניקן אַלע ענינים פון וועלט מיט ג־טלעכקייט, און דאָס איז אין צוויי אופנים פון פאַר־אייניקן: מלמטה למעלה (פון אונטן אַרויף־צו), און מלמעלה למטה (פון אויבן אַראָפּ־צו), דער יחוד פוני חכמה און יחוד פון בינה. די מעלה פון חכמה אויף בינה איז אין דעם ענין פון ביטול (וואָס חכמה — כ"ח מ"ה — איז דער כח פון ביטול) און די מעלה פון בינה אויף חכמה איז אין דעם ענין פון השגה, ווייל אין חכמה קען דאָך קיין מחשבה אים ניט באַנעמען, און אין בינה קומט דאָס מיט אַ באַגריף און מיט התרחבות, אוןביידע דאַרפן, אַז די נקודה פון חכמה זאָל קומען אין דער השגה פון בינה, און אַז די השגה פון בינה זאָל זיין אין דעם ביטול פון חכמה, וואָס דאָס איז די מעלה פון אַברהם'ס ערנסטקייט פון האַרצן, אַזוי ווי עס שטייט „ומצאת את לבבו נאמן", וואָס בינה

איז דאָס האַרץ, וואָס דאָס איז דער ענין פון השגה ביז וואַנען אַז זי לייכט אין די מדות טובות פון האַרצן וועלכע ווערן דורך דער השגה פון מוח פון בינה וואָס נעמט דורך און קלערט אויף די נקודה פון השכלה פון חכמה, און מיט דעם אַלעמען איז „לבבו נאמן”, זיין האַרץ איז געטריי מיט תמימות, וואָס דאָס איז דער ענין פון ביטול עצמי פון חכמה. און די דערקלערונג פון דער זאַך איז אַז „א־ל דעות הוי’” — צווייערליי דעות — דעת עליון און דעת תחתון, וואָס פון די דאָזיקע צוויי דעות וועלכע זיינען באַזונדערע השגות, קומט אַרויס צוויי אופנים אין עבודה אין דעם ענין פון יחודא תתאה און יחודא עילאה, וואָס די דאָזיקע צוויי אופנים פון יחוד זיינען אין די צוויי פסוקים פון שמע און ברוך שם, און דער עיקר איז, צוצוקומען צו דער השגה פון דעת עליון, און אַז די עבודה זאָל זיין מיט יחודא עילאה, אָבער דער סדר איז אַז פריער קומט דעת תחתון און דערנאָך דעת עליון, און פונדערסטוועגן איז דאָך דער סדר אַז פריער זאָגט מען שמע און דערנאָך ברוך שם ווייל די השגה און עבודה איז דורך דעם גילוי פון דעם עצם און שורש הנשמה אַזוי ווי זי איז למעלה, וואָס פון איר טריפט אַריין אין דער נשמה ווי זי איז אָנגעטאָן אין גוף, דער תכלית איז אַז עס זאָל זיין „ואהבת” — וואָס דאָס איז עבודה בפועל, דעריבער איז דער אָנהויב שמע ישראל — מצד דער נשמה, — און דערנאָך ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד — וואָס דאָס איז יחודא תתאה, און אַלע אידן זאָגן שמע ישראל, ווייל מצד דעם עצם הנשמה האָבן מיר דאָך אַלע איין פאָטער (ד. ה. מצד זייער עצם הנשמה זיינען דאָך אַלע אידן גלייך).

דער רבי דער צמח צדק האָט געזאָגט:

ויטע אשל בבאר שבע ויקרא שם בשם הוי’ א־ל עולם

(בראשית כא, לג — און ער (אברהם) האָט געפלאַנצט אַן אשל (בוים) אין באר שבע און האָט דאָרט אויסגערופן דעם נאָמען פון ה׳ דעם ג־ט פון וועלט) — וואָס ער האָט געמאַכט אַלע וועלט־באַוואוינער אויסרופן ג־ט׳ס נאָמען, און דאָס איז דורך דעם „אשל״, וואָס דאָס איז אַן אופן פון פרסום (באַקאַנט־מאַ־כונג). און מען דאַרף פאַרשטיין, וואָס איז דאָ שייך דער אופן פון באַקאַנט־מאַכונג, דער עיקר איז דאָך מפרסם צו מאַכן ג־טלעכקייט דורך השגה דוקא (השגחה פרטית, הודו — הודאה, שבחו — השגה, ברכו — דערקלערן אויך יענעם). קומט דאָך אויס אַז דער עיקר איז השגה — „וידעת״, דע את אלקי אביך (זאָלסט וויסן דעם ג־ט פון דיין פאָטער, דה״י א, כח, ט). דער ענין איז אָבער אַז דאָס באַשאַפן פון די עולמות בריאת־יצירה־עשי׳ קומט פון די צען ספירות פון אצילות, און די צען ספירות פון אַצילות זיינען ג־טלעכקייט ממש, ווי אַזוי דען ווערן די באַגרענעצטע באַשעפענישן פון בריאה־יצירה עשי׳? נאָר זייער באַשאַפן איז דורך שבירת הכלים, דעם סוד פון בירור וואָס זייער שורש איז העכער פון דעם שורש פון מענטש, און דעריבער איז עס לעבן פאַר דעם מענטשן, און דאָס איז די מעלה פון אש״ל [129]) וואָס דאָס איז דער סוד פון בירורים, וואָס דאָס איז דער תכלית פון השגה אַז עס זאָל זיין עבודה בפועל.

* * *

דערנאָך האָט דער בעל שם טוב דערציילט:

ווען ער איז אַלט געווען אַרום צוואַנציק יאָר איז ער גע־גאַנגען מיט אַ גרופּע פון זיינע חברים, די באַהאַלטענע צדיקים, קיין בראָד. אַנדערע פון זיי זיינען ווייטער געגאַנגען און אַריבער דעם גרענעץ פון שטאָט, און ער מיט איינעם פון די חברים

זיינען פאַרבליבן אין שטאָט. דער דריטן טאָג איז ער געשטאַנען אין אַ מאַרק און האָט געשמועסט מיט די מאַרק־אידן,— ווי זיין דרך איז געווען צו דערמוטיקן די פאָלקס־מענטשן און זיי מעורר זיין צו זאָגן תהלים און צו אהבת ישראל — און פלוצים איז ער דערשטוינט געוואָרן און איבערגעשראָקן פון איינעם וועלכער איז דאָרט דורכגעגאַנגען. דאָס איז געווען אַ טרעגער, וואָס איז געגאַנגען איינגעבויגם אונטער זיין לאַסט — אַ זאַק מעל וואָס ער האָט געטראָגן אויף די פלייצעס, מיט צעריסענע קליידער און הילצערנע פאַנטאָפל, איינגעפאַלענע באַקן, די אויגן אויסגעשטאַרטשט, זיין פנים ווייס ווי קאַלך און נאַס פון שווייס. איבער זיין קאָפּ — דערציילט דער בעל שם טוב — האָב איך געזען אַ שיינענדיק ליכט, גאַר אַ קלאָרן און ליכטיקן, וואָס ביז דאַן האָב איך נאָך אַזוינס ניט געזען. איך האָב אים אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען אַז ער איז אַ גרויסער מענטש.

עטלעכע פון די מענטשן אַרום אים, האָבן דערזעענדיק אים געזאָגט, מיט אַ שטאָך: הירשל, טראָג געזונט, אַנדערע האָבן אויסגערופן: הירשל ציג, טראָג געזונט, און ער האָט זיי אַלעמען געענטפערט מיט אַ באַגריסונג: זייט געזונט.

איך האָב דערציילט מיינע חברים, ר׳ יחזקאל און ר׳ אפרים, דאָס וואָס איך האָב געזען, און זיי האָבן אויך ניט געוואוסט אַז יענער זאָל זיין פון אונזערע חברים נסתרים. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט וועגן אים און בין געוואָר געוואָרן, אַז ער איז איינער פון די פאָלקס־מענטשן. ער איז שוין אַרום צען יאָר אַן אַלמן, און ער האָט צוויי קינדער וועלכע לערנען אין ישיבות פון שטאָט, און ווערן אויסגעהאַלטן פון זייער מוטער׳ס קרובים אין שטאָט. ער איז אַ טרעגער און האָט גוט פרנסה, אָבער זיין גאַנצע געלט גיט ער אַוועק צו שפּייזן זיינע פיר ציגן, ווייל

ער האָט ליב ציגענע מילך, און דעריבער האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן הירשל דער מילכיקער, און די ווילצלער רופן אים הירשל ציג, און ער וואוינט אין חורבה אונטער דער שטאָט.

אַ סך טעג האָב איך נאָכגעפאָרשט נאָך הירשלען, און האָב ניט געקענט דערגיין קיין טאָלק, און כ׳האָב געהאַט דערפון גרויס צער. איך האָב מתפלל געווען און געבעטן רחמים פון אויבן, אַז איך זאָל קענען דערגיין דעם אמת וועגן דעם מענטשן, און אַז מען זאָל מיר מגלה זיין פון הימל, צוליב וואָס פאַר אַ זכות האָט עס דער דאָזיקער מענטש, וועלכער קוקט אויס ווי אַ פּראָסטער איד, זוכה געווען אַז וואו נאָר ער גייט שיינט איבער זיין קאָפּ אַזאַ שיינענדיק־ליכטיקער שיין, וואָס אויך מיינע חברים די אַלטע צדיקים ר׳ יחזקאל און ר׳ אפרים די נסתרים האָבן דערפון געהאַט גרויס התפעלות.

אין יענער צייט פלעגט מען זיך אין הימל שוין רעכענען מיט מיין צער, און מיין תפילה פלעגט פּועל׳ן, און וויבאַלד איך האָב געזען אַז אין דעם דאָזיקן ענין האָט מען מיר נאָך ניט געענטפערט, האָב איך געוואַרט ביז נאָך שבת, און האָב אויף זיך מקבל געווען אַ תענית הפסקה, צו פאַסטן דריי טעג און דריי נעכט, אָנפאַנגענדיק פון מלוה מלכה.

דעם דריטן טאָג נאָך מנחה, ווען איך בין אַרויס פון אונזער אַכסניא, האָב איך געטראָפן ר׳ הירשלען, און איך האָב אים גע־זאָגט אַז איך בין זייער הונגעריק און שוואַך אויפן האַרצן, און איך וואָלט טרינקען אַ גלאָז ציגענע מילך, און אַז איך האָב געהערט אַז ביי אים איז דאָ צו קויפן ציגענע מילך.

ר׳ הירשל האָט מיר געענטפערט אַ פריילעכער, אַז ער איז גרייט מיר צו געבן אַ גלאָז ציגענע מילך, אָבער קיין געלט

וועט ער דערפאַר ניט נעמען, ווייל ער איז אויך אַ איד און, פון זיין ברויט און פון אַלץ וואָס ער האָט איז ער מחויב אָוועקצוגעבן צו אַ צווייטן אידן. ער האָט מיר געהייסן מיטגיין מיט אים צו זיין דירה.

מיר זיינען געגאַנגען איבער אַ שעה, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ געסל וואָס איז געווען פול מיט בלאָטע און ליים, הייזער אָן דעכער און פענסטער. אין איינער פון די דאָזיקע חורבות איז געווען ר׳ הירשלס וואוינונג. ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר, האָבן די ציגן אָנגעהויבן צו מעקען, זיינען צו אים צוגעשפּרונגען, געלעקט זיינע הענט און פיס און האָבן אַרומגעטאַנצט ווי דער שטייגער פון ציגן.

ר׳ הירשל האָט גענומען אַ כלי און האָט אָנגעמאָלקן די ציגן און מיר דערלאַנגט און איך האָב געטרונקען. איך האָב געדאַוונט מעריב, און בין געבליבן אין זיין דירה ביז טאָג, און די גאַנצע צייט איז ר׳ הירשל געווען זייער אויפגעלייגט.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שוין צען יאָר אַן אלמן פון זיין פרוי וועלכע איז געווען אַן עסקנית אין דער מצוה פון באַזוכן אָרעמע קראַנקע און אָרעמע קימפעטאָרינס.

אין די טעג פון שבעה האָט זיך אים זיין פרוי באַוויזן אין חלום און האָט אים דערציילט וועגן דעם גרויסן שכר וואָס מען גיט איר פאַר דעם וואָס באַ איר לעבן האָט זי באַזוכט אָרעמע קראַנקע און קימפעטאָרינס. וויפיל מאָל האָט זי געהערט פון די מגידים און מוסר־זאָגערס, אַז נאָכן טויט, ווען מען קומט אויפן עולם האמת, איז דער ערשטער משפט — חיבוט הקבר, און דער מלאך דומה פרעגט ווי מען הייסט, און דערנאָך קומען די מלאכי חבלה און פירן דעם מענטשן אין בית־דין און וואַרפן אַריין די

נשמה אין כף הקלע. דערנאָך פירט מען אים אין גיהנום אַריין. אַזוי האָט זי אַמאָל אָפּט געהערט.

אָבער ווען זי איז נפטר געוואָרן און מען האָט איר געטראָגן אויף דעם בית החיים און איר מקבר געווען און די זין האָבן געזאָגט קדיש און די וועלכע זיינען דאָרט געשטאַנען האָבן גע־ענטפערט אָמן, האָבן די מלאכים געמאַכט אַ שטורעם ענטפערנדיק אָמן כן יהי רצון. און ווען מ׳האָט פאַרענדיקט צודעקן זי מיט ערד אין קבר, איז געקומען איינער פון די מלאכים און האָט איר געפרעגט ווי זי הייסט, האָט זי געענטפערט רחל לאה, און מען האָט איר געפירט אין בית־דין. דאָרט האָט זי געזען שטיין עטלעכע מענטשן, מענער, פרויען, אינגלעך און מיידלעך, און זי האָט זיי דערקענט, אַז דאָס זיינען די קראַנקע וואָס זי האָט זיך באַמיט וועגן זייער רפואה אין די זיבן און צוואַנציק יאָר, זינט זי איז געקומען צום שכל, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד אין שטוב באַ איר טאַטן, דניאל דעם שינדער, ביז צום טאָג פון איר טויט. פון בית־דין האָט מען איר אַריינגעפירט אין גן־עדן.

זי האָט ווייטער דערציילט, אַז אין הימל האָט מען זייער ליב דעם וואָס טוט צדקה מיט אַ אידן, מאַן אָדער פרוי. דו, הירשל, ביזט אַ פּראָסטער איד, און קיין תורה קענסטו ניט, פאַרנעם־זשע זיך מיט היילן קראַנקע און קימפּעטאָרינס, און זע אַז די קינדער זאָלן דערפון ניט וויסן.

זינט דעמאָלט — דערציילט ר׳ הירשל — האָב איך געקויפט ציגן און איך גיב זיי גוט צו עסן, און זייער מילך טראָג איך צו קראַנקע און קימפּעטאָרינס אויף צו היילן זיי און שטאַרקן, און דער אויבערשטער גיט זיין הייליקע ברכה און זיי ווערן געהיילט. די אַלע יאָרן לעב איך בדוחק, ווייל מיין גאַנץ פאַר־דינסט גיב איך אַוועק אויף צו שפּייזן די ציגן.

נעכטן באַנאַכט איז מיין פרוי צו מיר געקומען אין חלום און מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל מאָרגן נאָך מנחה באַגעגענען אַן אָרעמאַן, און ער וועט באַ מיר עפּעס בעטן, זאָל איך אים איינלאַדן צו מיר אין הויז, אים געבן טרינקען מילך און אים אויסזאָגן מיין גאַנצן סוד, ווייל דורך דעם דאָזיקן אידן וועל איך קענען האָבן אַן אייביקע ישועה.

אַרום אַ חודש צייט — דערציילט דער בעל שם טוב — בין איך נאָך געזעסן אין בראָד, און האָב זיך צוגעקוקט צו דער עבודה פון ר' הירשלען. איך האָב געזען אַז ער טוט זיין עבודה מיט אַ ריינער אמונה און אים אַרן ניט די אַלע צונעמען וואָס מ'רופט אים, נאָר ער טוט פלייסיק זיין עבודה מיט אהבת ישראל און מיט מסירת נפש, און דעריבער האָט ער זוכה געווען צו דעם ליכטיקן שיין.

לויט דער אָנווייזונג פון דעם צדיק נסתר ר' אפרים צבי, דעם אָנפירער פון אונזער חברה, וועלכער האָט געמאַכט אַ שאלה מן השמים (ער האָט זיך אָנגעפרעגט אין הימל), האָבן מיר אַריינגענומען ר' הירשלען אין דער ליסט פון אונזער חברה, און אונזער חבר ר' בנימין בייניש דער סטאָליער אין בראָד האָט מיט אים אָנגעהויבן צו לערנען. אין צוויי יאָר האָט ער מיט אים דורכגעלערנט תנ"ך, און דריי יאָר האָבן זיי געלערנט משנה און גמרא, און זיין מוח האָט זיך ברייט צעעפנט, און ער איז געוואָרן אַ גדול בתורה. ר' הירשל איז געבליבן אין שטאָט נאָך באַ אַ פינף יאָר, און איז געשטיגן אין תורה, אין קדושה און אין חסידות, און לויט אַן אָנווייזונג פון הימל איז ער אַוועק פון בראָד און זיך באַזעצט אין אַנטיפּאָליע, וואו מיט זיינע תפילות און סגולות האָט ער געהיילט הונדערטער און טויזנטער אַרום

דריי און דרייסיק יאָר צייט, און איז נפטר געוואָרן, זייענדיק אין גלות, אין דער שטאָט אַסטראָפּאָליע.

אלול תקכ״א, אין דעם טאָג וואָס ר׳ הירשל איז נפטר געוואָרן, איז אין אַסטראָפּאָליע געווען אַ רעגנדיקער און שטורעמדיקער טאָג, און עס זיינען געווען וויניק מענטשן וואָס האָבן באַגלייט דעם אַלטן וועג־גייער וועלכער איז נפטר געוואָרן אין הקדש, און קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז ער איז איינער פון די צדיקים נסתרים. ער האָט נאָר געזאָגט פאַר זיין פטירה אַז זיין נאָמען איז צבי און זיין פאָטער ר׳ יחיאל זלמן איז געווען שמש אין איינער פון די בראָדער שולן. ער האָט אויך דערציילט, אַז ער האָט צוויי זין, ר׳ עוזיאל און ר׳ גדלי׳. ער האָט אָבער ניט אויסגעזאָגט וואו זיי געפינען זיך.

אין דער חברה קדישא אין אַסטראָפּאָליע האָבן זיך באַטייליקט אַלע שטאָט־אידן און תלמידי חכמים. דער הויפּט איז געווען איינער פון די שטאָטישע חשובים, ר׳ נפתלי זאב, וועלכער איז געווען אַ למדן און אַ גביר, און ער פלעגט זיך באַטייליקן אין אַלע צדקות מיט אַ ברייטער האַנט. ווען מען האָט אים דערציילט, אַז אַן אַלטער וועג־גייער איז נפטר געוואָרן אין שטאָטישן הקדש, האָט ער געשיקט עטלעכע מענטשן זיי זאָלן זיך מתעסק זיין אין זיין קבורה, און איינער פון די קברנים האָט געזאָגט קדיש נאָכן נפטר.

מיר אַלע — די צדיקים נסתרים און די חבריא קדישא אויפן עולם האמת, און די נשמות פון די קראַנקע וועמען דער צדיק ר׳ צבי האָט געהאָלפן און זיי געהיילט במשך פון דריי און פערציק יאָר — און די אַלע מלאכים וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון זיינע מעשים טובים — זיינען געגאַנגען מקבל פנים זיין די נשמה פון דעם צדיק ר׳ צבי.

דעמאָלט איז געוואָרן אַ רעש אין הימל מיט אַ גרויסן קטרוג אויף דער שטאָט אַסטראָפּאָליע, פאַרוואָס מ׳האָט ניט נוהג כבוד געווען מיט דעם צדיק ר׳ צבי, און די מקטרגים האָבן געפּאָדערט אַ האַרבע שטראָף פאַר דעם ראש החברה ר׳ נפתלי זאב און די חברים פון דער חברה קדישא און די גאַנצע שטאָט.

מיר אַלע, און רבי חנינא בן דוסא אין אונזער שפּיץ, האָבן געבעטן פאַר די אידן פון דער שטאָט אַסטראָפּאָליע, און האָבן זיך זייער אָנגעשטרענגט צו פאַרענטפערן די שטאָט קעגן די וועלכע האָבן געמאָנט אַ שטראָף. די מקטרגים זיינען אָבער פעסט באַשטאַנען אויף זייערס. פּלוצים האָט זיך געהערט אַ רוף: מאַכט פריי דעם וועג פאַר דער נשמה פון אַן אשת חבר, די קרוין פון איר מאַן, און עס איז אָנגעקומען די נשמה פון דער צדקת רחל לאה בת פייגא דוואָשא און ר׳ דניאל דער תמימות׳דיקער ירא אלקים, און נאָך איר טויזנטער נשמות און מלאכים וואָס באַגלייטן איר.

ווען די מקטרגים האָבן געהערט דעם רוף, און ווען זיי האָבן געזען דעם שטורעם וואָס איז געוואָרן ווען עס איז אָנגעקומען די נשמה פון דער צדקנית רחל לאה, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן.

די צדקת האָט גע׳טענה׳ט צום זכות פון אַסטראָפּאָליער אידן, אַז זיי האָבן ניט געקענט וויסן, אַז אַן אַלטער איד פון אַרום הונדערט יאָר, וועלכער גייט אָנגעטאָן ווי אַ פּראָסטער מענטש און פאַרשטעלט זיך פאַר אַן עם הארץ, זאָל זיין איינער פון די צדיקים, און אַדרבא, זיי האָבן מקיים געווען די מצוה פון צדקה ווי עס דאַרף צו זיין, ווייל זיי האָבן אויסגעהאַלטן אַ גראָבן־יונג אַן עם הארץ בלויז ווייל ער איז אַ איד, און אויב מ׳זאָל ח״ו באַשטראָפן די אַסטראָפּאָליער אידן, וועט דאָס זיין אַ שטראָף

פאַר איר מאַנ׳ס, דעם צדיק׳ס נשמה, וואָס האָט דערצו געבראַכט.

די פאַרטיידיקונג האָט געווירקט און דער קטרוג איז בטל געוואָרן.

---

122) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס מד), עמודים 6־8.

123) חלק א קכט, א.

124) זע זוהר חלק א קלג, א. פרי עץ חיים שער הקריאת שמע, פ״א.

125) עס איז צו באַמערקן דערצו פון תורה אור אַנהויב לך לך און תורת חיים — דאָרט.

126) ספר יצירה פרק א.

127) זע לקוטי תורה דיבור המתחיל אלה פקודי פרק ה.

128) דערקלערט אויספירלעך אין אמרי בינה שער הקריאת שמע און אין נאָך עטלעכע ערטער.

129) די ראשי תיבות אש״ל, אַזוי ווי זיי ווערן דערקלערט אין עטלעכע ערטער אין חסידות: אכילה (עסן) שתי׳ (טרינקען) לוי׳ (באַגלייטונג) און דאָס איז לויט דעם מדרש תהלים קי. זע אויך רש״י כתובות ח, ב. אָבער אין בחיי (בראשית כא, לג) און כד הקמח מערכת אורחים אין נאָמען פון מדרש תהלים ברענגט ער: אכילה שכיבה (ליגן, שלאָפן) לוי׳. און אין מדרש תהלים לז איז פאַראַן אַ גירסא אכילה שתי׳ לינה (נעכטיקן) און אַזוי אין פלוג ווייזט אויס אַ ביסל פון רש״י, סוטה י, סוף עמוד א, וואָס ער שרייבט: פונדק ללון (אַן אַכסניא צום נעכטיקן). און אויב אַזוי וואָלט געדאַרפט שטיין צום סוף פון דאָזיקן רש״י: לינה אָנשטאָט לוי׳.

יג.

# די גרויסע שליחות

אין יאָר תקי״ט האָט דער בעל שם טוב געשיקט איינעם פון זיינע אינגערע תלמידים, ר׳ משה מעשל׳ען פון דעם דאָרף בעזענקע, מיט אַ בריוו צו זיין תלמיד, דעם באַוואוסטן גאון ר׳ חיים הכהן ראַפּאָפּאָרט [130]), אַז אין אַ באַשטימטן טאָג זאָל ער פאָרן אין דעם וואַלד, וועלכער געפינט זיך אַרום אַכט וויאָרסט אויסער דער שטאָט אין מזרח־זייט, און זאָל דאָרט לערנען מיט גרויס פאַרטיפונג די ערשטע פיר פרקים פון הלכות ברכות אין רמב״ם, און דאָס וואָס ער וועט מחדש זיין, זאָל ער פאַרשרייבן בקיצור, כדי ער זאָל ניט פאַרגעסן. יענעם טאָג זאָל ער דאַוונען ביי באַגינען, זאָל אָנבייסן און אַרויספאָרן געזונטערהייט, און קיין זאַך זאָל אים ניט אָפּהאַלטן. ווען ער וועט קומען אין וואַלד אַריין און אים — דעם בעל שם טוב — זען שטיין דאָרט, איז דאָס דער אָרט וואו ער זאָל זיך אָוועקזעצן לערנען דעם דערמאָנטן שיעור, און ער זאָל דאָרט דאַוונען מנחה און אַהיים פאָרן געזונטערהייט.

דער בעל שם טוב האָט דורך זיין דערמאָנטן תלמיד געשריבן אויך צו אַ געוויסן ר׳ חיים ישראל אין לעמבערג (לוואָוו) און האָט אָנגעזאָגט זיין תלמיד ר׳ משה מעשל, אַז קיינער זאָל דערפון ניט וויסן, און ווען ער וועט איבערגעבן דעם בריוו זאָל ער ניט פירן קיין שמועסן מיט ר׳ חיים ישראל׳ן.

דער בעל שם טוב האָט אָנגעזאָגט זיין תלמיד ר׳ משה

מעשל, אַז די נאַכט פאַר דעם טאָג פון אַרויספאָרן זאָל ער שטיין אויף דער וואַך אַז דער גאון זאָל ניט פאַרשפעטיקן דאַוועגען מיט באַגינען, און כאָטש דער גאון פירט זיך אויפצושטיין צו תיקון חצות, קען אָבער געמאָלט זיין אַז צוליב זיין גרויס מידקייט פון זיין עבודה דורך דעם טאָג זאָל ער זיך נאָכאַמאָל לייגן. אויך זאָל ער אַכטונג געבן אַז ער זאָל אָנבייסן פאַרן אַרויספאָרן, און ער זאָל מיטנעמען אַ גלאָז, טאָמער וועט דער גאון דאַרשטיק ווערן. בעת זיין פאָרן מיט דעם גאון זאָל ער חזר'ן — אויף אויסנווייניק — פון בראשית ביז צו דער צווייטער פרשה, די שירה פון אז ישיר, און שירת האזינו. די גאַנצע צייט וואָס דער גאון וועט זיך דאָרט פאַרזאַמען, זאָל ער זאָגן תהלים, און אויב ער וועט עס פאַרענדיקן, זאָל ער זאָגן אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל. ער זאָל מיט קיינעם ניט שמועסן אָנהויבנדיק פון אין דער פרי אין דעם טאָג פון זייער פאָרן.

דער טאָג וועלכן דער בעל שם טוב האָט באַשטימט פאַר דעם גאון'ס נסיעה אין וואַלד אַריין, איז געווען אַ מיטוואָך אין אַ תמוז'דיקער וואָך.

* * *

דאָנערשטיק מיטאָג — דערציילט ר' משה מעשל — בין איך אָנגעקומען אין לעמבערג, און ווען איך בין אַריין אין דעם גאון'ס בית־דין־שטוב, זיינען דאָרט געווען אַ סך מענטשן, און דער גאון איז געווען פאַרנומען אין אַ גרויסער אסיפה מיט די נכבדים פון קהל. ווען איך האָב געבעטן דעם דיין, ר' משה יוסף, ער זאָל מיר לאָזן זען דעם גאון, האָט ער מיך אָנגעקוקט אַ פאַרוואונדערטער: צי האָסטו דען ניט געהערט וועגן דער שרעקלעכער גזירה וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער וויצע־אַרכעפיסקאָפּ מיקולסקי, אַז אין פאַרלויף פון איין וואָך — ביזן

קומענדיקן דאָנערשטיק — זאָל מען אַרויסרייסן פון אַלע סידורים די תפילה „עלינו לשבח", און פון זונטיק אָן זאָל מען די דאָזיקע תפילה שוין מער ניט זאָגן אין שול. דעריבער זיצט מען איצט און מען טראַכט אַן עצה וואָס צו טאָן.

זעענדיק אַז איך וועל דעם גאון ניט קענען זען, בין איך געגאַנגען אויספירן די צווייטע שליחות — איבערגעבן דעם בעל שם טוב'ס בריוו צו ר' חיים ישראל דעם טעפּער. ווען איך בין צוריקגעקומען אין בית־דין־שטוב האָב איך געפונען אַז דער גאון איז שוין אַהיים־געגאַנגען, בין איך אַוועק צו אים אַהיים און האָב אים איבערגעגעבן דעם בריוו פון בעל שם טוב.

ווען דער גאון האָט געזען דעם קאָנווערט פון דעם בריוו, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך, און ווען ער האָט געהערט אַז איך בין אַ שליח פון מורנו הבעל שם טוב אים איבערצוגעבן דעם בריוו — איז זיין פּנים ליכטיק געוואָרן. ווען ער האָט פאַרענדיקט לייענען דעם הייליקן בריוו, וועלכן ער האָט געלייענט מיט אַ באַזונדערן הדרת הכבוד, האָט ער שטאַרק געקרעכצט, און האָט געזאָגט: אַלע אידן פון לעמבערג און אומגעגנט דאַרפן האָבן גרויס רחמים צוליב דער שרעקלעכער גזירה — די שעה זאָל ניט זיין — מבטל צו מאַכן חס ושלום צו זאָגן די תפילה „עלינו לשבח".

דער גאון האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון בעל שם טוב, אָבער די שטוב־מענטשן און די תלמידים פון דער ישיבה, ווען זיי האָבן געזען דעם גאַסט און אַז דער גאון איז אויפגעלייגט, האָבן זיי פאַר־שטאַנען אַז דער גאַסט איז דעם בעל שם טוב'ס אַ שליח, וועלכער האָט — מינדלעך אָדער שריפטלעך — געבראַכט וועלכע ס'איז ידיעה פון בעל שם טוב, וואָרום עס איז געוועזן דער דרך פון

דעם גאון, אַז ווען ער פלעגט באַקומען אַ ידיעה פון דעם בעל שם טוב, מינדלעך און מכל שכן שריפטלעך, פלעגט ער יענעם טאָג מאַכן פאַר אַ יום־טוב, ניט זאָגן קיין תחנון און פּראַווען אַ סעודת מצוה. אַמאָל פלעגט ער איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון דער ידיעה און אַמאָל פלעגט ער דאָס באַהאַלטן, אָבער אַלעמאָל פלעגט ער זאָגן דברי תורה באַ דער סעודה און פלעגט דערקלערן דעם דרך פון בעל שם טוב.

דער גאון האָט געהייסן פּראַווען אַ סעודת מצוה, און אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך שוין דערפון דערוואוסט דעם גאון׳ס נאָענטע און זיינע תלמידים, אויך די ראשי הקהל און די חשוב׳ע לייט פון שטאָט זיינען אַלע געקומען צו דער סעודה, אויסער דעם גרויסן קהל וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט, ווייל די גאַנצע שטאָט איז געווען אין גרויס צער צוליב דער גזירה, און בשעת דער סעודה האָט מען אויסגערופן דעם באַשלוס פון דער אסיפה, אַז גאַנץ קהל זאָל שטיין מיט מסירות־נפש און ווייטער זאָגן די תפילה עלינו לשבח דריי מאָל אַ טאָג ווי ביז איצט, און אַז קומענדיקן זונטיק האָט מען באַשטימט פאַר אַ תענית ציבור מיט שופר־בלאָזן.

פרייטיק אין דער פרי איז ר׳ חיים ישראל אַוועק צום וויצע־אַרכעפּיסקאָפּ מיקולסקי און האָט אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט ניט מבטל זיין די גזירה — וועט ער שווער באַשטראָפט ווערן. מיקולסקי האָט אויף אים אָנגעשריען און אים אַרויס־געטריבן. זונטיק אין דער פרי, ווען מיקולסקי איז אַראָפּ פון דער בימה אין קלויסטער, איז ער געשטרויכלט געוואָרן און איז געפאַלן צעבראָכנדיק דערביי זיין פוס און רעכטע האַנט. פאַר גרויס ווייטיק האָט ער גע׳חלש׳ט און מען האָט אים אַהיים־געטראָגן. ווען ער האָט זיך געוואַלגערט פון גרויס ווייטיק, האָט

ער זיך דערמאָנט אין דעם אידן וועלכער איז באַ אים געווען פאַרגאַנגענעם פרייטיק, און ווען ער האָט איבערגעטראַכט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דעם זעלביקן אידן האָט ער געזען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, בשעת ער האָט געוואָרנט דעם אַרכע־פּיסקאָפּ דעמבאָווסקי אַז ער זאָל מבטל זיין די גזירה פון פאַר־ברענען אידישע ספרים, און אויב ניט — וועט ער שטאַרבן.

מיקולסקי האָט געהייסן דעם הויפּט־גלח אַז ער זאָל מעלדן דעם רב און דער קהילה, אַז ער איז מבטל די גזירה פון אַרויס־רייסן די תפילה עלינו לשבח פון די סידורים, און אַז די אידן זאָלן זיך פירן מיט זייערע תפילות אַזוי ווי ביז איצט.

די שמועה האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט — און ביי לעמבערגער אידן איז געוואָרן ליכטיק און פריילעך. זיי האָבן אַרויסגעשיקט שליחים אין דער גאַנצער געגנט מעלדן אַז די גזירה איז בטל געוואָרן, און אין נאָמען פון דעם גאון האָט מען אויסגערופן אַז מען זאָל משלים זיין (פאַר־ענדיקן) דעם תענית און צו מעריב זאָל מען אין אַלע שולן אָנצינדן אַ סך ליכט, אַזוי ווי יום־טוב, און דאַווענען מיט אַ יום־טוב׳דיקן ניגון, און די תפילה עלינו לשבח זאָל מען זינגען מיט דעם סקאַרבאָווען ניגון וועלכער איז אָנגענומען פון דעם מהר״ל מפּראָג — וואָס מען זינגט אים אין די הייליקע טעג — אָבער אָן בוקן זיך און קניען.

* * *

ר׳ חיים ישראל איז געווען איינער פון די באַהאַלטענע צדיקים. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען ער קומט און וואו ער גייט, און קיינער האָט אויף אים קיין אַכט ניט געלייגט. וואָרום אַזעלכע ווי ער — לויט זיין אויסערלעכן אויסזען — זיינען

אין לעמבערג געווען הונדערטער פשוט'ע אידן, פאַרשידענע בעלי־מלאכות.

ר' חיים ישראל איז געווען דעם בעל שם טוב'ס שליח צום אַרכעפּיסקאָפּ דעמבאָווסקי אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אים צו וואָרענען, אַז אויב ער וועט ניט מבטל זיין די גזירה פון פאַר־ברענען דעם תלמוד און אַנדערע אידישע ספרים, און וועט ניט מבטל זיין דעם קנס אויף די קאַמעניצער אידן אַז זיי זאָלן צושטייער געבן אויף דעם קלויסטער — וועט ער שטאַרבן מיט אַ פּלוצימדיקן טויט. דער וויצע־אַרכיפּיסקאָפּ איז געווען דערביי ווען דעמבאָווסקי האָט דעם אידן געענטפערט: זאָג דעם וואָס האָט דיך געשיקט, אַז איך לאָך זיך אויס פון אים און פון זיינע סטראַשונקעס. דעמבאָווסקי האָט געהייסן דעם הויפּט־גלח אַז ער זאָל אונטעריאָגן די גלחים צונויפצוקלייבן די אידישע ספרים און צוגרייטן אַ פייער אין מיטן שטאָט, און אַרויסשיקן שטאַפעטן אין גאַנץ שטאָט באַקאַנט צו מאַכן אַז מען גייט פאַרברענען ספרים פון די אידן, די שונאים פון זייער גלויבן, און אַז פון דער גאַנצער געגנט זאָל מען קומען מאַסנווייז זיך צוקוקן ווי אַזוי זיי וועלן זיך נוקם זיין אין דער תורה פון זייערע גלויבנס־פיינט, און אַז אויב ביז יענעם דינסטיק וועלן די אידן ניט ברענגען דאָס געלט פאַר דעם קנס וואָס ער האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט צו פאַרריכטן דעם קלויסטער, וועט זיך דער גאַנצער עולם אַוועקלאָזן איבער די אידישע הייזער און קראָמען און צערויבן אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן.

דער באַפעל פון אַרכיפּיסקאָפּ דעמבאָווסקי איז באַלד אויס־געפירט געוואָרן. צענדליקער מענטשן האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער די שולן און בתי־מדרשים און אידישע הייזער צונויפ־צוקלייבן זייערע ספרים. צענדליקער האָבן צוגעגרייט דעם פייער

און צענדליקער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין דער געגנט צו מעלדן דעמבאָווסקיס באַפעל צו קומען אין שטאָט אַריין און צוזען ווי אַזוי מען וועט פאַרברענען די אידישע ספרים און רויבן דעם אידישן פאַרמעגן. די אידן פון קאַמענעץ האָבן זיך זייער דער־שראָקן און האָבן באַשטימט תעניתים און שטאַרק מתפלל געווען צום אויבערשטן אַז ער זאָל זיי אויסלייזן פון דער צרה.

אין פאַרלויף פון צוויי טעג זיינען אין שטאָט אַריין געקומען טויזנטער גוים, מענער און פרויען, יונג און אַלט, צוקוקן דעם ספּעקטאַקל און ראַבעווען באַ די אידן. דינסטיק פאַרטאָג האָבן געקלונגען די גלאָקן פון די קלויסטערס, און לויט דעמבאָווסקיס באַפעל האָט מען דעם פייער אָנגעצונדן. דעמבאָווסקי איז אַרויס פון קלויסטער אין שפּיץ פון אַ מאַרש צום אָרט וואָס איז געווען באַשטימט צו פאַרברענען די ספרים. אין מיטן וועג האָט אים געטראָפן אַ האַרץ־שלאַג און ער איז אַוועקגעפאַלן אַ טויטער. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל צווישן די אַלע מיט־מאַרשי־רערס און אַלע האָבן געזאָגט, אַז דער אידישער ג־ט האָט פאַר־ווערט דאָס פאַרברענען פון זיין תורה.

* * *

די לעצטע צוויי טעג פאַר מיטוואָך איז דער גאון ר׳ חיים גע־ווען שטאַרק פאַרנומען, אויסערגעוויינלעך, און איז געווען זייער מיד און פאַרמאַטערט, און ווען ביט ר׳ משה מעשל וואָלט געשטאַ־נען אויף דער וואַך אַזוי ווי דער בעל שם טוב האָט אים געהייסן, וואָלט דער גאון זיך פאַרשפּעטיקט אויפשטיין צו תיקון חצות. מיטוואָך באַ פרי־באַגינען איז דער הימל פאַרוואָלקנט געוואָרן און עס איז געגאַנגען אַ שטאַרקער רעגן. ווען דער גאון האָט בלויז אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דעם וואָגן אויף צו פאָרן אין וואַלד אַריין, ווי דער בעל שם טוב האָט געהייסן, האָבן זיך די

הימלען געשפּאָלטן מיט שרעקלעכע בליצן און דונערן, די פערד זיינען געשטאַנען אויף אַן אָרט און ניט געגאַנגען קיין שריט. דער בעל־עגלה האָט געשמיסן די פערד מיט דער בייטש, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן, דער גאון האָט אַלץ אונטערגעשטופּט דעם בעל־עגלה אַז ער זאָל פאָרן. אַזוי זיינען זיי געשטאַנען אַ צייט ביז די דונערן און בליצן זיינען לייכטער געוואָרן, און דאַן זיינען זיי געפאָרן. און כאָטש דער אָרט איז נאָר געווען אַרום אַכט ווייאָרסט פון שטאָט, זיינען זיי געפאָרן אַ סך שעה'ן, ווייל אויסער דעם וואָס דער וועג איז קאַליע געוואָרן צוליב די שטאַרקע רעגנס, האָט זיך אויף יעדן שריט און טריט עפּעס געטראָפן: די לייצעס האָבן זיך אָפּגעריסן, די רימענס האָבן זיך פאַנאַנדערגעריסן, אַ ראָד איז אַראָפּגעפאַלן, דער דראָנג צווישן די צוויי פערד האָט זיך צעבראָכן, און ענלעכע פּאַסירונגען, וואָס יעדע האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט. פאַר גרויס האָרעוואַניע און אָנשטרענגונג איז דער בעל־עגלה שוואַך געוואָרן און ער האָט שוין ניט געקענט פירן די פערד, האָט זיך ר' משה מעשל אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. עס זיינען ניט אַריבער קיין צוואַנציק מינוט און דער וואָגן איז אַראָפּ פון וועג אין אַ גרוב אין דער זייט און זיי האָבן זיך דאָרט לאַנג געזאַמט, ביז וואַנען זיי האָבן דעם וואָגן אַרויסגעשלעפּט מיט גרויס מי. ערשט אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג זיינען זיי אָנגעקומען אויף דעם אָרט וועלכן דער בעל שם טוב האָט געהאַט אָנגעצייכנט אין זיין בריוו צום גאון ר' חיים.

ווי נאָר דער גאון איז אַרויס פון וואָגן, האָט פּלוצים אויפ־געבלישטשעט אַ בליץ און עס האָט געטראַסקעט גאָר אַ שטאַרקער דונער, אַזוי אַז די פערד זיינען דערציטערט געוואָרן און אויך זיי — להבדיל — זיינען פאַר גרויס שרעק ווי פאַרגליווערט

געוואָרן. עס זיינען ניט אַריבער קיין עטלעכע מינוט, און אַ פינסטערניש האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן אַרום, און ס׳האָט גע־דונערט און געבליצט. דער בעל־עגלה האָט שטאַרק געוויינט און געזאָגט צום גאון: רבי, איך האָב זייער מורא, איך שרעק זיך. דער גאון האָט אים געענטפערט: „והאלקים עשה שיראו מלפניו״ [131] (ג־ט האָט געמאַכט, אַז מען זאָל פאַר אים מורא האָבן). דער גאון איז זיך געגאַנגען און האָט זיך ערגעץ אַוועק־געזעצט, און ווי נאָר ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיין לערנען, האָבן זיך די הימלען אויסגעלייטערט און ס׳האָט אַרויסגעשיינט די זון.

דער אָרט איז געווען אַ גרויסער פלאַץ פון וואָסערע עטלעכע הונדערט איילן, אַרום פופציק איילן ווייט פון וועג, צווישן רייען פון אַלטע ביימער וועלכע זיינען געווען געפלאַנצט אין אַ שורה. באַ די ברעגן פון דעם פלאַץ האָט מען דאָ און דאָרט נאָך געקענט זען פאַרפוילטע גרונט־שטיינער און גראָבנס, וועלכע האָבן עדות געזאָגט, אַז מיט יאָרן צוריק זיינען דאָרט געווען געביידעס, אויך סימנים פון אַ ברונעם זיינען געווען אויף דעם פלאַץ — אַ טיפערער גרוב מיט צעבראָכענע ווענט און טרוקן, אָן וואַסער.

אַרום פיר שעה — דערציילט ר׳ משה מעשל — איז דער גאון געזעסן דאָרטן פאַרטיפט אין לערנען און ער איז זייער דורשטיק געוואָרן, זיינען מיר — איך און דער בעל־עגלה — געגאַנגען זוכן וואַסער און צווישן די ביימער פון וואַלד, ניט ווייט פון דעם פלאַץ, האָבן מיר געפונען אַ קוואַל.

נאָך מנחה זיינען מיר צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. דער גאון האָט מיר געוואָלט פאַרהאַלטן באַ זיך ביז נאָך שבת, אָבער איך האָב זיך באַ דער אָנווייזונג פון בעל שם טוב, אַז מיטוואָך נאָך מעריב זאָל איך אַרויס פון שטאָט, אַז דאָרטן וועל

איך טרעפן אַ וואָגן און אַז איך זאָל זיך אין אים אַריינזעצן אָן גאָרניט צו ריידן, ניט מיט דעם פאָרער און ניט מיט קיין אַנדער מענטש. אַזוי האָב איך אויך געטאָן און דאָנערשטיק אין דער פרי האָט מיר דער וואָגן געבראַכט ביז אַרום דריי וויאָרסט פון מעזשבוזש. ווי נאָר איך בין אַריין אין דעם הייליקן הויף, האָב איך געזען דעם בעל שם טוב שטייענדיק ביים פענסטער און ער האָט מיר אַ ווונק געטאָן מיט זיין האַנט, אַז איך זאָל צוגיין צום פענסטער. ער האָט מיר געהייסן אַז איך זאָל דריי מאָל אָפּזאָגן דעם תהלים, איינמאָל פאַרן דאַווענען און צוויי מאָל נאָכן דאַווענען, און אַז איך זאָל מיט קיינעם ניט ריידן — אַפילו ניט עטנפערן אויף קיין גרוס, ביז איך וועל פאַרענדיקן דעם תהלים, און דערנאָך איינמאָל שירת הים און צוויי מאָל האזינו, און אַז איך זאָל ניט רויכערן קיין טאַבאַק ביז נאָך מעריב.

* * *

אָנהויב אלול — דערציילט דער אַלטער רבי, רבי שניאור זלמן בעל התניא, זיין אייניקל רבי מנחם מענדל בעל „צמח צדק", אין נאָמען פון זיין רבי'ן דעם מעזריטשער מגיד, וועלכער איז אַליין געווען דערביי — איז הגאון ר' חיים ראַפּאָפּאָרט געקומען צו דעם בעל שם טוב און געזאָגט, אַז זינט זיין שליחות אין וואַלד, צו לערנען די פיר פּרקים אין הלכות ברכות פון רמב"ם און דאַווענען מנחה, האָבן זיך אים ב"ה געעפנט די אויגן אין תורה און זיין האַרץ אין דינען דעם באַשעפער, און ער דאַנקט און לויבט דעם אויבערשטן וואָס ער האָט אים מזכה געווען מיט אַזאַ גרויסער זאַך, וואָס זיינע אויגן און זיין האַרץ האָבן זיך געעפנט אין תורה און עבודת ה', און ער דאַנקט דעם בעל שם טוב וואָס ער האָט אויסגעקליבן אים צו שיקן אַהין,

וואָרום ער האָט געווים זוכה געווען נהנה צו זיין פון דעם שיין פון אַ הייליקער נשמה.

באַ דער שבת־סעודה האָט דער בעל שם טוב דערציילט:

מיט אַ הונדערט און זעכציק יאָר צוריק — בערך אין יאָר שנ"ט אָדער ש"ס — האָט איינער פון די גאוני פּראָג, ר׳ שמואל צדוק, זיך באַזעצט אין לעמבערג. ער האָט געהאַט צוויי זין, דער עלטערער האָט געהייסן משה און דער צווייטער יהודה ארי׳. ער האָט דערצויגן זיינע קינדער אויף דעם וועג פון תורה דורך מלמדים גדולי תורה, און כאָטש ר׳ שמואל צדוק איז געווען דעם מהר"ל׳ס אַ תלמיד און אַ גרויסער גאון, איז ער געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון לערנען מוסר און האָט אַפילו ניט געוואָלט לייענען די קונטרסים פון מהר"ל׳ס שריפטן — די ספרים זיינען דעמאָלט נאָך געווען אין האַנט־שריפט — וואָס די אַנדערע תלמידים פלעגן זיי לערנען מיט גרויס חשק. אָנשטאָט דעם האָט ער געניגט צו לערנען וויסנשאַפטן, איבערהויפּט אַסטראָנאָמיע, ווייל ער איז געווען אַ חבר פון דעם באַרימטן אַסטראָנאָם און אַרכיטעקט ר׳ דוד גאַנז [132].

זיין רבי, דער מהר"ל, האָט געהאַט גרויס צער פון זיין שיטה אין לערנען בכלל, און בפרט פון זיין נייגונג צו לערנען די וויסנשאַפטן, און נאָך מער פון אַלץ — פון זיין קעגנערשאַפט צו לערנען מוסר. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע מקילים אין שאלות פון איסור והיתר אין אַלע געביטן.

אין פּראָג איז געווען אַ גרויסע גרופּע מקובלים, צווישן זיי אויך אַזעלכע וועלכע זיינען געווען געניגט צו דער שיטה פון דעם גאון ר׳ אליהו בעל שם פון וואַרמייזא [133] און זיין פירונג מיט התבודדות (איינזאַמקייט) און סיגופים (פּלאָגן־זיך). זייער דרך איז געווען, אַז קליינע גרופּן פון דריי אָדער פינף מענטשן

פלעגן צוזאַמען גיין אין וואַלד אָדער אין פעלד, וואו זיי פלעגן לערנען ספרי מוסר און אגדה, שמועסן צווישן זיך, מוסר׳ן איינער דעם צווייטן, יעדער איינער פלעגט אויסרעכענען די חסרונות פון זיין נפש, דער האָט זיך געקלאָגט אַז ער האָט אַ נייגונג צו גאוות, דער — צו זאָגן אַ ליגן, יענער — צו קנאה און דער — צו רכילות, און ענלעכע שלעכטע מידות, און זיי פלעגן פראַווען תעניתים און סיגופים. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט גרויסע ידיעות אין תורה, אויסער זייער ידיעה אין קבלה, און זיי פלעגן זיך זייער אָפּגעהיטן אין הידורי מצוה און דאַווענען זייער פּאַמעלעך.

הגאון ר׳ שמואל צדוק פלעגט פיינט האָבן די מקובלים, און ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער זיי באַליידיקן און אָפּלאַכן פון זייערע פירונגען, ביז וואַנען אַז אַלע פלעגן וועגן דעם איבער־ריידן און אים רופן: ר׳ שמואל צדוק דער קעגנער פון קבלה און מוסר.

אויך זיינע זין, משה און יהודה ארי׳, פלעגט ר׳ שמואל צדוק פירן אויף זיין וועג קעגן מוסר און מכל שכן קבלה — וואָס אין איר האָט ער ניט געגלויבט. האָבנדיק גרויס הצלחה אין זיינע געשעפטן, איז דאָך „עשיר יענה עזות״ (אַ רייכער ענטפערט מיט חוצפה — משלי יח, כג), פלעגט ער ריידן מיט גרויס ברייטקייט קעגן אַלע גאונים וועלכע האָבן ניט מסכים געווען די שוועל ניט אַריבערגעטראָטן. ווען עס פלעגט זיך אָבער מיט זיין שיטה.

איינמאָל האָט זיך געטראָפן אַ שאלה וועגן אַ כתם (פלעק) באַ ר׳ שמואל צדוק׳ס אַ שכן. וויסנדיק אַז ר׳ שמואל צדוק איז איינער פון די גדולי התורה, האָבן זיי אים געוויזן די שאלה, און ער האָט גע׳פסק׳נט אַז דאָס איז טהור. מיט עטלעכע טעג

שפּעטער האָט זיך געמאַכט אַ סיבה און די פרוי האָט באַוויזן די שאלה צו אַן אַנדער פרוי און יענע האָט געזאָגט אַז דער דיין האָט אויף אַזאַ שאלה גע׳פסק׳נט טמא. די פרוי האָט זיך זייער דערשראָקן און דערציילט איר מאַן און זיי זיינען געגאַנגען צום בית־דין און האָבן זייער געוויינט איבער זייער אומגליק און האָבן געבעטן מען זאָל זיי אויסשטעלן אַ תשובה. דעמאָלט האָט געפלאַצט דעם מהר״ל׳ס געדולד און ער האָט גערופן ר׳ שמואל צדוק׳ן און אים גע׳מוסר׳ט. ר׳ שמואל צדוק האָט מיט זיין גאונות געפּרואווט צו באַווייזן אַז דאָס איז געווען אַ מראה טהור. דער מהר״ל איז אין כעס געוואָרן און געזאָגט אַז ער איז אַ ניצוץ פון יענעם תלמיד וועלכער האָט געקענט מטהר זיין אַ שרץ מיט הונדערט און פופציק טעמים (זע עירובין יג, ע״ב).

ר׳ שמואל צדוק און זיינע קינדער און הויזגעזינד האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון פּראָג און האָבן זיך באַזעצט אין לעמבערג. ר׳ שמואל צדוק איז שוין געווען אַן אַלטער איד, און זיין זון ר׳ משה פלעגט זיצן און לערנען, נאָר יהודה אריי׳ האָט אָנגעפירט אַלע זייערע מסחרים.

* * *

אַזוי ווי זיין פאָטער, אַזוי איז אויך ר׳ משה געווען געניגט צו לערנען די וויסנשאַפטן און פלעגט זיך מיט זיי פאַרנעמען זייער פלייסיק, אָבער צו דער זעלבער צייט איז ער געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אויסגעצייכנט מיט זיין בקיאות אין בבלי און ירושלמי, רמב״ם און ארבעה טורים, און אין יעדער זאַך פון הלכה פלעגט ער האַלטן אַז מען דאַרף מקיל זיין, בעיקר אין די דינים פון ברכות וואו ער פלעגט גאָר שטאַרק מקיל זיין. זיין קעגנערשאַפט צו קבלה און מוסר איז נאָך געווען צען מאָל אַזוי פיל ווי ביי זיין פאָטער. עטלעכע יאָר נאָך זיין פאָטערס פטירה

איז ער אַרויס לתרבות רעה (אַראָפּ פון אידישן וועג), האָט זיך געקויפט אַ גוט אַרום פיר וויאָרסט פון שטאָט און זיך דאָרט געבויט אַ הויז און דאָרט געוואוינט.

צווישן די באַזוכער אין זיין הויז זיינען געווען די גרעסטע גוי׳אישע געלערנטע, וועמען ער פלעגט מכבד זיין מיט ווין און טרינקען מיט זיי. אַזוי איז ער אַראָפּ פון איין שטאַפּל צו דער צווייטער, ביז וואַנען ער האָט אָפּגעאָלט זיין באָרד און מחלל שבת ויום־טוב געווען. זיין פרומע און ג־ט׳ס־פּראַקטיקע פרוי האָט עס ניט געקענט איבערטראָגן און פון גרויס עגמת נפש איז זי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. נאָך זיין פרויס טויט איז משה נאָך ערגער געוואָרן און האָט גענומען אַ גוי׳אישע ווייב, און אַפילו דאַן איז ניט בלויז וואָס ער האָט ניט אָפּגעלאָזט די הייליקע לימודים, נאָר ער פלעגט ווייטער לערנען תורה מיט גרויס התמדה, פלעגט מחדש זיין חידושים און זיי פאַרשרייבן, און פלעגט זיך ניט אָפּהאַלטן פון שרייבן אַפילו שבת און יום־טוב.

אַרום דרייסיק יאָר האָט משה געוואוינט אויף זיין גוט און זיך געפירט לויט זיין שטייגער — פריי פון אַלע מצוות, קיינמאָל איז ער אין קיין שול ניט אַריינגעגאַנגען, נאָר פלעגט אַ סך לערנען תורה. די אידן אין לעמבערג און געגנט האָבן גע־וואוסט וועגן זיינע שלעכטע מעשים, און קיינער האָט באַ אים די שוועל ניט אַריבערגעטראָטן. ווען ער פלעגט אָבער אָנטרעפן אַ וועג־גייער, האָט אים משה אויפגענומען מיט גרויס פריינט־לעכקייט און ליבשאַפט, ער פלעגט אים געבן אַ שיינע נדבה און אים וואָרענען אַז ער זאָל גאָרניט פאַרזוכן, ווייל באַ אים איז אַלץ טריפה. ווען עס פלעגט זיך אים טרעפן אַ תלמיד־חכם, פלעגט ער מיט אים ריידן אין לערנען. אָט אַזוי האָט ער זיך

געפירט די גאַנצע צייט, געגעסן טריפה און נבילה, געטרונקען יין נסך, מחלל שבת און יום־טוב געווען — און געלערנט תורה בהתמדה.

* * *

זיין ברודער ר' יהודה ארי', כאָטש ער איז ניט געווען אַזאַ גדול בתורה ווי זיין פאָטער און ברודער, איז ער אָבער געווען אַ ירא־שמים. ער פלעגט לערנען ספרי מוסר און זיך חבר'ן מיט חסידים און ערלעכע אידן, נאָך דאַן ווען זיי האָבן געוואוינט אין פּראָג, און נאָך מער, בעת זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין לעמבערג. אויף אָט־דעם שטייגער האָט ער אויך דערצויגן זיין הויזגעזינד. ווען ער איז געקומען אויף דער עלטער, האָט ער איבערגעגעבן די געשעפטן צו זיינע זין און איידעמס. ער האָט זיך אויפגעבויט אַ שול אין זיין הויף, אַוועקגעזעצט דאָרט צען פון די גרעסטע תלמידי־חכמים פון שטאָט און זיי אויסגעהאַלטן מיט זייערע פאַמיליעס אויף זיין חשבון, און זיך מיט זיי גע'־חבר'ט. ער האָט שטאַרק געליטן פון זיין ברודער משה'ס פירונג, ביז וואַנען ער איז געוואָרן זייער שטאַרק האַרץ־קראַנק און די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געוואוסט די סיבה פון זיין קראַנקהייט — צוליב דעם גרויסן צער פון זיין ברודערס פירונג — האָבן אים שטאַרק צוגערעדט אַז ער זאָל אַוועקגיין פון זיין וואוין־אָרט, כדי צו פאַרגעסן זיין צער.

ווען ר' יהודה ארי'ס זין און טעכטער האָבן געזען, אַז זייער פאָטערס האַרץ־קראַנקהייט ווערט ערנסטער, האָבן זיי זיך איינגעשפּאַרט ער זאָל פאָלגן די דאָקטוירים, אַריבערצוקלייבן זיך אין אַן אַנדער אָרט — און ר' יהודה ארי' האָט זיך אויסגעקליבן די שטאָט פּראָג, זיין געבורט־שטאָט. ער האָט מיטגענומען מיט זיך עטלעכע פון זיינע אייניקלעך, בחורים, קינדער פון

זיינע זין און זיין טאָכטער, כדי זיי זאָלן לערנען אין דער גרויסער פּראָגער ישיבה.

אין יאָר שע״ז בערך האָט זיך ר׳ יהודה ארי׳ אַריבער־געקליבן אין זיין געבורט־שטאָט פּראָג, און האָט נאָך דאָרט געטראָפן באַקאַנטע פון זיינע קינדער־יאָרן. די קהילה האָט אים פריינטלעך אויפגענומען און אים אויסגעקליבן פאַר איינעם פון די שטאָטישע פרנסים.

ווען ר׳ יהודה ארי׳ האָט זיך באַזעצט אין פּראָג, האָט ער נאָכגעפאָרשט וועגן די שטאָטישע גאונים, וועמען ער זאָל איבער־געבן די דערציאונג און פירונג פון זיינע אייניקלעך, און ער האָט באַשטימט אַז צוויי פון זיי — זיינע אייניקלעך אברהם משה און חיים זעליג — זאָל ער איבערגעבן צום גאון ר׳ יום טוב ליפּמאַן העלער בעל תוספות יום טוב.

דער גאון בעל תוספות יום טוב איז געווען אַ תלמיד פון דעם גאון ר׳ אליהו בעל שם מוואָרמייזא, באַ וועמען ער האָט געלערנט דריי יאָר מיט גרויס התמדה, און ווען ער איז געקומען קיין פּראָג, האָט ער זיך געהאַלטן באַ לערנען קבלה לויט ווי ר׳ אליהו בעל שם האָט אים געלערנט. ער האָט זיך אויך נוהג געווען אין ר׳ אליהו בעל שם׳ס שיטה — מקרב צו זיין פּשוט׳ע אידן. אין דער זעלבער שיטה האָט ער אויך דערצויגן זיינע תלמידים אברהם משה און חיים זעליג — ר׳ יהודה ארי׳ס אייניקלעך.

אַרום פיר־פינף יאָר האָבן ר׳ יהודה ארי׳ס אייניקלעך גע־לערנט באַ זייער רבי׳ן דעם גאון בעל תוספות יום טוב. דורך דער צייט האָט ער זיי — מיט דער באַוויליקונג פון זייערע עלטערן — משדך געווען מיט חשוב׳ע פּראָגער אידן, און זיי האָבן ווייטער פלייסיק געלערנט תורה.

* * *

נאָך באַם לעבן פון מהר״ל מפּראָג איז באַרימט געוואָרן דער נאָמען פון רבי אליהו בעל שם מוואָרמייזא. ווען עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע קעגנערשאַפט פון דעם אַלטן גאון ר׳ פּנחס זעליג משפּייער, און זיין זון הגאון ר׳ שמאי זונדל איז אַרומגעפאָרן אין עטלעכע מדינות אויסרופן אין נאָמען פון זיין פאָטער, דעם הויפּט פון די גאוני הדור און אין נאָמען פון די אַנדערע גאונים, אַן איסור מיט אַ נידוי חרם אויף דער שיטה פון ר׳ אליהו בעל שם מוואָרמייזא, דעמאָלט איז דער מהר״ל מיט זיין זון הגאון ר׳ בצלאל געפאָרן קיין וואָרמייזא (וואָרמס) כדי צו דערגיין דעם אמת וועגן ר׳ אליהו בעל שם. ביים צוריק־קומען קיין פּראָג האָט ער מפרסם געווען זיין דעת תורה צום זכות פון ר׳ אליהו בעל שם. פון דעמאָלט אָן האָבן זיך אין פּראָג און אין דער גאַנצער געגנט אַלץ מער פאַרגרעסערט די צאָל פון ר׳ אליהו בעל שם׳ס תלמידים [134]).

ווען ר׳ יהודה ארי׳ איז געקומען קיין פּראָג, איז דאָרט געווען ראש הקהל ר׳ שמואל דער זון פון הגאון ר׳ בצלאל, דעם מהר״ל׳ס איינציקער זון, וועלכער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט אַרום אַכצן יאָר. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אויפן אָרט פון דעם באַוואוסטן נדיב ר׳ מרדכי מייזל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר שס״א. אַרום אַכט יאָר האָט ר׳ שמואל פאַר־נומען דעם אַמט פון ראש הקהל באַם לעבן פון זיין זיידן, דעם מהר״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן צו זיבן און ניינציק יאָר דעם אַכצנטן טאָג אין אלול שס״ט.

ר׳ שמואל דער ראש הקהל איז געווען אַ גרויסער גביר און פלעגט אַלע יאָר אַריינטראָגן אין דער קהל׳שער קאַסע די זעלבע סומע וואָס גאַנץ קהל פלעגט איינצאָלן, און מיט אַ העלפט

פון זיין הכנסה פלעגט ער אויסלייזן די קהל־שטייערן פון די אָרעמעלייט פון דער קהילה, ווערלכע — ווי אַלע אידן פון דער קהילה — האָבן געדאַרפט צאָלן דרייערליי שטייערן: א) רעגי־רונגס־שטייער, ב) שטאָט־שטייער, ג) קהל־שטייער. זיין גוטער נאָמען איז געווען ווייט באַרימט, וואָרום אויסער זיין צדקה וואָס ער פלעגט געבן אין זיין שטאָט פראָג און אַלע אירע שטאָטישע מוסדות און העלפן יחידים מיט גרויסע אונטערשטיצונגען סיי באַוואוסטע און סיי באַהאַלטענע, פלעגט ער נאָך ברייט־האַרציק שטיצן די ישיבה פון ר׳ אלי׳ בעל שם אין ווארמייזא. אויך ווען ר׳ אליהו האָט אַריבערגעפירט זיין ישיבה קיין גראָדנע, כעלם און לובלין — וואו עס האָבן זיך געפונען די באַרימטסטע ישיבות פון יענער צייט — האָט אים ר׳ שמואל געשטיצט פון זיין אייגענער קעשענע מיט גרויסע סומען, ווייל ר׳ שמואל האָט געהאַט געהערט פון זיין זיידן דעם מהר״ל, אַז פון ר׳ אליהו בעל שם׳ס ישיבות, און פון די תלמידים פון זייערע תלמידים, וועט אַרויסגיין ליכטיקייט פאַר אידן.

ווען ר׳ יהודה ארי׳ איז אָנגעקומען אין פראָג, האָט אויך ער זיך באַטייליקט אין אויסהאַלטן ר׳ אליהו בעל שם׳ס ישיבה. און ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן — אין יאָר שפ״ד — אַז רבי אליהו בעל שם האַלט באַ אַריבערפירן איינע פון זיינע ישיבות קיין פראָג, האָבן ר׳ שמואל דער ראש הקהל און זיין פאַרטרעטער ר׳ יהודה ארי׳ דער פרנס געשיקט אַ ספּעציעלן שליח מיט אַ בינטל געלט אויף הוצאות צו ר׳ אליהו׳ן און זיינע תלמידים, און נאָך איידער זיי זיינען אָנגעקומען האָבן ר׳ שמואל און ר׳ יהודה ארי׳ געקויפט אויף זייער אייגענעם חשבון אַ גרויסן הויף מיט הייזער פאַר ר׳ אליהו בעל שם און זיין הייליקער ישיבה.

הגאון בעל תוספות יום טוב, כאָטש ער איז שוין דאַן אַלט געווען פופציק יאָר און איז געווען באַרימט מיט זיין גאונות, איז פונדעסטוועגן אויך אַריין אין ר׳ אליהו בעל שם׳ס ישיבה, צווישן די זיבן און צוואַנציק געהויבענע תלמידים פון ר׳ אליהו, וואָס ער פלעגט במליצה זאָגן אויף זיי, אַז זיי זיינען דאָס די זיבן און צוואַנציק אותיות מיט וועלכע די תורה איז געגעבן געוואָרן (דאָס הייסט, די צוויי און צוואַנציק אותיות פון אל״ף־בי״ת און די פינף שלוס־אותיות מנצפ״ך — םןץףך), וואָס מיט זיי האָט דער אויבערשטער באַשאַפן די וועלט.

די זיבן און צוואַנציק געהויבענע תלמידים האָבן, אין זייער גרעסטן טייל, אויך אַליין געהאַט ישיבות, וואו גלייכצייטיק מיט דעם לערנען נגלה פלעגן זיי געבן זייערע תלמידים אַ הדרכה אין דער שיטה פון ר׳ אליהו בעל שם. פון צייט צו צייט פלעגן זיי מיט זייערע תלמידים לערנען קבלה, פיל פון זיי זיינען זייער געשטיגן אין גוטע מידות און פון טאָג צו טאָג איז גרעסער געוואָרן דער קרייז פון זייערע ישיבות מיט פעאיקע תלמידים.

צווישן די וואויל־לערנערס וועלכע זיינען אויך געשטיגן אין לערנען קבלה און די שיטה פון ר׳ אליהו בעל שם׳ס פירונג, איז אויך געווען דער יונגערמאַן ר׳ אברהם משה, ר׳ יהודה אריי׳ס איניקל. ווען זיין רבי, דער גאון בעל תוספות יום טוב, האָט געזען זיין גרויס יראת־שמים, זיין אָפּגעהיטנקייט אין הידורי מצוה און זיין גרויס חשק אין לערנען קבלה — האָט ער פאַר אים אויסגעשטעלט באַזונדערע צייטן מיט אים צו לערנען קבלה. ער האָט מיט אים געלערנט קבלה־ספרים און אים דערקלערט די טיפע ענינים אין קבלה. באַזונדערס האָט אויף ר׳ אברהם משה׳ן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק דער ספר הפרד״ס פון הרב

משה קורדובירו (רמ״ק), וועלכן ער האָט זייער אַ סך געלערנט ביז וואַנען ער האָט אים געקענט כמעט אויף אויסנווייניק. אַזוי האָט ער זיך געפירט יאָרן־לאַנג ביז וואַנען ער האָט באַקומען אַ גרויסן נאָמען צווישן די גאונים און בעלי־קבלה, און ר׳ אליהו בעל שם האָט אים אַריינגענומען צווישן זיינע הויפּט־תלמידים.

* * *

ר׳ יהודה ארי׳ האָט פאַרגעסן אין די מעשים תעתועים פון זיין ברודער משה, און דערמיט איז אויך בעסער געוואָרן זיין געזונט. אָבער אין פּראָג איז געווען איין מענטש, גאָר אַן אַלטער איד, וועלכער איז געווען פון די פריינט פון זיין פאָטער הגאון ר׳ שמואל צדוק, און ווען ער האָט געהערט וואָס עס טוט זיך ביי משה׳ן, זיין פריינטס זון, איז ער זייער טרויעריק געוואָרן און ווען ער האָט באַגעגנט ר׳ יהודה ארי׳ן, האָט ער געזאָגט מיט אַ וויינענדיק קול:

איך פלעג וואָרענען דיין טאַטן דעם גאון, אַז ער זאָל ניט זיין פון די מקילים אין הוראה און אַז ער זאָל ניט עפענען קיין מויל קעגן די בעלי הקבלה, די גרויסע יראי־שמים, אָבער ער פלעגט לאַכן פון מיר און זאָגן: דו, אלימלך, ביזט אויך צווישן די וואָס זעען דאָס וואָס מען קען ניט זען? וואָרום ער פלעגט לייקענען אין קבלה — און אָט האָט ער באַקומען זיין שכר — אַ זון אַ רשע און אַ בעל תועבה.

— זע — פלעגט דער אַלטער ר׳ אלימלך זאָגן ר׳ יהודה ארי׳ן זיין פריינטס זון — און באַטראַכט זיך דעם אויבערשטנס משפט, וואָס אָט מיט דעם וואָס דיין פאָטער האָט געזינדיקט מיט דעם איז ער באַשטראָפט געוואָרן, מיט אַ שטאָרף פון שאַנד און שפּאָט וואָס איז ערגער פון טויט. דיין פאָטער איז געווען אַ באַרימטער גאון, אַ וואויל־לערנער און אַ מקיל אין מצוות

און אַן אָפּלאַכער פון די וועלכע זיינען מהדר אין מצוות, און ער פלעגט עפּענען דעם מויל און אָפּריידן זיך אויף די וואָס לערנען קבלה — האָט אים דער אויבערשטער געשטראָפט מיט אַ זון וועלכער איז אַ גדול בתורה און איז בייזווייליק עובר אויף אַלע מצוות פון דעם אויבערשטן.

אָט אין אַזאַ נוסח פלעגט דער אַלטער ר׳ אלימלך ריידן מיט ר׳ יהודה ארי׳ן ווען נאָר ער האָט אים באַגעגנט, ניט ווויסנדיק אַז עס גייט ר׳ יהודה ארי׳ן אין לעבן. אַזוי ווי ער איז דעמאָלט שוין געווען טויב און האָט שוין ניט געזען, איז דעריבער ניט מעגלעך געווען זיך מיט אים צונויפצוריידן, אַז ער זאָל ר׳ יהודה ארי׳ן ניט אָנטאָן קיין צער דורך זיינע רייד. ר׳ יהודה ארי׳ פלעגט אָפּגעבן גרויס כבוד דעם אַלטן ר׳ אלימלך, און זייענדיק זיין פּאָטערס אַ פריינט, פלעגט ער אים אָפּט באַזוכן, ניט רעכענענדיק זיך מיטן נוסח פון דעם דערמאָנטן אַלטן אידן.

* * *

איינמאָל, ווען ר׳ יהודה ארי׳ איז געגאַנגען באַזוכן דעם אַלטן ר׳ אלימלך, זיין פּאָטערס פריינט, איז אויך ר׳ אברהם משה מיטגעגאַנגען מיט זיין זיידן. ווען דער אַלטער האָט מיט זיין זיידן גערעדט אויף דעם באַוואוסטן נוסח, האָט זיך ר׳ אברהם משה דערמאָנט אין זיין עלטער־פעטער משה, וועמען ער האָט שוין פאַרגעסן, און ווען ער האָט געזען דעם אומעט אויף זיין זיידנס פּנים צוליב דעם אַלטנס רייד, האָט עס אים געדריקט אויפן האַרצן. נאָך מער האָט אים געאַרט ווען ער האָט געהערט וועגן זיין עלטער־זיידן וועלכער איז געווען אַ מקיל אין הוראה און פלעגט אָפּלאַכן פון די מקובלים און ערלעכע אידן, וואָרום ער האָט געוואוסט אַז זיין עלטער־זיידע איז געווען אַ גרויסער גאון און אַ וואונדערלעכער מחדש, און

אַ סך מאָל האָט ער זיך גענוצט מיט זיינע חידושים און דער־קלערונגען אין אַ צאָל שווערע סוגיות.

ער האָט זיך דערמאָנט אין אַ מעשה וועלכע האָט אים פאַר־אורזאַכט אַ שווערע אינערלעכע מלחמה. לערנענדיק אַ געוויסע סוגיא אין דער מסכתא יבמות, האָבן זיינע חברים זיך ניט געקענט פאַנאַנדערקלייבן אין דער סוגיא, אָבער אים — נאָכ־קוקנדיק אין די חידושים פון זיין עלטער־זיידן, דעם באַוואוסטן גאון ר׳ שמואל צדוק — איז די סוגיא געווען קלאָר, האָבן אַלע אים שטאַרק באַוואונדערט און זיין נאָמען איז באַרימט געוואָרן צווישן די תלמידים. צוויי טעג האָט ער ניט געקענט געפינען קיין רו צוליב דער אינערלעכער מלחמה וואָס איז באַ אים אויסגעבראָכן — צי זאָל ער אויסזאָגן דעם אמת, אַז דעם ענין פון דער סוגיא האָט ער געלערנט אין די חידושים פון זיין עלטער־זיידן ר׳ שמואל צדוק — אָדער ניט. אויך ביינאַכט האָט ער ניט געקענט שלאָפן, און ער האָט כמעט אָפגעמאַכט באַ זיך אַז ער זאָל דאָס אויסזאָגן, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, עס איז דאָך „קנאת סופרים תרבה חכמה״ (די קנאה פון געלערנטע מערט די חכמה — בבא בתרא כא, א). אויב זיינע חברים וועלן גלויבן, אַז ער פון זיך אַליין האָט זיך דערגרונטעוועט צו דער סוגיא, וועט דאָך זייער קנאה צו אים פאַרגרעסערן זייער חשק צו לערנען גרינטלעך, אָבער אויב זיי וועלן וויסן אַז די דער־קלערונג פון דער סוגיא איז איינס פון די חידושים פון איינעם פון די גרעסטע גאונים אין פריערדיקן דור, וועט דאָס אויף זייער חשק צום לערנען גאָרניט פועל׳ן.

אָבער דאָס פיינטעלע ערלעכקייט און יושר האָט אים ניט געלאָזן צורו. ער איז געווען צעמישט און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. גראָד איז פאַר אים דאַן געלעגן די מסכתא סוטה,

האָט ער באַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט וואַרפן גורל, און אפשר וועט דער ערשטער מאמר וואָס ער וועט זען — קלאָר מאַכן זיין ספק. ער האָט אין האַרצן מתפלל געווען צום אויבערשטן, אַז ער זאָל אים פירן אויפן אמת'ן וועג. ער האָט געעפנט די גמרא, און דער ערשטער מאמר וואָס ער האָט געטראָפן איז געווען: „בי דינא רבה ליתפרע מהני דחפי גונדא[135]) — ד. ה. דער גרויסער בית־דין וועט זיך אָפּרעכענען מיט די וועלכע באַהאַלטן אַ מלבוש וואָס איז ניט זייערס. ער האָט פאַרשטאַנען דעם ענטפער אויף זיין שאלה, אַז ער דאַרף אויסזאָגן דעם אמת ווי ער איז, אַז די דערקלערונג פון דער סוגיא האָט ער געלערנט פון די חידושים פון זיין עלטער־זיידן דעם גאון.

יענע נאַכט האָט ער פאַר גרויס צער ניט געקענט שלאָפן, ווייל אויב ער וועט אויסזאָגן אַז די דערקלערונג פון דער סוגיא איז ניט זיינע נאָר פון איינעם פון די גרעסטע גאונים פון פריערדיקן דור, וועלן דאָך אים זיינע חברים מבזה זיין, און ער וועט קומען צו שאַנד, אַזוי ווי אַ גנב וואָס מען כאַפּט אים. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען אַ צעמישטער, און עטלעכע מאָל האָט ער שוין געהאַלטן באַ אויסזאָגן זיינע חברים, אָבער די צונג האָט זיך ניט גערירט און ער האָט קיין שאָרך ניט געקענט אַרויסברענגען פון זיין מויל, ביז וואַנען ער האָט זיך געשטאַרקט און האָט דערציילט זיינע חברים די זאַך אַזוי ווי זי איז. זיין חבר ר׳ חיים שמואל איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט אים גע'מוסר'ט פאַרוואָס ער האָט ביז איצט פאַרלייקנט פון וואַנען ער האָט גענומען די דערקלערונג פון דער סוגיא, אויך די אַנדערע חברים האָבן אויסגעשטעלט זייערע אויגן קעגן אים מיט פאַראַכטונג, אַזוי צו איינעם וועלכער באַרימט זיך מיט

אַ געַגנב׳עטן רייכטום. ער געדענקט, אַז צוויי וואָכן לאַנג איז ער געווען צעבראָכן און דערדריקט פון דער מעשה.

* * *

ר׳ אברהם משה׳ס באַזוך באַם אַלטן ר׳ אלימלך און זיין זיידנס אומעט און טרויעריקער פנים האָבן אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, און אין זיינע אויערן האָבן געהילכט דעם אַלטנס רייד: דיין טאַטע איז געווען אַ באַרימטער גאון, אָבער אַ מקיל אין מצוות און אָפּלאַכער פון מקובלים, האָט אים דער אויבערשטער געשטראָפט מיט אַ זון וועלכער איז גרויס אין תורה און פאַרשוועכט דעם אויבערשטנס מצוות. און אַזוי ווי ער האָט שוין געהאַט געלערנט די ספרים פון תיקוני תשובה, האָט ער געוואוסט די איינצלהייטן פון דער שטראָף פאַר די וועלכע פאַרנאַכלעסיקן מצוות, און כל שכן די פון זיי וועלכע וויסן תורה — וואָס זייער שטראָף איז נאָך אַ האַרבערע. ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיין עלטער־זיידנס מצב אויף דעם עולם האמת, און כאָטש עס זיינען דאָך שוין אַריבער מער ווי דרייסיק יאָר זינט ער איז נפטר געוואָרן, איז ער דאָך שוין געוויס פטור געוואָרן פון די יסורים פון גיהנם, אָבער פון די יסורים פון נע ונד און טלטול (וואָגלעניש) קען זיין אַז ער איז נאָך ניט אויס־געלייזט געוואָרן [136]).

אַזוי אַרום האָט זיך ר׳ אברהם משה גענומען צום האַרצן דעם מצב פון זיין עלטער־זיידן אויפן עולם האמת, אַזוי ווייט אַז ער האָט גענומען פלייסיק דורכלערנען די ספרים וועגן תיקוני תשובה און זיי איבערגע׳חזר׳ט עטלעכע מאָל. דאָס דאָזיקע לערנען האָט אים זייער אומעטיק געמאַכט, זעענדיק די שטאָרף וואָס איז באַשטימט פאַר די וועלכע זיינען מקיל און פאַרנאַכ־לעסיקן מצות, און בפרט אַ תלמיד־חכם און אַ וואויל־לערנער,

און לויט ווי דער מאמר [137] המבזה תלמיד חכם אין לו רפואה למכתו — דער וואָס פאַרשעמט אַ תלמיד־חכם האָט ניט קיין רפואה פאַר זיין מכה — דאָס אַלץ האָט אים זייער דערדריקט. געוויס לײַדט דאָך זיין עלטער־זיידנס נשמה זייער אַ גרויסן צער פון די מלאכי חבלה, כת לצים, וועלכע שפּאָטן אָפּ פון איר, זידלען און באַליידיקן איר, ווייל ער פלעגט אָפּלאַכן פון די מהדרים במצוות, און לויט ווי עס ווערט אָפּגעטייטשט אין איינעם פון די ספרי מוסר דער מאמר [138] כל המבייש פני חברו סוף הוא מתבייש — דער וועלכער פאַרשעמט יענעם, ווערט צום סוף אַליין פאַרשעמט — אַז דער וועלכער פאַרשעמט יענעם אויף דער וועלט, איז דער סוף — אויף יענער וועלט — ווערט ער פאַרשעמט דורך די כת לצים פון די מלאכי חבלה וועלכע פאַר־שעמען אים מיט אַלערליי שאַנד און שפּאָט.

עטלעכע חדשים לאַנג איז ר׳ אברהם משה אַרומגעגאַנגען צעמישט און אומעטיק צוליב דעם גורל פון זיין עלטער־זיידן אויפן עולם האמת. באַ אים אין האַרצן האָט זיך דערוועקט אַ גרויסער חשק עפּעס צו טאָן פאַר דעם זכות און תיקון פון זיין עלטער־זיידנס נשמה, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט קיין עצה געבן מיט וואָס ער וועט קענען מתקן זיין די נשמה פון זיין עלטער־זיידן און איר ראַטעווען פון פּיין. האָט ער דאָן באַ זיך באַשלאָסן, זיך צו ווענדן צו זיין רבי׳ן דעם גאון רבי אליהו בעל שם און פרעגן באַ אים אַן עצה — און וואָס ער וועט הייסן, וועט ער טאָן. איין טאָג האָט ר׳ אברהם משה דערציילט זיין רבי׳ן ר׳ אליהו בעל שם זיין גאַנצע שאלה, און געפרעגט באַ אים ווי אַזוי ער קען ראַטעווען די נשמה פון זיין עלטער־זיידן פון פּיין און איר מתקן זיין.

ר׳ אליהו בעל שם האָט אים געענטפערט, אַז וואָס שייך דעם

תיקון פון דער נשמה פון זיין עלטער־זיידן, וועט ער שיקן דריי פון זיינע תלמידים מיט אַ סדר פון יחודים און כוונות צו זיין קבר אין לעמבערג, און ער — ר׳ אברהם משה — דאַרף זיך זאָרגן וועגן זיין עלטער־פעטער — משה, זיין זיידנס ברודער — אים מעורר זיין ער זאָל זיך אומקערן מקיים צו זיין מצוות מיט אַ פולשטענדיקער תשובה.

ר׳ אליהו בעל שם האָט אויסגעשטעלט פאַר ר׳ אברהם משה׳ן אַ גאַנצן סדר עבודה ווי אַזוי אים מחזיר בתשובה זיין, און האָט אים איבערגעגעבן כוונות און יחודים. ער האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל ניט עסן און ניט טרינקען קיין שום עסנ־וואַרג און געטראַנק וואָס געהערט צו זיין זיידנס ברודער, און זאָל פון זיין שטוב אַפילו פשוט׳ע וואַסער ניט טרינקען. ער קען זיך אָבער וואַשן די הענט און דאָס פנים פון די וואַסער וואָס געפינט זיך דאָרט אין שטוב. דעם סדר תיקון חצות אַלע טעג פון וואָך און מנחה און מעריב אין די וואָכן־טעג זאָל ער אָפּריכטן ביי זיין זיידנס ברודער אין שטוב. שבת זאָל ער זיין מיט די אידן אין דעם דערבייאיקן ישוב. ער האָט אים מיטגעגעבן אַ מזוזה, וואָס דעם צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען באַ זיין זיידנס ברודער אין הויז, נאָך שחרית, זאָל ער איר אָנקלאַפּן אָן אַ ברכה אין דער ערשטער טיר. ער זאָל ניט אויסזאָגן זיין זיידנס ברודער, אַז ער איז זיין ברודערס איניקל, אַפילו ניט דעמאָלט ווען השי״ת וועט אים געבן הצלחה אים צו דערוועקן צו תשובה.

* * *

ווען משה דער גוט־באַזיצער האָט געזען דעם גאַסט אָנקומען, איז ער אויפגעשטאַנען, אים באַגריסט און דערלאַנגט אַ בענקל צו זיצן. ר׳ אברהם משה האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט אָנגע־קוקט זיין עלטער־פעטער, און זיך פאַרוואונדערט, וואָרום כאָטש

ער איז שוין געווען אין די אַכציקער — זעקס און אַכציק יאָר אַלט — האָט ער אויסגעקוקט ווי אַ זעכציק־יאָריקער. שטאַרק ווי אַ בוים, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ געגאָלט פּנים, זיינע האָר און וואָנצעס און קליידונג זיינען געווען ווי בּאַ גוֹיים, ער איז געווען אויפגעלייגט, און בּאַ זיינע פיס איז געלעגן אַ גרויסער הונט, ווי דער שטייגער ביי גוֹיים.

ווען ר׳ אברהם משה האָט געזען אַז ער — זיין זיידנס ברודער — לערנט מסכתא סנהדרין, האָט ער מיט אים גענומען ריידן וועגן יענער סוגיא. משה האָט זיך מיט אים זייער דערפרייט, און אויך ר׳ אברהם משה האָט זיך דערפרייט צו הערן זיין עלטער־פעטער ריידן מיט שכל און מיט אַ וואונדערלעכער בקיאות. אָבער דער אויסקוק פון זיין פּנים, וואָס איז געווען פעט און גראָב פון חזיר־פעטס, זיינע אויגן וועלכע זיינען געווען רויט און ברענענדיק פון טרינקען ווייַן, זיין געגאָלטע באָרד, זיינע לאַנגע האָר, זיינע קונציקע וואָנצעס, זיין גוי׳אישע קליידונג און זיין זיצן מיט אַ בלויזן קאָפּ — האָבן ר׳ אברהם משה׳ן ווייַ־געטאָן, און, ניט קענענדיק זיך איינהאַלטן, האָט ער געזאָגט:

— קען מען דען לערנען דעם אויבערשטנס תורה מיט אַ בלויזן קאָפּ?

— און פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען? — ענטפערט דער פעטער.

— דאָס איז זייער חוצפה׳דיק.

— וואָס פאַר אַ חציפות איז דאָ דערין? — פרעגט דער פעטער.

— אַ חוצפה פאַר דעם אויבערשטן — ענטפערט דער ברודערס אייניקל.

— דער גאַנצער ענין פון צודעקן די קאָפּ — זאָגט דער

פּעטער — איז צו באַווייזן אַז „אימתא דמאריי׳ עליי״ — די מורא פאַר דעם האַר ליגט אויף אים. דער אָבער וועלכער האָט ניט קיין האַר קען דאָך ניט באַווייזן זיין מורא פאַר דעם האַר. אָבער לכבוד דיר — זאָגט משה — וועל איך אָנטאָן מייך היטל. — און ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען זיין היטל און אָנגעטאָן.

הערנדיק די דאָזיקע רייד, איז ר׳ אברהם משה געבליבן זיצן ווי אַ געפּלעפּטער, מיט פאַרגלאָצטע אויגן און אַן אָפן מויל, און אין גאַנצן אַ פאַרציטערטער ניט קענענדיק אַרויס־ברענגען קיין שאָרך.

ווען משה האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, האָט זיך ר׳ אברהם משה דערמונטערט און האָט געזאָגט:

— אַז מען הערט אַזעלכע רייד דאַרף מען רייסן קריעה.

— ניין, איר האָט אַ טעות — ענטפערט משה — נאָר דער וואָס הערט ווי איינער זאָגט אַרויס דעם שם מיט זיינע אותיות דאַרף רייסן קריעה, אָבער דער וואָס הערט ווי איינער זאָגט אַז ער גלויבט ניט אין ג־ט, דאַרף דער וואָס הערט ניט רייסן קיין קריעה. — און משה האָט זיך צעלאָזט אין רייד פון כפירה אין דער מציאות פון דעם באַשעפער און אין תורה מן השמים (פון הימל) און אין אַלע דרייצן עיקרים וואָס דער רמב״ם רעכנט אויס, און אַז ער האָט ליב תורה מיטן גאַנצן האַרץ, ער האָט האָלט און גיט כבוד די וואָס לערנען תורה, און קיין זאַך איז ניט צו שווער פאַר אים צו טאָן פאַר תלמידי חכמים, אָבער אין דעם אויבערשטן און זיינע מצוות איז ער ניט מודה.

נאָך אַ לאַנגן שמועס, ווען עס איז געקומען די צייט פון מנחה, האָט משה דערלאַנגט דעם גאַסט אַ בינטל געלט פאַר אַ מתנה. ר׳ אברהם משה האָט אים געענטפערט, אַז ער האָט אַלץ וואָס ער דאַרף, און ער דאַרף ניט קיין שטיצע, ער וויל בלויז

איינשטיין באַ אים אין הויז אַ געוויסע צייט. משה האָט געזאָגט, אַז ער פרייט זיך זייער דערויף און איז גרייט אים אָפּצוגעבן אַ באַזונדער צימער. אָבער קיין עסן קען ער אים ניט געבן, ווייל אַלע זיינע כלים זיינען טריפה. ר׳ אברהם משה האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט וואָס צו עסן און אַז ער וויל בלויז אַן אַכסניא וואו איינצושטיין.

משה האָט געהייסן, אַז מען זאָל פאַרן גאַסט איינאָרדענען איינעם פון די גרויסע צימערן און מ׳זאָל דאָרט אַוועקגשטעלן אַ בעט און אַ טיש און אַ לאָמפּ, אַ שיסל און אַ קרוג וואַסער. ער האָט באַגלייט דעם גאַסט אין זיין צימער אַריין, און איז זיך געגאַנגען און געזעצט לערנען ווי פריער.

* * *

נאָך מנחה האָט ר׳ אברהם משה געזען, אַז עס קומען אַריין אין הויף צוויי געשפּאַנען, יעדער איז איינגעשפּאַנט צו פיר פערד. די בעל־עגלה׳ס און די באַדינערס, וועלכע זיצן פון פאָרנט און פון הינטן, זיינען אָנגעטאָן מיט הערלעכע בגדים, ווי דער שטייגער באַ די פּריצים, און ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַם אַריינגאַנג, זיינען צוגעשפּרונגען די משרתים, אָנגעטאָן אין מונדירן מיט גילדענע קנעפּלעך, און האָבן געעפנט די טירן פון דעם רייטוואָגן און האָבן געהאָלפן די געסט — מענער און פרויען — אַראָפּצוגיין פון די וועגענער, און זיי זיינען געגאַנגען מיט זייערע קליינע הינטלעך — אָנגעטאָן מיט זיל־בערנע קייטלעך אַרום האַלז און רויט־גאָלדענע לייצעס אין די הענט פון די בעלי־בתים — און האָבן שפּאַצירט פּאַמעלעך.
אין דער מינוט האָט ר׳ אברהם משה געהערט דעם קול פון זיין עלטער־פעטער, אַ לוסטיקער, ווי ער הייסט און קאָמאַנדירט מען זאָל אַריינברענגען וויין און פאַרבייסן. מיט אַ צייט שפּעטער,

ווען עס איז געוואָרן אָוונט, האָט מען אָנגעצונדן אַ סך ליכט אין דעם גרויסן זאַל. די געסט האָבן זיך צעזונגען, געהוליעט און זיך לוסטיק געמאַכט, געטרונקען און געזונגען אַ גאַנצע נאַכט, ביז עטלעכע שעה אין טאָג אַריין. ווען זיי זיינען אַלע געווען שיכור און האָבן ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט זיי, האָבן זיי זייערע אייגענע משרתים און די הויז־משרתים אַרויסגעטראָגן און אַריינגעזעצט אין זייערע וועגענער און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן. אויך דער בעל־הבית איז געווען שטאַרק שיכור, און דער קול פון זיין ברעכן האָט זיך געהערט פון וויטן. זיינע משרתים האָבן אים אַריינגעטראָגן און אַריינגעלייגט אין זיין בעט, וואו ער האָט געשלאָפן ביז נאָך האַלבן טאָג.

ר׳ אברהם משה איז געזעסן אין זיין צימער, און הערנדיק די אַלע שענדלעכע מעשים וועלכע ווערן אָפּגעטאָן אין דער דאָזיקער שטוב, האָט ער ביטער געוויינט איבער דעם אַראָפּ־פאַל פון זיין עלטער־זיידנס נפש אין דער טיפער בלאָטע אַריין, אין אַזאַ נידעריקן און פוילן זומפּ. ווען עס איז געקומען די צייט פון האַלבע נאַכט, האָט ער אָפּגעריכט תיקון חצות מיט אַ צעבראָכן און דערנידעריקט האַרץ איבער דעם חורבן פון בית המקדש, איבער דעם גלות השכינה און די דערנידערונג פון אידן, און ער האָט געוויינט פון טיפן האַרצן. דערנאָך האָט ער געדאַווענט און געלערנט ביז צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג.

ווען משה איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט ער געגעסן דעם אָנבייסן און זיך געזעצט לערנען, ווי זיין שטייגער איז געווען אַלע טאָג, ניט קוקנדיק אויף אַלץ וואָס איז געווען ביינאַכט, ווייל ער איז שוין געוואוינט געווען אַז זיינע שכנים, די פּריצים, זאָלן אים באַזוכן פון צייט צו צייט.

* * *

צווישן די כוונות און הייליקע יחודים וואָס רבי אליהו בעל שם האָט געהאַט איבערגעגעבן צו זיין תלמיד ר׳ אברהם משה, איז געווען איין כוונה און איין יחוד אין דעם פסוק „זכר רב טובך יביעו וצדקתך ירננו״ (די דערמאָנונג פון דיין פיל גוטס טוען זיי אויסדריקן און דיין גערעכטיקייט זינגען זיי — תהלים קמה, ז), וואָס ווען מען איז מיחד דעם דאָזיקן יחוד און מען איז מכוון די דאָזיקע כוונה, דערוועקט דאָס דעם כח פון זכרון, און דער, פאַר וועמען מען איז מיחד דעם יחוד און מען איז מכוון די כוונה, דערמאָנט זיך אין אַלץ וואָס ער האָט געזען, אָנהויבנדיק פון דעם ערשטן טאָג ווען ער האָט געעפנט זיינע אויגן, און אַלץ וואָס ער האָט געהערט זינט ער קען די שפּראַך וואָס מען רעדט.

אָט־דעם יחוד און אָט־די כוונה האָט ר׳ אליהו בעל שם געהייסן זיין תלמיד ר׳ אברהם משה׳ן מיחד און מכוון זיין באַם זאָגן דעם פסוק זכר רב טובך יביעו וצדקתך ירננו, נאָך תחנון, פאַר דעם מזמור יענך באַ שחרית, דעם צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען אין זיין עלטער־פעטערס הויז.

ר׳ אברהם משה האָט געענוי אויסגעפירט דעם באַפעל פון זיין רבי׳ן ר׳ אליהו בעל שם אין אַלע יחודים און כוונות, און ווען ער האָט געענדיקט לערנען זיינע שיעורים נאָכן דאַווענען, האָט ר׳ אברהם משה געגומען די מזוזה, וואָס ר׳ אליהו בעל שם האָט אים געגעבן, און האָט איר אָנגעקלאַפּט באַם ערשטן אַריינגאַנג, אַזוי ווי זיין רבי, רבי אליהו בעל שם, האָט עס אים געהייסן.

ווען משה האָט דערזען די מזוזה, איז אים וואַרעם געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט געזאָגט מיט גרויס התרגשות: שוין דרייסיק יאָר זינט איך האָב זיך אַריבערגעקליבן פון שטאָט אין

מיין גוט, און דורך דער גאַנצער צייט האָב איך ניט געזען, ניט קיין מזוזה, ניט קיין תפילין און ניט קיין ספר תורה — און זיינע אויגן האָבן געגאָסן טרערן.

— איך געדענק, זאָגט משה ווייטער, ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר, פלעגט מיין טייערע מאַמע צוויי מאָל אַ טאָג — אין דער פרי ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון שלאָף און ביינאַכט פאַרן שלאָף — מיר אויפהויבן צו קושן די מזוזה, און די טרערן פלעגן זיך קייקלען איבער אירע אויגן. מיין פאָטער פלעגט אָפלאַכן פון איר און זאָגן: ווי נאַריש ביזטו צו קושן דאָס פעל פון אַ בהמה. ווען איך בין גרעסער געוואָרן און שוין געגאַנגען אין חדר, פלעג איך אַליין אַרויפגיין אויפן בענקל אַ קוש טאָן די מזוזה, און מיין מוטער פלעגט מיר געבן צו קושן דעם טאַטנס רצועות פון די תפילין. איינמאָל, ווען דער טאַטע האָט דאָס געזען, האָט ער אָפגעג׳חוזק׳ט פון דער מאַמען און געזאָגט: ניט גענוג וואָס דו האָסט אים אויסגעלערנט צו קושן אַ פעל פון אַ בהמה, דאַרף ער — מיינענדיק מיר — נאָך קושן די אָקסענע אָדער קעלבענע רצועות — און האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. די מאַמע, הערנדיק דאָס, האָט געוויינט.

ר׳ אברהם משה האָט געזען, אַז דאָס אַריינקלאַפּן די מזוזה באַ דער טיר האָט אין זיין עלטער־פעטער דערוועקט אַן איבערלעכע איבערלעבונג, דערמאָנענדיק זיך אין זיינע קינדער טעג, האָט ר׳ אברהם משה פאַרשטאַנען אַז דאָס איז שוין אַן אָנהויב פון דער אויסלייזונג, וואָס דער אויבערשטער וועט העלפן אויסצולייזן זיין נשמה פון דעם בעל־דבר. ער האָט זיך געשטאַרקט אין זיין האָפענונג, אַז דער אויבערשטער וועט אים געבן הצלחה אויף זיין וועג.

שעה׳ן־לאַנג האָט משה גערעדט וועגן זיינע זכרונות פון די

קינדערשע, יוגנטלעכע און בחור׳שע יאָרן, גערעדט וועגן זיך, וועגן זיינע רביים, די גאונים, וועגן די גאונים פון יענער צייט. וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער איז ער דערוואַרעמט געוואָרן, ביז וואַנען, אַז, ווען ער האָט איבערגע׳חזר׳ט איינע פון די תורות פון דעם גאון ר׳ אפרים לונשטיץ[129]) אין מוסר, איז ער אַריין אין גרויס באַגייסטערונג, און פּלוצים האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז די דאָזיקע דערמאָנונגען האָבן אין אים דער־וועקט דעם חשק צו זיין אַ איד ווי ער איז דעמאָלט געווען, און אַז זיין האַנט און זיין קאָפּ ברענען. ער האָט זיך געבעטן באַם גאַסט ער זאָל אים געבן זיין טלית און תפילין, און ער האָט געמאַכט אַ ברכה אויף טלית און תפילין און געדאַוונט שחרית מיט גרויס געוויין.

ר׳ אברהם משה האָט זיך אָנגעשטרענגט אין די יחודים און כוונות וואָס זיין רבי ר׳ אליהו בעל שם האָט אים מיטגעגעבן, און אין דעם זעלבן טאָג איז ר׳ אברהם משה געגאַנגען צו דעם אידישן ישוב בעלז, וועלכער איז געווען אַרום אַ וויאָרסט פון דאָרט, און געקויפט דאָרט פאַר זיך אַ טלית און אַ פּאָר תפילין. אַ וואָך שפּעטער האָט משה אָפּגעזאָגט זיינע משרתים, זיי אויס־געצאָלט זייער לוין און צוגעגעבן מתנות. זיין הויז און די כלים און זיין גוט האָט ער איבערגעלאָזן פאַר די גויים, וועלכע האָבן דאָרט געוואוינט, גענומען זיינע ספרים און זיך איבער־געקליבן קיין בעלז, וואו ער האָט געקויפט אַ שטוב לעבן שול. ער האָט גענומען אַ מענטש צו באַדינען אים, און זיך געפירט ווי אַ בעל־תשובה, ניט געגעסן קיין פליש און ניט געטרונקען קיין וויין.

פון דעם טאָג ווען משה איז געקומען אין בעלז ביז צו זיין לעצטן טאָג — אַרום ניין חדשים — האָט משה ניט גערעדט

מיט קיינעם קיין וואָרט. יעדע וואָך פלעגט ער איבערגעבן דעם רב אַ גרויסע סומע אויף צעטיילן אויף צדקה, און מער ווי ברויט און לעבלעכע וואַסער און זאַלץ האָט ער ניט פאַרזוכט. עטלעכע טעג פאַר זיין טויט האָט ער זיין גאַנץ פאַרמעגן איבער־געגעבן דעם רב ער זאָל עס צעטיילן אויף צדקה.

* * *

הונדערט און זיבעצן יאָר — האָט דער בית־דין של מעלה אָפּגעפּסק'נט — זאָל משה בן שמואל צדוק געפּייניקט ווערן מיט די שווערסטע און ביטערסטע שטראָפן אין גיהנום און מיט פאַרשידענע וואָגלענישן. פאַרגאַנגענעם תמוז האָבן זיך גע־ענדיקט די הונדערט און זיבעצן יאָר פון משה'ס שטראָף, און אין דעם באַשטימטן טאָג האָט מען געדאַרפט מטהר זיין (רייניקן) און מעלה זיין (אויפהויבן) [140] די תורה וואָס משה בן שמואל צדוק האָט געלערנט אין טומאה דרייסיק יאָר צייט. איך האָב אויסגעקליבן דעם גאון דעם לעמבערגער רב, אַ כהן, אַז ער זאָל מטהר זיין די טומאה דורך לערנען גרינטלעך די ערשטע פיר פּרקים אין הלכות ברכות פון דעם רמב"ם און דורך דאַווענען מנחה.

דער בעל־דבר, און זיינע נאָכפאָלגער, וויסנדיק אַז עס דער־נענטערט זיך דער סוף צו די יסורים פון משה בן שמואל צדוק, און אַז די טהרה און דערהויבונג פון זיין תורה וועט זיין דורך דעם גאון, דעם לעמבערגער כהן, האָבן זיי געמאַכט אַלע אָנ־שטרענגונגען צו שטערן די נסיעה פון דעם גאון דעם כהן, און מיטן אויבערשטנס הילף — האָט זיך דער בעל שם טוב גע־ווענדעט צום גאון ר' חיים — האָט איר מצליח געווען אין אייער הייליקער עבודה און זוכה געווען צו עפענע אויגן אין דער הייליקער תורה און צו אַן אָפּן האַרץ אין דינען דעם באַשעפער.

און נאָך אַ גרויסע שליחות איז דורכגעפירט געוואָרן באַ דער נסיעה — זאָגט דער בעל שם טוב צו די אָנוועזנדיקע — עס איז פאַראַן אין זוהר הקדוש [141]) „מים תחתונים בוכין אנן בעינן למהוי קדם מלכא קדישא" — די וואַסערן דאָ־אונטן וויינען: מיר ווילן זיך געפינען פאַר דעם אויבערשטן. זינט דעם טאָג וואָס דער אויבערשטער האָט אָפּגעשיידט צווישן די וואַסערן, וויינען אַלע קוואַלן — „מים תחתונים" — אַז זיי ווילן זיך געפינען פאַר דעם אויבערשטן, אַז מען זאָל מיט זיי און דורך זיי טאָן אַ דבר שבקדושה, אַזוי ווי וואַשן זיך די הענט פאַרן דאַווענען, טבילת מצוה, טבילת טהרה פאַרן דאַווענען און לערנען, וואַשן זיך צום עסן מיט דער ברכה פון נטילת ידים, דערמאָנענדיק דעם אויבערשטנס נאָמען, וואַסער צום טרינקען, וואָס מען מאַכט אַ ברכה פאַר דעם און נאָך דעם. און דאָס דאָזיקע געוויין פון די קוואַלן קען זיך ציען הונדערטער און טויזנטער יאָרן, ביז וואַנען אַ איד גייט דאָרט דורך און וואַשט זיך די הענט און מאַכט אַ ברכה על נטילת ידים, אָדער טרינקט אויף צו שטילן זיין דאָרשט און מאַכט אַ ברכה פאַר דעם טרינקען און נאָך דעם טרינקען. אין דעם וואַלד, וואָס לעבן משה שמואל צדוק׳ס גוט, געפינט זיך אַ קוואַל וואָס שוין אַרום פינף טויזנט פינף הונדערט און ניינצן יאָר וויינט ער, פאַרוואָס איז ער ערגער פון אַלע אַנדערע קוואַלן, וואָס זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן האָט נאָך קיינער ניט געמאַכט קיין ברכה אויף זיין וואַסער און זיך ניט גענוצט מיט זיין וואַסער אויף קדושה און טהרה, און יענעם טאָג איז דער קוואַל געהאָלפן געוואָרן דורך אייך — זאָגט דער בעל שם טוב צום גאון ר׳ חיים — וואָס איר האָט געטרונקען פון זיין וואַסער און זיך דערפון געוואַשן די הענט פאַר מנחה. און דאָס איז דער ענין פון השגחה פרטית, אַז יעדע באַשאַפענע זאַך

האָט זיך איר צייט פון עליה (דערהויבונג) און דורך וועמען זי זאָל נתעלה ווערן — און יעדע נשמה האָט איר תכלית, וואָס און וואו זי דאַרף טאָן און מתקן זיין [142].

---

130) מחבר פון שאלות ותשובות ר׳ חיים הכהן און ספר זכר החיים — זע „התמים״, חוברת ד, עמוד ט, יב, יז. דאָרט, חוברת ה, עמוד ל, לא. דאָרט, חוברת ו, עמוד כד כה.

131) דאָס איז פאַרשטאַנדיק לויט דעם מאמר רז״ל ברכות נט, א.

132) מחבר פון ספר צמח דוד און נחמד ונעים, וועלכער ווערט אייניקע מאָל געבראַכט אין ספר החקירה פון צמח צדק.

133) זע שיחה ח״י אלול תש״א, ליובאַוויטשער רבינ׳ס זכרונות, ער־שטער טייל.

134) זע וועגן דאָס פאָלגענדע — ליובאַוויטשער רבינ׳ס זכרונות, ער־שטער טייל, פרק נו, נז, סא.

135) סוטה כב, ב.

136) זע ראש השנה יז, א און די מפרשים אויפן אָרט.

137) שבת קיט, ב.

138) מסכת כלה באַלד באַם אָנהויב, און זע דאָרט: ולא עוד אלא כו׳.

139) מחבר פון ספר עוללות אפרים.

140) זע הלכות תלמוד תורה פון אַלטן רבי׳ן, פרק ד, ס״ג. תניא סוף פרק לט.

141) תקוני זהר תיקון ה.

142) זע די גאַנצע דערציילונג אין לקוטי דבורים, פערטער באַנד (ליקוט לב), עמודים תקפג־1192.

יד.

# אין זכות פון נשים צדקניות

כ"ק אדמו"ר, דער צמח צדק, האָט דערציילט, אַז זיין זיידע, דער אַלטער רבי, האָט שביעי של פסח אין יאָר תקס"א דערציילט די פאָלגענדע מעשה.

די מעשה האָט דער אַלטער רבי אָנגעהויבן מיט אַזאַ שפּראַך:

אין די צייטן פון דעם זיידן (געמיינט דעם בעל שם טוב, דער אַלטער רבי פלעגט רופן זיין רבי'ן דעם מעזריטשער מגיד — פאָטער, און דעם בעל שם טוב, וואָס איז געווען זיין רבינ'ס רבי האָט ער גערופן דער זיידע) איז געווען אַ מעשה.

ווי ידוע דער זיידע (דער בעל שם טוב) בעפאָר ער איז נתגלה געוואָרן, פלעגט ער אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און פון איין מושב פון אידן צום צווייטן, מעורר זיין אידן און שטאַרקן זיי מיט מוט און אין גייסט, און אויך זען זייער לאַגע און מעורר רחמים זיין, מתפלל זיין פאַר זיי. מען האָט נאָך ניט געוואוסט ווער ער איז.

אין איין אָרט וואו עס האָבן געוואוינט אידן, האָט געטראָפן אַז עס איז, ניט דאָ געדאַכט, געבליבן אַ קינד אַ יתום פון פאָטער צו דריי־פיר יאָר, און צו פינף יאָר איז ער געבליבן אויך אַ יתום פון דער מוטער. האָט אים זיינער אַ פעטער גענומען צו זיך האָדעווען, און האָט אים אויך געגעבן לערנען צו אַ מלמד. דער אינגל האָט אָבער געהאַט אַ פאַרשטאָפּטע קאָפּ, אַ שווערע, וויפיל מען האָט מיט אים געלערנט, האָט ער זיך ניט אויסגעלערנט.

דער מלמד האָט אָנגעזאָגט די חברים אַז זיי זאָלן ניט לאַכן פון אים און זאָלן אים ניט מצער זיין. אַמאָל זיינען די קינדער געווען תמימים (ווייל אַ קינד נעמט דאָך איבער די נאַטור פון די עלטערן און די דערוואַקסענע, איז אַמאָל, אַז די עלטערן זיי־נען געווען תמימים, זיינען אויך אַזוי געווען די קינדער), האָבן זיי געפאָלגט דעם רבי׳ן און מען האָט אים ניט מצער געווען.

חשק צום לערנען האָט ער געהאַט, אָבער די קאָפּ איז געווען שווער אַז ער האָט ניט געכומען. די חברים האָבן שוין געלערנט גמרא און אים האָט מען אויסגעלערנט מיט גרויסע שווערקייט א׳ ב׳ און די נקודות, קמץ א׳, פּתח א׳ א. ד. ג. מיט גרויס שווע־ריקייט האָט מען אים אויסגעלערנט מאַכן די ברכות הנהנין אויף וואָס ער עסט און טרינקט, אָבער ניט מער.

* * *

עס איז אַדורך אַ ביסל צייט, האָבן די קרובים אָפּגעזאָגט זיך געבן אים מער צו אַ מלמד, זעענדיק אַז דאָס ברענגט קיין נוצן ניט, האָט מען אים איבערגעגעבן אין דער תלמוד־תורה פון דער קהילה. עס איז אַדורך נאָך אַ פּאָר יאָר און אויך אין תלמוד־תורה, לערנענדיק ביז צוועלף יאָר, האָט ער קיין נוצן ניט געהאַט, האָט אים די קהילה איבערגעגעבן לערנען אַן אַרבעט, צו אַן אַרבעטער, אַ בלעכער.

דער אַרבעטער איז געווען אַן ערלעכער איד, האָט ער אים גוט געלערנט די אַרבעט און האָט אויך אַכטונג געגעבן אויף זיין הנהגה. ברכות הנהנין האָט ער געקענט זאָגן, אָבער ער האָט ניט געוואוסט גענוי יעדער ברכה צו וואָס זי געהערט, האָט דער אַרבעטער אים אויסגעלערנט, איינגעּחזר׳ט יעדע ברכה צו וואָס זי געהערט.

דער בחור, איז זיין חשק צום לערנען געווען זייער גרויס

און באַ דער אַרבעט האָט ער געוואָלט אויך לערנען עפּעס.

ווי אַמאָל איז געווען איינגעפירט, אַז אַרבעטער פלעגן זאָגן תהלים אָדער חזר׳ן משניות.

פלעגט ער זיצן און מאַכן ברכות, ער האָט געמיינט אַז מיט דעם איז ער יוצא לערנען תורה. ביז מען האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז דאָס הייסט ברכות לבטלה ווען מען עסט ניט, פלעגט ער אַרבעטן און זאָגן די אותיות א׳ ב׳ אָדער קמץ א׳, א. אָ. וו.

אין דער אַרבעט האָט ער געהאַט גרויס הצלחה און האָט זיך גוט אויסגעלערנט. אין דער צייט איז ער געוואָרן בר־מצוה. דער אַרבעטער באַ וועמען ער האָט זיך געלערנט, הגם דער אָפּ־מאַך איז געווען ער זאָל באַ אים לערנען עטלעכע יאָר, אָבער אַז ער האָט געזען אַז ער קען גוט די אַרבעט, האָט ער אים געלאָזן אַז אויב ער וויל קען ער אָנהויבן אַרבעטן פאַר זיך.

ער האָט געעפנט אַן אַרבעט־שטוב פאַר זיך און האָט גוט געאַרבעט און געהאַט גרויס הצלחה, און האָט געגעבן פיל צדקה, אָבער ער האָט געהאַט גרויס צער און פאַרדרוס וואָס ער איז געבליבן אַן עם הארץ.

עס איז געקומען די צייט חתונה צו האָבן, האָט ער גענומען אַ פרוי, אַ טאָכטער פון אַ דאָרפמאַן ניט ווייט פון דער געגנט וואו ער איז געווען. דער שווער האָט געאַרבעט פעך באַ אַ וואַלד, און האָט געוואוינט דערביי אין אַ ישוב. דער איידעם האָט זיך באַזעצט אין דעם ישוב וואָס איז געווען ניט ווייט וואו דער שווער האָט געהאַט דעם וואַלד, און האָט דאָרטן אָנגעהויבן אַרבעטן זיין אַרבעט אַלס בלעכער. ער האָט זייער מצליח געווען אין דער אַרבעט ביז ער איז געוואָרן רייך און האָט געהאַט האָב און גוטס. אָבער שטענדיק פלעגט ער וויינען און מצטער זיין זיך אויף דעם וואָס ער קען ניט לערנען.

* * *

אין דעם ישוב וואו ער האָט געוואוינט זיינען געווען אייניקע אידישע פאַמיליעס. זיי האָבן געהאַט אַן אָרט וואו זיי פלעגן דאַ־ווענען אינאיינעם, אַ שוחט, אַ מלמד. צווישן זיי איז געווען אויך אַ בן־תורה.

דער יונגערמאַן דער בלעכער איז אַריין צו דעם בן־תורה און האָט פאַר אים אויסגעקלאָגט זיין ביטער האַרץ, זיין גרויסן צער וואָס ער קען ניט לערנען. האָט ער אים געגעבן אַן עצה ער זאָל מחזיק זיין לומדי תורה בהצנע (באַהאַלטענערהייט), ורחמנא ליבא בעי (דער אויבערשטער וויל אַז די האַרץ זאָל זיין ערנסט), דערקלערט אים אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך פשוט'ע אידן וואָס זיינען מחזיק לומדי תורה, און זיי זיינען חשוב אַזוי ווי די לומדי תורה. האָט דער בלעכער פון דאַן אָנגעהויבן מער מחזיק זיין לומדי תורה.

אין דעם ישוב איז געווען איינגעפירט, אַז ווען עס פלעגט קומען אַן אורח, וואָס דאָס איז ניט אָפט, און יעדער האָט געוואָלט מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים, פלעגט מען וואַרפן גורל צו וועמען זאָל גיין דער אורח. איין מאָל איז געשען אַז עס איז געקומען אַן אורח אַ קראַנקער, אַ קרעציקער, ל"ע, איבער דעם גאַנצן קערפער. האָט מען געוואָרפן גורל ווער זאָל אים נעמען צו זיך. איז דער גורל אויסגעקומען צו דעם בלעכער.

ער האָט דעם אורח גענומען צו זיך אַהיים און ער האָט אים געגעבן אַ באַזונדער צימער, האָט אים אַרומגעוואַשן און באַשמירט. דעם אורח איז געוואָרן אַביסל גרינגער. אַדורך אַ פּאָר טעג האָט דער אורח געוואָלט אַוועקגיין, האָט ער אים געבעטן זיין נאָך אַ פּאָר טעג.

אַמאָל ווען זיי זיינען געווען אינאיינעם, האָט דער יונגערמאַן

דער בלעכער געפרעגט דעם אורח פון וואָס ער איז געוואָרן חרוב און קראַנק. האָט ער אים געענטפערט, אַז ער איז געווען קלאָר אין ש״ס, האָט ער אָבער געוואָלט אויך וויסן ראשונים ואחרונים, האָט ער פיל געפאַסט און האָט געלערנט בהתמדה, ביז פון דעם איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז געוואָרן אַזוי חרוב. אין אַ קורצע צייט איז דער אורח אַוועק.

דער יונגערמאַן, הערנדיק דאָס, פלעגט ער אומגיין פאַר־זיך און בעטן דעם אויבערשטן, אַז ער איז מקבל אויף זיך אַלע מיני יסורי הגוף, נאָר דער אויבערשטער זאָל אים העלפן ווערן אַ בן־תורה, ער זאָל קענען לערנען. דערווייל איז אַדורך אייניקע טעג און ער האָט געזען אַז אין לערנען איז אים נאָך גאָרניט צוגעקומען, האָט ער באַשלאָסן נעמען טאָן אין דעם ווי דער אורח האָט אים געזאָגט, פלעגט ער פאַסטן גאַנצע טעג, אַוועקגיין אין וואַלד, זיצן צווישן מוריאַשקעס, און וויפיל ער האָט געקענט זאָגן תהלים (ווייל אין משך הזמן האָט ער זיך אויסגעלערנט זאָגן עברי), דעם טייטש האָט ער ניט געוואוסט, פלעגט ער זיצן און זאָגן די ווערטער פון תהלים מיט וויינען און קרעכצן.

* * *

איין מאָל, ווען ער איז געזעסן אין וואַלד און געזאָגט תהלים און האָט געוויינט, האָט ער דערזען ווי עס איז צוגעגאַנגען צו אים אַ איד מיט אַ טאָרבע און שטעקן. פון ערשטן האָט ער זיך דערשראָקן, אָבער דאַן געקומען צו זיך. דער איד איז צוגעקומען צו אים און געפרעגט וואָס זיצט ער דאָ אין וואַלד און וואָס וויינט ער.

דער יונגערמאַן האָט דערציילט דעם אידן פון אַלץ, ווי ער איז אַן עם הארץ און ווי ער וויינט אויף דעם און האָט צער, און ווי באַ זיי איז געווען אַן אורח האָט ער פון אים געהערט אַלס

עצה צו לערנען — פאַסטן, האָט ער באַשלאָסן אויך טאָן אַזוי אַבי השם יתברך וועט אים העלפן ער זאָל אויך ווערן אַ בן־תורה.

דער איד האָט אים אויסגעהערט און האָט אים געענטפערט: דאָס איז טאַקע אַן עצה, אָבער אויב ער וויל, קען ער אים געבן אַ גרינגערע עצה אויף ווערן אַ בן־תורה. ווי ער האָט דאָס דער־הערט האָט ער אים געבעטן ער זאָל אים זאָגן די עצה. האָט אים דער איד געענטפערט, ער זאָל אים אָפּגעבן אַלץ וואָס ער האָט, געלט, זילבער, גאָלד, גוטס און די הויז און די ערד, אויף אַלץ אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר אַז ער גיט אים איבער, און זאָל מיט אים אַוועק אויף דריי יאָר און דאַן וועט ער ווערן אַ בן־תורה.

דער יונגערמאַן דער בלעכער האָט זיך באַלד אָנגעכאַפּט און מסכים געווען אויף אַלץ. אָבער דער איד האָט געענטפערט: אייל זיך ניט. פריער וועסטו זיך מיישב זיין מיט דער פרוי און הערן די דעה פון שווער וועגן דעם, און דאַן, אין אַכט טאָג אַרום, זאָלסטו קומען דאָ אין וואַלד אויף דעם אייגענעם אָרט, וועל איך אויך קומען, און דאַן וועסטו מיר זאָגן ווי איר האָט באַשטימט. און דער איד מיט דעם שטעקן און טאָרבע איז אַוועק.

* * *

דער בלעכער איז אַוועק אַהיים און האָט דערציילט דער פרוי די גאַנצע זאַך. האָט די פרוי געענטפערט: וויבאַלד אַז שטענדיק ביזטו זיך מצטער וואָס דו קענסט ניט לערנען, און מען לייגט דיר פאָר אַזאַ זאַך, דאַרפסטו געוויס מסכים זיין, און איך בין מוסכם אויף דעם. נאָר איין תנאי זאָלסטו זאָגן דעם אידן, אַזוי ווי מען וועט דאָך באַ אונז אַלץ צונעמען, איז פאַר מיר וועלן אַלץ געבן אים, זאָל ער קומען צו אונז אין הויז עסן אַ סעודה, בכדי מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים. דערנאָך וועט מען דאָך ניט קענען אַז מען וועט אַלץ אָפּגעבן.

איז ער נאָכהער אַוועק צום שווער און האָט דערציילט דעם שווער די מעשה. דער שווער האָט געענטפערט: יאָ, עס שטייט יקרה היא מפנינים, תורה איז טייערער פאַר אַלע גוטע ברילי־אַנטן־שטיינער, אָבער דאָך, מיין מיינונג איז, אַז על־פי תורה טאָר מען דאָס ניט טאָן. דו האָסט אַ פרוי מיט קינדער וואָס דו דאַרפסט זיי מפרנס זיין, טאָר מען אַלץ ניט אַוועקגעבן. עס איז פאַראַן אַ סך פראָסטע אידן, זיי זיינען מחזיק לומדי תורה און מקיים מצוות בתמימות, און זיי זיינען ווי לומדי תורה. טאָרסטו ניט אָפּגעבן אַלץ און גיין אין גלות.

די רייד פון שווער האָט אויף אים געווירקט, אַז דאָס האָט אים געבראַכט אין צעטומלעניש און ספק, ניט וויסנדיק וואָס ער זאָל טאָן. די איייניקע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערווייל האָט ער געפאַסט און געוויינט, און דעם אַכטן טאָג האָט ער ווידער געזאָגט דער פרוי פון זיין צעטומלעניש, וואָס דער שווער מיט זיינע רייד האָט געווירקט אויף אים. האָט די פרוי געזאָגט צו אים: וויבאַלד אַז באַ דיר איז געוואָרן אַ ספק, איז דאָס אַ באַוויז אַז דיין קרעכצן און וויינען וואָס דו קענסט ניט לערנען איז געווען ניט מיטן גאַנצן אמת. ווען דאָס וואָלט געווען מיט אַן אמת, וואָלסטו געוויס איינגעשטימט ווען דו האָסט אַן עצה צו ווערן אַ בן־תורה.

ער האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פון דער פרוי און איז אַוועק אויף דעם באַשטימטן אָרט אין וואַלד. דאָרט איז ווידער געקומען דער איד מיט דער טאָרבע און מיט דעם שטעקן. דער איד האָט געפרעגט באַ דעם בלעכער ווי ער האָט באַשלאָסן, האָט ער געענטפערט אַז ער איז איינשטימיק אויף אַלץ. זיי האָבן זיך געזעצט, און גערעדט צווישן זיך. רייידנדיק האָט זיך באַ דעם בלעכער אַרויסגעריסן פון האַרץ אַ קרעכץ.

האָט זיך דער איד אָנגערופן: וואָס קרעכצסטו? אפשר האָסטו חרטה אויפן אָפּמאַך, קענסטו נאָך חרטה האָבן. האָט אים דער בלעכער דערציילט דעם אמת, די רייד פון דער פרוי און אויך די רייד פון שווער, וואָס די רייד פון שווער האָבן אויף אים געהאַט אַ ווירקונג.

דער איד האָט זיך אָנגערופן: דער שווער איז גערעכט. געוויס איז פאַראַן אַ סך פּראָסטע אידן, וואָס זיינען מחזיק לומדי תורה און מקיים מצוות, און זיינען נאָך העכער ווי לומדי תורה. דאָך, האָט זיך דער בלעכער אָנגערופן, אַז ער האָט באַשטימט אָפּגעבן אַלץ און גיין אין גלות דריי יאָר. נאָר ער וויל דעם תנאי וואָס די פרוי האָט געבעטן, אַז פאַר דעם זאָל דער איד גיין צו זיי עסן אַ סעודה בכדי מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים.

דער איד האָט איינגעשטימט אויף דעם, און זיי זיינען אַוועק צום בלעכער אַהיים.

* * *

געקומען שוין נאָך מעריב צייט. ווען זיי זיינען אַריין אין הויז, האָבן זיי געפונען אַ צוגעגרייטן טיש פון כל מאכלים טובים, און ליכט ברענען אַזוי ווי יום־טוב. דער איד האָט געפרעגט באַ דעם בלעכער, וואָס איז דאָס פאַר אַ יום־טוב? האָט ער געזאָגט, ער ווייסט ניט, מען דאַרף פרעגן באַ דער פרוי.

די פרוי האָט געענטפערט, אַז באַ איר איז אַ יום־טוב איבער צוויי סיבות, ערשטנס די מצוה פון הכנסת אורחים, צווייטנס, זי זעט דאָך אַז דער אויבערשטער וויל באַ זיי צונעמען וואָס זיי האָבן, דער אויבערשטער האָט דאָך פיל וועגן ווי צונעמען אַלץ באַ אַ מענטשן, אַז דער אויבערשטער טוט מיט זיי אַ חסד, אַז ער נעמט צו דעם גוטס און גיט דערפאַר תורה, איז דאָס דען

ניט קיין יום־טוב, וואָס דער אויבערשטער נעמט צו זיין פקדון וואָס ער האָט זיי געגעבן אויף אַזאַ גוטן אופן.

דאַן האָט מען געבראַכט אַ גרויסן זאַק, מען האָט אַלץ אַרייג־געלייגט, געלט, גאָלד, זילבער, אַלץ ווי גערעדט, און מען האָט אָנגעשריבן אַ שטר מתנה אויף אַלץ וואָס ער האָט, הייזער, פעלדער, און מען האָט גערופן צוויי שכנים, גע׳חתמ׳עט אַלס עדות, און דאַן האָבן זיי טועם געווען, און מען האָט געגעכטיקט.

אין דער פרי איידער דער איד מיט דעם מאַן, דעם בלעכער, האָבן געדאַרפט אַוועק, האָט דער איד געזאָגט צו איר, אַז הגם איצט איז די הויז זיינע, דאָך גיט ער איר רשות וואוינען מיט די קינדער אין דער הויז אַלס שכן ביז דער מאַן וועט קומען, און האָט געהייסן אָנשיטן אַ זאַק מיט מעל און געבן איר אַ מתנה, און האָט אויך געגעבן קאַרטאָפל, און האָט געזאָגט, אַז ער גיט איר רשות זייען דעם גאָרטן און נוצן די פרוכט פון סאָד, אָבער אַלס מתנה און אַלס שכנים, ניט אַלס בעלי־בתים, און האָט גע־בענטשט דער פרוי מיט זייערע צוויי זין און זייער טאָכטער, און זיי האָבן פאַרנומען דעם זאַק מיט די גוטס און זיינען אַוועק.

נאָך זייער אַוועקגיין האָט די פרוי פאַרזייט דעם גאָרטן און עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע הצלחה, און אויך אין סאָד, און אַזוי האָט זי זיך דורכגעלעבט די צייט.

* * *

אין דעם איז פאַראַן לענגער דערציילן, האָט דער רבי (מהוריי״צ) נ״ע געזאָגט, נאָר דאָ האָט ער מקצר געווען. ער האָט נאָר געזאָגט אַז

ענדע דריי יאָר איז דער בלעכער געקומען און זיי האָבן זיך באַזעצט אין אַן אַנדער אָרט און ער איז געוואָרן רייך. ער איז געווען דערנאָך אַ צדיק נסתר.

* * *

נאָך זייערע הונדערט און צוואַנציק יאָר, איז דעם מאַן דעם בלעכער האָט מען געגעבן אַן אָרט אין אַ הויכן היכל פון בני־תורה, אין גן עדן, און דער פרוי האָט מען געגעבן אַן אָרט אין גן עדן אין היכל פון נשים צדקניות, און צו יעדן מאָל ווען מען פלעגט איבערפירן דעם מאַן אין אַ העכערן גן עדן, פלעגט מען ברענגען די פרוי און מען פלעגט אויסרופן אַז דאָס איז געווען אין איר זכות.

* * *

און דער אַלטער רבי האָט אויסגעפירט די מעשה, אַז דער איד מיט דער טאָרבע דאָס איז געווען דער בעל שם טוב איידער ער איז אַנטפּלעקט געוואָרן.

און האָט אויסגעפירט, אַז די הויכקייט פון דער פרוי איז געווען איר מסירת נפש אויף תורה ומצוות און פאַר דעם מסירת נפש בשמחה.

און האָט אויך אויסגעפירט, אַז ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים און געגאַנגען אין ים אין דער טריקעניש און האָבן געזאָגט שירה, און די פרויען — שטייט האָבן אויך געזאָגט שירה אָבער בשמחה, בתופים ובמחולות, דערפאַר איז די הפטורה פון שבת שירה ותשר דבורה, ווייל אַלץ איז אין דעם זכות פון דער פרוי. הכל הי׳ מן העפר.

* * *

דערנאָך האָט דער צמח צדק אויסגעפירט, ווען ער האָט דערציילט די מעשה, אַז דאָס וואָס שביעי של פסח איז די הפטורה פון שירת דוד איז ווייל שביעי און אַחרון של פסח איז גילוי משיח, וואָס ער איז בן דוד, איז לכבוד משיח זאָגט מען שירת דוד [143].

143) לקוטי דבורים, פערטער טייל (ליקוט לח), עמודים תרצה־תשא.

טו.

## דער בעל שם טוב און דער אַלטער רבי

מורנו הבעל שם טוב האָט געוואוסט פון זיין רבי'ן הבעל ח"י (חי' יחידה — דאָס איז אחי' השילוני), אַז די שליחות וואָס ער באַדאַרף דורכפירן איז דער תיקון נה"י און חג"ת, דורך אים און איינעם פון זיינע תלמידים הקדושים אין אַ משך פון שנים קצובות (באַשטימטע יאָרן), און דער תיקון פון מוחין חב"ד באַדאַרף זיין נאָר דורך אַ נשמה חדשה (אַ נייע נשמה).

מורנו הבעל שם טוב האָט געוואוסט דעם אופן ווי די נשמות שטייען אויבן אין אוצר פון די נשמות, און אַז די נשמה באַדאַרף אַראָפּגיין דאָ אונטן צו אָנטאָן זיך אין גוף באַדאַרף די נשמה האָבן אַ צוגרייטונג אַ יאָר צייט און די הכנה פון אַ נשמה חדשה איז דריי יאָר.

אַז אין בית דין של מעלה האָט מען אָפּגעשטימט אַז עס זאָל זיין די אַנטפּלעקונג פון אַ נשמה חדשה אין דעם עולם התחתון (אונטערשטער וועלט) און אַז אין דעם יאָר זאָל זיין דער אָנהויב פון דער צוגרייטונג פון די נשמה חדשה, האָט בית דין של מעלה אָפּגעשטימט אַז מען זאָל מורנו הבעל שם טוב מגלה זיין פון דעם פּסק.

אַז מען האָט צו־וויסן געטאָן רבנו הבעל שם טוב דעם פּסק פון דער אָפּשטימונג פון בית דין של מעלה, האָט מורנו הבעל שם טוב געוואָלט וויסן ווער וועט זוכה זיין אַז באַ זייער קינד וועט זיין די נשמה חדשה, אָבער דאָס האָט מען אויך פון מורנו

הבעל שם טוב אויסבאַהאַלטן, און ער האָט זי אַרומגעזוכט אין די היכלות.

אַ נשמה חדשה, ווען זי באַדאַרף אַראָפּקומען למטה איז מען מעלים אַפילו פון מלאכים, שלא תשלוט בה עין קנאָה.

וואָס איז אַ נשמה ווי זי איז אויבן האָט דער בעל שם טוב געוואוסט, ווי די נשמה קומט אַראָפּ בהתלבשות למטה האָט ער אויך געוואוסט, נאָר ווי איז מיט אַ נשמה חדשה האָט ער זייער געוואָלט וויסן.

* * *

דעם אַלטן רביג׳ס פאָטער, הצדיק ר׳ ברוך איז געווען דעם בעל שם טוב׳ס אַ איד, איינער פון די צדיקים נסתרים. באַ נסתרים איז געווען אַ זמן וואָס איינער האָט ניט געוואוסט פון צווייטן, שפּעטער האָבן זיי זיך שוין יאָ געקענט איינער דעם צווייטן, אָבער עס איז געווען אַ שטאַרקע אַזהרה פון מורנו הבעל שם טוב, אַז די נסתרים זאָלן זיין נזהר מלהתגלות.

אַז הגאון ר׳ יוסף יצחק איז פון דעם בעל שם טוב׳ס חדר האָבן די תלמידים געוואוסט, אָבער פון ר׳ ברוך׳ן האָט קיינער ניט געוואוסט. די באָבע, הרבנית רבקה, האָט יאָ געוואוסט.

ווען עס איז אַוועק אַ יאָר נאָך דער חתונה און הרבנית רבקה איז נאָך ניט נפקד געוואָרן זיינען ר׳ ברוך וזוגתו הרבנית רבקה געפאָרן, חודש אלול, צום בעל שם טוב, בעטן זיי זאָלן נפקד ווערן מיט אַ בן קיימא.

דער בעל שם טוב האָט זיי געבענטשט און מבטיח געווען אַז אין דעם נייעם יאָר תק״ה, ווען זיי מיטן אויבערשטנס הילף נפקד ווערן מיט אַ בן חייא וקיימא.

אַז דאָס קינד, וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט געבענטשט הצדיק ר׳ ברוך וזוגתו הרבנית רבקה, האָט אַ שייכות וקישור

צו דער נשמה חדשה וועלכע דאַרף דעם יאָר, תק״ה, געבאָרן ווערן האָט מען פון דעם בעל שם טוב אויך מעלים געווען.

* * *

ראש השנה תק״ה איז מורנו הבעל שם טוב נ״ע געווען אַנדערש פון אַלע יאָר אין דעם סדר ראש השנה, ווי עס איז ידוע אַז באַ מורנו הבעל שם טוב איז געווען אַ סדר מיוחד אין זיינע הנהגות בכל משך השנה, בחול בשבת ובמועדים.

דער סדר פון חודש תשרי האָט זיך באַ מורנו הבעל שם טוב אָנגעהויבן פון דער הכנה אין חודש אלול בכלל און ימי הסליחות בפרט. די פערציק טעג וואָס משה רבינו עליו השלום איז געווען אין הימל צו מתפלל זיין אויף דעם חטא העגל און צו מקבל זיין די תורה, וואָס מיט דעם האָט ער מעורר געווען די י״ג מדות הרחמים, איז די עבודה פון מורנו הבעל שם טוב געווען אַז דער קו היראה איז אין די דאָזיקע טעג געווען בהת־גלות, און פון מוצאי יום הכפורים ביז נאָך שמחת תורה איז אין עבודת מורנו הבעל שם טוב געווען דער קו השמחה בהתגלות.

אין דעם דרך העבודה פון מורנו הבעל שם טוב ראש השנה תק״ה האָבן די תלמידים הקדושים געזען צו תפלת ערבית אַ גרויסן שינוי. מורנו הבעל שם טוב איז געווען אין גרויס שמחה וואָס עס האָט זיך געפילט אין עבודת התפלה פון דער ערשטער נאַכט ראש השנה, אין דעם באַזונדער אויפגעלייגטן זאָגן די ברכת לשנה טובה תכתבו ותחתמו, אין די תורה־רייד בשעת דער סעודה און אויך אין דעם סדר התקיעות ותפלת מוספים.

מוצאי יום כיפור תק״ה איז מורנו הבעל שם טוב געווען אין אַ באַזונדער הייליקע שטימונג, וואָס עס האָט אָנגעהאַלטן ביז איבער שמחת תורה.

די תלמידים הקדושים האָבן פאַרשטאַנען אַז אין דעם חודש

תשרי איז עפעס געווען אַן אויסערגעוויינלעך גוטע זאַך, וואָס האָט גורם געווען באַ מורנו הבעל שם טוב אַז ער האָט משנה געווען דעם אופן סדר העבודה פון די ימים נוראים אַז דער קו השמחה איז געווען בהתגלות.

אַלע האָבן געגאַרט צו וויסן לשמחה מה זו עושה (וואָס די שמחה באַדייט), אַבל לא עלתה בידם (עס איז זיי ניט געלונגען).

* * *

בעפאָר הצדיק הגאון ר׳ ברוך און זיין פרוי הרבנית רבקה נ״ע האָבן באַדאַרפט אָוועקפאָרן פון מעזיבוזש, זיינען זיי בידע געווען ביים בעל שם טוב זעגענען זיך.

הרבנית הצדקנית רבקה איז געווען אין אַ שטאַרקע התעו־ררות־שטימונג און האָט געזאָגט למורנו הבעל שם טוב, אַז ווען השם יתברך וועט ממלא זיין די ברכה פון מורנו הבעל שם טוב מיט אַ בן זכר חייא וקיימא וועט זי אים מקדיש זיין צו תורה ועבודה אין דעם דרך פון מורנו הבעל שם טוב.

מורנו הבעל שם טוב האָט געזען די גרויסע התעוררות פון הצדיק ר׳ ברוך און הצדקנית רבקה און האָט זיי געבענטשט און זיי זיינען אָפּגעפאָרן שמחים וטובי לב (פריילעכע און אויפ־געלייגטע).

ווי עס איז ידוע איז הרבנית רבקה געווען אַ למדנית און האָט אַלע טאָג געהאַט שיעורים אין לערנען מיט אַ באַשטימטן סדר אָבער באַהאַלטענערהייט אַז קיינער, חוץ איר מאַן הצדיק ר׳ ברוך, האָט פון דעם ניט געוואוסט.

ווען הרבנית רבקה איז געקומען אַהיים פון דער נסיעה צו מורנו הבעל שם טוב איז זי געפאָרן צו איר שוועגערין הרבנית אין וויטעבסק איבערגעבן אַלץ וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט זיי געזאָגט, אויך דאָס וואָס זי האָט געהערט און

געזעען די דרכי הנהגה פון מורנו הבעל שם טוב, אויך דאָס וואָס זי האָט געהערט אַז די תלמידים הקדושים זיינען געווען פאַרוואונדערט פון דעם סדר עבודה און הנהגה פון מורנו הבעל שם טוב אין יענעם חודש תשרי אַנדערש ווי אַלע יאָר.

הרבנית רבקה האָט געבעטן איר שוועגערין הרבנית אַז זי זאָל איר געבן אַ סדר אין לערנען וואָס זי זאָל לערנען אין אירע שיעורי לימוד, און אַזוי ווי זי איז געווען זיכער אין דעם בעל שם טוב׳ס ברכה אַז זי וועט געוויס מקויים ווערן וואָלט זי זייער געוואָלט האָבן אַ סדר הנהגה אין תפלה און לימוד אין די ימי העיבור.

הרבנית רבקה איז געווען בטוחה אין דער ברכה און הבטחה וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט זיי געבענטשט און ווי גליקלעך איז הרבנית רבקה געווען מודיע צו זיין איר מאַן הצדיק ר׳ ברוך אַז ברכת מורנו הבעל שם טוב ווערט נתמלא למזל טוב.

הצדיק ר׳ ברוך און הצדקנית הרבנית רבקה האָבן ביידע מחליט געווען אַז הגם עס איז זיכער אַז מורנו הבעל שם טוב ווייסט אַז ברכתו איז נתמלא געוואָרן באַדאַרפן זיי פונדעסטוועגן אים מודיע זיין, און תחלת אדר שני איז הצדיק ר׳ ברוך אַוועק צו מורנו הבעל שם טוב.

הצדיק ר׳ ברוך האָט דערציילט צו מורנו הבעל שם טוב אַז די ברכה האָט מצליח געווען און זוגתו הרבנית איז נפקד געוואָרן.

מורנו הבעל שם טוב האָט זיך זייער געפרייט אויף דער בשורה און האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף דעם זמן פון התחלת העיבור, און אַז הצדיק ר׳ ברוך האָט אים געזאָגט האָט מורנו הבעל שם טוב אים געהייסן מאַכן ברכת שהחיינו בלי שם ומלכות, ער זאָל באַלד פאָרן צוריק און זאָגן בשמו להרבנית

ברכת מזל טוב און מזהיר געווען כמה אַזהרות. ר׳ ברוך איז צוריק געפאָרן אַהיים שמח וטוב לב.

* * *

מיטוואָך, ח״י אלול, ווען מורנו הבעל שם טוב איז געקומען פון טבילה אין מקוה איז ער געווען אין אַן אויסערגעוויינלעכער שמחה־שטימונג וואָס האָט אַלעמען זייער פאַרוואונדערט, אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט צו פרעגן.

מורנו הבעל שם טוב האָט אַליין געדאַווענט פאַרן עמוד און אַלע זיינען געווען שטאַרק פאַרוואונדערט אויף די פריילעכע יום־טובדיקע ניגונים מיט וועלכע דער בעל שם טוב האָט גע־דאַוועט. מער פאַרוואונדערט איז מען געוואָרן ווען מורנו הבעל שם טוב האָט ניט געזאָגט קיין תחנון, דאַן האָבן אַלע פאַרשטאַנען אַז עס מוז עפּעס זיין אַן אויסערגעוויינלעכער שמחה־טאָג.

נאָכן דאַווענען האָט מורנו הבעל שם טוב איינגעלאַדן די תלמידים צו אַ סעודת מצוה און איז געווען אין אַן אויסערגע־וויינלעכער שמחה.

מורנו הבעל שם טוב האָט געזאָגט אַז ביום הרביעי בו נתלו המאורות איז אין דעם יום הרביעי פון קומי אורי אַראָפּ־געקומען אַ נשמה חדשה וועלכע וועט באַלייכטן די וועלט אין תורה הנגלית והחסידות און וועט האָבן מסירות נפש אויף דעם דרך החסידות און מצליח זיין עד ביאת המשיח.

* * *

הצדיק ר׳ ברוך איז געפאָרן אויף יום כיפור תק״ו צו מורנו הבעל שם טוב. ווען ער איז אַריין צום בעל שם טוב האָט אים מורנו הבעל שם טוב מזהיר געווען אַז ער זאָל קיינעם ניט דערציילן, אַז באַ אים איז געבאָרן געוואָרן אַ זון און דעם נאָמען וואָס מען האָט אים געגעבן.

ווען הצדיק ר׳ ברוך האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן האָט אים מורנו הבעל שם טוב געגעבן אַ סדר הנהגה ווי מען זאָל פירן דעם קינד און בדרך כלל אָפּהיטן אים און אין זמני הקיץ זאָל מען מיט אים זייך אין פעלד. מורנו הבעל שם טוב האָט שטאַרק מזהיר געווען אַז מען זאָל דעם קינד היטן מעין רואים בכלל און פון נשים דברניות (פרויען וואָסריידן אַ סך) בפרט.

מורנו הבעל שם טוב האָט דריי מאָל יעדן טאָג, אין יעדער תפילה, מזכיר געווען את הילד רבינו הזקן.

ווען הצדיק ר׳ ברוך איז געקומען צו מורנו הבעל שם טוב אויף ראש השנה תק״ז האָט מורנו הבעל שם טוב געפרעגט בפרטיות ווי די הנהגה איז מיטן קינד, און האָט ווידער שטאַרק מזהיר געווען דעם צדיק ר׳ ברוך ער זאָל קיין זאַך ניט דערציילן וועגן קינד.

נאָך סוכות, ווען הרב הצדיק הר׳ ברוך איז געווען גרייט אַהיים צו פאָרן, האָט אים מורנו הבעל שם טוב געגעבן אַ סדר הנהגה אויף אַ גאַנץ יאָר און שטאַרק מזהיר געווען אויף צו היטן דעם קינד מעין רואים און ניט איבערדערציילן זיינע חכמות ווי עס איז דער מנהג פון מאַנכע עלטערן.

ווען הצדיק ר׳ ברוך איז געקומען צו מורנו הבעל שם טוב אויף ראש השנה תק״ח האָט מורנו הבעל שם טוב בפרטיות זיך נאָכגעפרעגט ווי די הנהגה איז מיטן קינד. הצדיק ר׳ ברוך האָט דערציילט למורנו הבעל שם טוב אַז ווען ער איז געקומען אַהיים האָט אים זיין פרוי הרבנית דערציילט אַז אין דעם יום הולדת פון דעם קינד, ח״י אלול, האָט דער קינד אָנגעהויבן שאַרף ריידן. אין משך פון יאָר תק״ז האָבן די עלטערן באַמערקט, אַז דאָס קינד האָט אַ געוואַלדיק גרויסן זכרון און איבערמענטשלעכע

תפיסה, וואָס דאָס קינד הערט איינמאָל איז דאָס באַ אים ווי מונח בקופסא.

מורנו הבעל שם טוב האָט מזהיר געוועָן הצדיק ר׳ ברוך באַזהרה חמורה, אַז ער זאָל מעלים זיין וועגן דעם, אַז השם יתברך האָט זיי געבענטשט מיט אַ בן זכר, און אַז מען וועט אים פרעגן זאָל ער ענטפערן קורץ, אַז זיי האָפן להשם יתברך אַז עס וועט געוויס זיין בהצלחה.

ווען הצדיק הר׳ ברוך איז געווען באַ מורנו הבעל שם טוב צו נעמען רשות אויף צו פאָרן אַהיים און נעמען ברכת הפרידה האָט ער דערציילט למורנו הבעל שם טוב פון זייער החלטה, אַז זיי זאָלן ברענגען זייער זון צו מורנו הבעל שם טוב צום קומענדיקן ח״י אלול, ווען מען וועט דאָס קינד אָפּשערן און לאָזן פיאות הראש.

מורנו הבעל שם טוב האָט מסכים געווען, און האָט שטאַרק פאַרזאָגט אַז מען זאָל היטן דעם קינד פון מענטשן, און אַז די מוטער און די מומע דבורה לאה זאָלן ביידע מיט אים מיטפאָרן. זיי זאָלן קומען ח״י אלול נאָכן דאַווענען און באַלד נאָכדעם ווי ער וועט זייער קינד אָפּשערן באַ אים אין חדר און לאָזן פיאות זאָלן זיי אַוועקפאָרן און זאָלן זיך היטן אַז מען זאָל ניט וויסן ווער זיי זיינען.

ווען הצדיק הר׳ ברוך איז געקומען אַהיים האָט ער געטראָפן, אַז דאָס קינד איז במשך פון די צוויי חדשים, וואָס ער איז געווען אין וועג, קלאָר געוואָרן אַ סך קאַפּיטלעך תהלים. ער האָט באַ־מערקט אַז דאָס קינד האָט אַן אויסערגעוויינלעכע תפיסה און זכרון, וואָס ער הערט איינמאָל פאַרדענקט ער.

מיטוואָך, ח״י אלול תק״ח, זיינען הרבנית רבקה און איר שווערגערין הרבנית דבורה לאה געקומען מיטן קינד קיין מעזיבוזש

צו מורנו הבעל שם טוב און באַלד נאָכדעם ווי מורנו הבעל שם טוב האָט דעם קינד מחנך געווען אין פּיאות הראש און געבענטשט, האָט מורנו הבעל שם טוב מזהיר געווען זיי זאָלן באַלד צוריקפאָרן און ניט ריידן צווישן זיך וואו זיי זיינען געווען, און האָט זיי געבענטשט מיט אַ שנה טובה און נסיעה כשורה.

די גאַנצע צייט האָט דאָס קינד געפרעגט ווער איז דער איד וואָס האָט אים אָפּגעשאָרן, געלאָזן פּיאות און געבענטשט מיט די הענט אויפן קאָפּ. די מוטער האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ זיידע.

* * *

ר׳ ברוך האָט זייער געגאַרט פירן דעם אַלטן רבי׳ן צו דעם בעל שם טוב, אָבער דער בעל שם טוב האָט אים ניט געהייסן ברענגען און האָט זייער שטרענג אָנגעזאָגט ר׳ ברוך׳ן און זיין שוואָגער, ר׳ יוסף יצחק׳ן, אַז זיי זאָלן דעם אַלטן רבי׳ן גאָרניט דערציילן וועגן אים — דעם בעל שם טוב — ווייל ער איז ניט וואָס באַדאַרף זיין מיינער אַ תלמיד, ער איז שייך צו ממלא מקומי, ער איז זיינער אַ תלמיד.

אַז הגאון הצדיק ר׳ ישכר דוב — קאַבילניקער — איז געווען שבועות תק״ט באַ דעם בעל שם טוב אין מעזיבוזש האָט דער בעל שם טוב געגעבן ר׳ ישכר דוב׳ן אַ סדר הלימוד ווי ער — ר׳ ישכר דוב — זאָל לערנען מיט דעם רבי׳ן און האָט אים שטאַרק מזהיר געווען אַז ער — ר׳ ישכר דוב — זאָל אים גאָרניט דערציילן וועגן אים.

ערשט אין חודש אלול תק״כ, האָט הגאון ר׳ יוסף יצחק דערציילט דעם רבי׳ן וועגן דעם בעל שם טוב, די תורת החסידות און דרכי החסידים [144].

---

144) זע ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, ע׳ 88, 80. לקוטי דבורים, דריטער טייל, ע׳ תעח־תפב. זע אויך התמים, חוברת ב, ע׳ נו און ווייטער.

# צוויי הונדערט יאָר נאָך דעם בעל שם טוב'ס געבורט

ח"י אלול תרנ"ח — ווען עס איז געוואָרן צוויי הונדערט יאָר נאָך דעם בעל שם טוב'ס געבורט— האָט דער רבי (כ"ק אדמו"ר מהרש"ב) נ"ע געזאָגט [145]:

היינטיקן ח"י אלול ווערט צוויי הונדערט יאָר זינט דער געבורט פון דעם בעל שם טוב, און די ערשטע נאַכט פון סליחות ווערט הונדערט יאָר זינט דעם מאַמר פון אַלטן רבי'ן וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער פון פסוק (תהלים פא, ד) „כי חק לישראל הוא משפט לאלקי יעקב" (ווייל אַ געזעץ איז עס פאַר ישראל, אַ משפט פאַר דעם ג־ט פון יעקב).

דער זיידער דער צמח צדק האָט דערציילט אַז זיין פעטער און שווער — דער מיטעלער רבי — האָט דעמאָלט, די ערשטע נאַכט פון סליחות תקנ"ח געזאָגט, אַז פון זיין פאָטער'ס — מיינענדיק דעם אַלטן רבי'ן — צעטראָגנקייט און פון דעם אינהאַלט פון דער תורה וואָס ער האָט געזאָגט — מיינענדיק דעם אויבן־דערמאָנטן מאמר — האָט מען קלאָר געזען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער קטרוג אויף דער תורת הבעל שם טוב. און אַזוי איז טאַקע געווען. בעת דעם אַרעסט פון דעם אַלטן רבי'ן (וועלכער איז געווען באַלד דערנאָך, אָנהויב תקנ"ט) האָט זיך געפירט אַ גרויסע גייסטיקע מלחמה, און די תורת הבעל שם טוב און זיין שיטה זיינען געשטאַנען אין אַ גרויסער סכנה. און איצט —

בחסדי השם יתברך — באַציען זיך אַלע יראי אלקים פון מתנגד׳ישן אָפּשטאַם מיט גרויס דרך־ארץ צום דעם בעל שם טוב׳ס תורה און שיטה, און גאָר אַ סך האָט אויפגעטאָן תורת חסידות חב״ד, וואָס האָט, אַ דאַנק דעם אויבערשטן, באַזיגט אירע גרעסטע שונאים, די באַוואוסטע משכילים־כופרים.

שוין אַרום צוואַנציק יאָר וואָס אַ טייל פון זייערע תלמידים, כאָטש זיי האָבן זיך איינגעזאַפּט די בלאָטע־וואַסער פון זייערע לערער די כופרים, איז פונדעסטוועגן זיינען זיי צוליב פאַרשידענע סיבות געוואָר געוואָרן, אַז מיט פאַלשע פאַרלוימ־דונגען, און מיט רשעות׳דיקער שנאה האָבן די פריערדיקע משכילים, די אַבי אַבות הטומאה, באַפאַלן — להבדיל — די צדיקים, און זיי מבזה געווען מיט אַלע מיני שמוץ, מיט ליצי־ליצנות, וועלכע מאַכן צו שאַנד זייערע שרייבער, און פיל פון די וועלכע באַרימען זיך מיטן נאָמען פון „היינטיקע משכילים״ שעמען זיך צו דערמאָנען זייערע נעמען. די מעסיקע און געפילס־מענטשן צווישן די שרייבערס אינטערעסירן זיך מיט דער גע־שיכטע פון חסידות און דעם לעבנס־וועג פון חסידים און עס זיינען נאָר געבליבן די כלבין דחציפין (חוצפה׳דיקע כלבים) וועלכע ווילן נאָר הפקרות.

דער וועלכער איז באַקאַנט מיט דעם לעבן פון די נשמות אין גן עדן התחתון און גן עדן העליון — אַזוי ווי עס ווערט דערקלערט אין זוהר און אין ספרי קבלה, און עס ווערט דער־קלערט מיט אויספירלעכע דערקלערונגען אין די ספרים ראשית חכמה, מעבר יבוק און אַנדערע, און דער וואָס איז אַ בעל נפש, קען זיך פאָרשטעלן די גרויסע שמחה וועלכע וועט זיין דעם דאָזיקן מעת־לעת אין דעם היכל פון בעל שם טוב, ווען עס וועלן זיך צונויפקלייבן די גרויסע נשמות, די חבריא קדישא,

זיינע תלמידים, און זייערע תלמידים און תלמידי תלמידים, די נשיאי ישראל מיט די מיליאָנען פון זייערע מקושרים.

עס איז קלאָר אַז איצט, ווען עס דערנעענטערט זיך די צייט פון מעריב, רופט מען אויס אין הימל וועגן דער פייערונג פון דעם געבורטס־טאָג פון מורנו הבעל שם טוב, מיט אַן אויסרוף: „דערוואַכט צדיקים און גרייט זיך צו צו דער הייליקער פייערונג". ווייל אַלע נשמות, ניט נאָר די נשמות פון צדיקים, נאָר אויך די יעניקע נשמות וואָס זיינען אויסגעלייטערט געוואָרן נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין באַקומען זייער שטראָף [146], האָבן דעם זכות זיך צו באַטייליקן אין דער דאָזיקער חגיגה, יעדע נשמה לויטן מהות פון איר התגלות אויף דער וועלט — ווייל אין זייער שורש אין אַצילות, און דעם שורש פון זייער שורש אין עצמות אין סוף ברוך הוא זיינען אַלע נשמות גליך, און זייער צעטיילונג איז נאָר אין די מדריגות פון זייער התגלות דאָ אונטן, און אין דעם אופן פון זייער עבודה. און לויט אָט־דער דאָזיקער מדריגה און לויט דעם דאָזיקן אופן איז אויך דער זכות פון די נשמות צו באַטייליקן זיך אין דער הייליקער חגיגה.

בפלגות ליליא קודשא בריך הוא אתי לאשתעשע עם צדיקיא בגינתא דעדן (האַלבע נאַכט קומט דער אויבערשטער צו פאַר־ברענגען מיט די צדיקים אין גן עדן) — ווי עס ווערט דערקלערט אין זוהר [147]) אויספירלעך, פאַרענטפערנדיק און דערקלערנדיק עטלעכע פסוקים, און די „שעשועים" וואָס דער אויבערשטער איז זיך משתעשע מיט די נשמות, זיינען אין די סודות פון דער תורה. און כאָטש אַז דאָס לעבן פון די נשמות אין גן עדן התחתון און גן עדן העליון איז אין אַ וועלט וואָס איז בלויז גוט און בלויז הייליק און האָט ניט קיין וואָכעדיקייט — ווייל אין יעדן עולם איז די מדריגה פון גן עדן פון יענעם עולם די מדריגה

פון אַצילות פון יענעם עולם, וואָס דאָס איז בלויז גוטס— פונ־דעסטוועגן איז אָבער אויך אין דעם פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן אַ וואָכן־טאָג און שבת און יום־טוב, און געוויס אַז די שעשועים וואָס דער אויבערשטער וועט זיך משתעשע זיין מיט די צדיקים אין גן עדן אין דער דאָזיקער נאַכט וועלן זיין אַזוי ווי די שמחה פון ימים־טובים.

ווען מען באַטראַכט זיך — זאָגט ווייטער דער רבי מוהרש״ב נ״ע — אין דער געשיכטע פון מורנו הבעל שם טוב און דעם אַלטן רבי׳ן, און זייער לעבנס־וועג אין אַ שווערער עבודה מיט מסירות נפש אויף קידוש השם, אין זייער מלחמה קעגן דעם בעל־דבר פון אויבן, און די קעגנערס פון זייער שיטה און תורה דאָ אונטן, און אַז, מיט דעם אויבערשטנ׳ס חסדים, האָבן זיי דאָס אַלץ באַזיגט, איז דאָס געוויס אַז די פייערונג פון זייער געבורטס־טאָג דאַרף מען פראַווען אין הימל אַזוי ווי די פייערונג פון גענעראַלן ווען זיי קומען צוריק פון שלאַכטס־פעלד מיט נצחון־קרוינען אין זייערע הענט.

מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא (דאָס מלכות פון ערד איז ענלעך צו דעם מלכות פון דעם הימל) [148]). אין „מלכותא דארעא" איז ווען אַ גענעראַל קומט צוריק פון אַ שלאַכט און ער האָט באַזיגט דעם שונא, גייט אים דער קיסר אַליין אַנטקעגן מקבל־פּנים צו זיין, און אַלע פירשטן און הערשער גייען אים נאָך, און אַלע צוזאַמען לויבן און רימען אים, און דער נאָמען פונעם גענעראַל ווערט פאַרשריבן אויף אַן אייביקן אָנדענק אין דער געשיכטע, צווישן די העלדן. היינט כל שכן אין הימלישן מלכות, וואָס זיין שכר איז דאָך געוויס אַ טאָפּעלער — קען מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן דעם געוואַלדיקן פאַרנעם פון דער שמחה און דער פראַכט און שיין וועלכער שיינט אין היכל פון בעש״ט.

ווי עס פירט זיך אין וועלט, איז באַ דער פייערונגען לכבוד דעם גענעראַל, באַקומען אויך זיינע זעלנערס און זייערע קאָמענ־דאַנטן מעדאַלן און מתנות — יעדער לויט זיין אויפגאַבע אין די פאָלקן פון דעם גענעראַל, און יעדער לויט זיין אַרבעט און לויט זיין איבערגעגעבנקייט צו זיין אַרבעט אין דעם גענעראַל׳ס אַרמיי. אַזוי איז אויך אין דער דאָזיקער הייליקער חגיגה, וועלן זיכער די גאַנצע חבריא קדישא און די תלמידי הבעל שם טוב און זיינע תלמידי תלמידים, די נשיאים פון אידן יעדער אין זיין דור, מיט זייערע מקושרים —אַלע, יעדער לויט זיין פאַרנעם, באַקומען אַ סך מתנות, און זייערע נשמות וועלן דערהויבן ווערן העכער און העכער.

אויך מיר, וועלעכע וואוינען דאָ אונטן אויף דער גשמיות׳־דיקער וועלט, ווערן דערמאָנט לטובה ולברכה אין דער תפילה פון דעם בעל השמחה, וועלכער איז מעורר רחמים אין הימל אויף די מקושרים פון זיינע מקושרים, וועלכע גייען אין זייערע וועגן און האָרעווען אויף דער תורה פון זייערע הייליקע טאַטעס און רביים צו גיין אין דעם ברייטן שליאַך צו דינען דעם באַ־שעפער, מיט עבודה שבלב און מתקן זיין די מדות און אהבת ישראל.

---

145) ח״י אלול תש״ג (קונטרס מה), עמודים 49־51.

146) אין קונטרס דאָרט עמוד 50 האָבן זיך די שורות פאַרביטן, און עס דאַרף זיין אַזוי ווי דאָ שטייט.

147) זוהר חלק א עב, א. צב און נאָך.

148) זע ברכות נח, א.

יז.

## קורצע ווערטער

ר׳ פנחס רייזעס [149]) האָט דערציילט להוד כ״ק אדמו״ר האמצעי, אַז ער האָט מקבל געווען פון דעם אַלטן חסיד ר׳ ברוך שמשון אין נאָמען פון זיין פאָטער —איינער פון די נסתרים — אַז מורנו הבעל שם טוב באַ זיין התגלות האָט מגלה געווען דעם חיות פנימי פון יעדער זאַך, וואָס דאָס איז זיין מהות [150]).

* * *

מורנו הבעל שם טוב האָט אַליין, און אויך דורך זיינע תלמידים און תלמידי תלמידים רבותינו הקדושים, איינגעקריצט אין בני ובנות ישראל, אַז יעדער איד איז אַ שליח פון עצמות, פון פשיטות עצמות אין סוף ב״ה [151]).

* * *

אַז דער אַלטער רבי פלעגט איבערזאָגן דעם בעל שם טוב׳ס אַ תורה, פלעגט ער פריער זאָגן מיט אַזאַ נוסח:

דעם זיידנס [151*]) אַ תורה, איז די ווערטער אַליין אַ סגולה צו השכלה, הבנה און יראת שמים, און אַז מען דערציילט אַ סיפור המעשה פון זיידן, איז דאָס אַ סגולה צו אריכות ימים און פרנסה בשפע [152]).

* * *

די מעלה עצמית פון נשמה, וואָס אין דער מעלה זיינען אַלע נשמות ישראל גלייך, ווי דער אַלטער רבי זאָגט [153]) כל הנשמות מתאימות — האָט מורנו הבעל שם טוב מגלה געווען.

מורנו הבעל שם טוב האָט מפרסם געווען די מעלה עצמית פון אידן און האָט דערביי מטעים געווען, אַז די מעלה עצמית איז באַ פשוט'ע אידן מער בגילוי ווי באַ לומדים [154]).

* * *

דער ענין אהבת ישראל וואָס איז געווען באַם בעל שם טוב איז געווען אומבאַשרייבלעך, אָן אַ שיעור. דער בעל שם טוב האָט אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט אידן. ביז צום יאָר תקט"ו האָט דער בעל שם טוב גערופן זיינע תלמידים מיטן נאָמען: אוהבים, ידידים, חברה אהובים, חברה ידידים, און אַזוי געפינט זיך אויך אין זיינע בריוו — נאָר די מתנגדים האָבן זיי געגעבן דעם נאָמען חסידים — דאָס האָט גענומען בערך איין און צוואַנציק יאָר [154]).

דער אַלטער רבי האָט אויף דעם געזאָגט:

דורשי רשומות פלעגן דרש'ענען: „א"ך (21) טוב ליש־ראל" [155]).

* * *

דער בעל שם טוב האָט מגלה געווען, אַז יעדער איד האָט בכח אויפצוטאָן גדולות אין דעם אויספירן די כוונת הבורא ב"ה אין דער בריאה. און דער רבי — רבנו הזקן — און די רביים האָבן מגלה געווען מיט וואָס יעדער קען אַרויסברענגען דעם כח אויף אויפצוטאָן אין דער בריאה די כוונת הבורא ב"ה [156]).

* * *

דער בעל שם טוב פאַר זיין התגלות איז געווען אַ באַהעלפער באַ אַ מלמד און פלעגט פירן די קינדער אין חדר אַריין, און זיי ברענגען צוריק אַהיים. ער פלעגט זיי קושן פאַר גרויס ליבשאַפט אין אהבת ישראל. און דער מעזריטשער מגיד האָט געזאָגט, אַז ער ווינטשט זיך צו קושן אַ ספר תורה מיט דער זעלבער ליבשאַפט

ווי דער בעל שם טוב פלעגט קושן אַ אידיש קינד וואָס האָט געזאָגט אלף־בית [157]).

* * *

דער בעל שם טוב האָט אַוועקגעשטעלט דעם „סולם" (לייטער); דער אַלטער רבי האָט געגעבן כחות אַרויפצוגיין אויפן סולם, אַז יעדער איד זאָל קענען צוקומען למעלה [158]).

* * *

מורנו הבעל שם טוב נ"ע האָט באַוויזן איך צריכים — ווי דאַרף מען דינען דעם אויבערשטן. מורנו רבנו הגדול — דער אַלטער רבי — נ"ע האָט באַוויזן איך אפשר — ווי קען מען דינען דעם אויבערשטן [158*]).

* * *

חסידות און רביים זיינען געוועזן מיום שברא הקב"ה אדם על הארץ. דער ערשטער מענטש וואָס איז געוועזן אויף דער וועלט איז געוועזן אַ חסיד, ווי די גמרא זאָגט (עירובין יח, ב) אדם הראשון חסיד גדול הי'.

בכל דור ודור זיינען געוועזן רביים און חסידים, נאָר דאָס איז אַלץ געוועזן אַ סדר פון נסתר, צדיקים נסתרים, ביז השי"ת האָט מגלה געוועזן אַ קו פון גילוי אַז עס זאָלן זיין רביים און חסידים גלוים, און האָט אונז מגלה געוועזן דעם בעל שם טוב הקדוש.

פון דעם יום הבהיר וואָס דער בעל שם טוב הקדוש איז נתגלה געוואָרן, הויבט אָן מאיר זיין דער אור החסידות בגילוי און עס הויבט זיך אָן אַ קו פון התגלות המאור און קירוב המאור אל הניצוץ.

ביז דעם בעל שם טוב הקדוש און אויך אַ זמן בחייו זיינען געוועזן רביים און חסידים. נאָר דאָס זיינען געוועזן נסתרים. מיט

דער התגלות פון בעל שם טוב הקדוש איז נתגלה געוואָרן דער אילנא דחיי מיט ענפים פון רביים מאורי אור בקרב ישראל [159].

* * *

דער רבי (מהורש"ב) נ"ע האָט געזאָגט: דער בעל שם טוב איז דער ראש המחנכים און דער אַלטער רבי איז דער ראש המדריכים [160].

* * *

איינמאָל אויף יחידות האָט הרה"ח המקובל ר' לייב נ"ע האָפּמאַן געזאָגט דעם רבי'ן מהר"ש נ"ע, אַז בּאַ אים איז עפּעס אָפּגעלייגט אַז דער בעל שם טוב, דער מעזריטשער מגיד און דער אַלטער רבי איז כח"ב (כתר־חכמה־בינה) פון חסידות.

דעם רבינ'ס פנים האָט זיך פאַרענדערט און שטאַרק צע־פלאַמט געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט געזאָגט: דאָס איז אַזוי נאָר אין דעם כללות הגילוי מלמעלה, היינו אין דעם סדר התגלות תורת החסידות בדרך מלמעלה למטה, איז בּאַ אונז דער בעל שם טוב, דער מעזריטשער מגיד און דער רבי דער כה"ב פון חסידות, און אַזוי איז במוחש בפועל, דער סדר פון התגלות הבעל שם טוב איז ווי דער סדר פון גילוי הכתר, מתעלם ומתגלה ובהתגלותו הוא כתר ומקיף עומק רום ועומק תחת כחדא, און אַזוי איז געווען דער סדר ההתגלות פון בעל שם טוב תחלה נסתר ונעלם ואחר כך התגלה ובהתגלותו איז דאָס געווען מקיף הכללי, וואָס ער איז סובב ומקיף עומק רום און עומק תחת כחדא, עליית הנשמה און אַ מופת בהשואה גמורה.

דעם מגיד האָט דער בעל שם טוב ניט גענומען ניט מיט מופתים און ניט מיט מקיפים, דער מגיד האָט געזוכט השכלה נקודת החכמה און אַז ער האָט דאָס געפונען בּאַ דעם בעל שם טוב איז ער געוואָרן זיינער.

דעם רבי'ן האָט ניט גע'פועל'ט קיין השכלה, ער האָט גע־זוכט הבנה. דער טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז דער זיידע האָט אים דערציילט, אַז איך האָב זיך ב"ה שוין געשטעלט אויף אַ שטאַנד אין ידיעת התורה, האָב איך געזוכט הבנה, דעמאָלט האָט זיך געהערט אין דער וועלט אַז עס איז דאָ צוויי ערטער ווילנא און מעזריטש, אין ווילנא לערנט מען לערנען, און אין מעזריטש לערנט מען דאַווענען. איך האָב געזוכט דעם בינא ליבא, און על פי נס בין איך געקומען אין מעזריטש און דאָרטן האָב איך ב"ה געפונען וואָס איך האָב געזוכט במדה מרובה.

אָבער דאָס איז אַלץ אין דעם סדר באופן מלמעלה ווי דער סדר ההנהגה פון השגחה עליונה, אין דעם מקום המדריגות, אין סדר העבודה איז דער בעל שם טוב, דער מעזריטשער מגיד און דער רבי — הב"ד, און האָט מסיים געווען מיט דעם פסוק הוי' וכו', הוי', אַז עס זאָל זיין דער דערהער פון שם הוי' אין עולם מיט הבנה וקליטה איז בחכמה יסד ארץ דער בעל שם טוב, כונן שמים בתבונה איז דער מעזריטשער מגיד, בדעתו, וואָס דאָס איז דער דעת פון דער גליא שבתורה וחסידות מיט דער עבודה שבלב במסירת־נפש בפועל, תהומות יבקעו דאָס איז דער רבי, וואָס דורך דעם איז ושחקים, אַלע רביים וואָס בעבודתם והדרכתם צערייבן זיי דעם לב אבן און מאַכן אַ לב בשר, ירעפו טל ביז ביאת המשיח [161].

* * *

דער בעל שם טוב האָט מגלה געווען דעם ענין פון דעם פאַרבונד פון אהבת ה' אהבת התורה און אהבת ישראל. דער מעזריטשער מגיד האָט מגלה געווען די השכלה און השגה אין דעם דאָזיקן פאַרבונד פון די דריי אהבות, מיט דער פנימית־דיקער דערקלערונג פון די דריי אופנים פון אהבה, בכל לבבך,

בכל נפשך ובכל מאודך. און דער אַלטער רבי האָט מגלה געווען דעם דרך ווי אַזוי יעדער איינער קען, דאַרף און מוז ברענגען אָט די דריי אהבות צו אַ פּועל, זאָגנדיק אַז אהבת ישראל איז דער טויער צום אַרויפגאַנג (שער העליי) וואָס אויף דעם טויער איז אָנגעשריבן מיט ליכטיקע ווערטער „דא תרעא לאעלאה" (דאָס איז דער טויער צו דערהויבונג)[162].

* * *

צו דעם בעל שם טוב איז געווען גענוג אַז מען איז געווען אַ מקושר (אַ צוגעבונדענער). דער ענין פון התקשרות איז צו טאָן אַ זאַך בפּועל לויט זיינע אָנווייזונגען, ווי למשל זאָגן אותיות שבתורה אָדער שטאַרקן זיך אין אהבת ישראל.

צום מעזריטשער מגיד האָט מען געדאַרפט לערנען, און עס איז ניט געווען גענוג בלויז התקשרות (זיין פאַרבונדן), נאָר מען האָט געדאַרפט זיין באַ אים, זען אים און לערנען זיך באַ אים די הנהגה.

צום אַלטן רבי'ן איז ניט געווען גענוג דער ענין פון התקשרות און אויך ניט דער ענין פון זען אים און לערנען זיך פון זיינע דרכים. מען האָט געדאַרפט פאַרשטיין, און די וואָס האָבן אים פאַרשטאַנען, זיינען געווען גאָר אַנדערע פון די אַנדערע חסידים, ניט נאָר פון די מקושרים, נאָר אויך אַפילו פון די גרויסע בעלי־השכלה[163].

* * *

דער רבי דער צמח צדק שרייבט — אין זיין ספר החקירה[164]) — וועגן מורנו הבעל שם טוב ז"ל:

אַזוי ווי ער איז ניט געווען זינט די ערשטע צייטן. ער האָט באַוויזן פלאי פלאים (וואונדער איבער וואונדער) און ניסים וואָס זיינען העכער פון נאַטור, ווי איך האָב געהערט פון מיין זיידן

— דער אַלטער רבי — אַז ער, דער בעל שם טוב, און זיין תלמיד דער מעזריטשער מגיד נ"ע האָבן געזען ממש פון איין עק וועלט ביזן צווייטן, מיט אַ זעענדיקן אויג און זיי פלעגן זאָגן וואָס זיי האָבן געזען, און זייערע תלמידים האָבן דאָס געזען באַשיינ־פערלעך. דאָס איז דערפאַר וואָס פאַר זיי איז געווען אַנטפּלעקט דאָס ליכט וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן דעם ערשטן טאָג, און דער אויבערשטער האָט עס באַהאַלטן אין תורה כו׳. אויך פון זיידן האָבן מיר געהערט פאָראויסזאָגונגען וועלכע זיינען שפּע־טער פּינקטלעך געשען.

* * *

דער פּירוש הפּסוק לעולם ה׳ דברך נצב בשמים שטייט אין שער היחוד והאמונה (פרק א) אין נאָמען פון מורנו הבעל שם טוב, הגם דער ענין איז דאָ אין מדרש תהלים (במקומו).

האָט דער רבי מוהר"ש אַמאָל געפרעגט באַ זיין פאָטער, דער רבי דער צמח צדק, פאַרוואָס ברענגט דער אַלטער רבי דעם פּירוש אין נאָמען פון בעל שם טוב און ניט אין נאָמען פון מדרש.

דער רבי דער צמח צדק האָט געענטפערט, אַז ער האָט ביז איצט — ווען דער רבי מהר"ש האָט אים געשטעלט די פראַגע — ניט געטראַכט וועגן דעם. ווען ער וועט זיך זען מיטן זיידן — דעם אַלטן רבי'ן — וועט ער באַ אים פרעגן דעם טעם און דאַן וועט ער אים זאָגן. אין אַ צייט אַרום האָט דער רבי דער צמח צדק גערופן דעם רבי'ן מהר"ש און האָט אים געזאָגט:

איך האָב געזען דעם זיידן — דעם אַלטן רבי'ן — און איך האָב באַ אים געפרעגט דעם טעם פאַרוואָס ער ברענגט דעם פּירוש אויף לעולם ה׳ דברך נצב בשמים אין נאָמען פון בעל שם טוב, האָט ער מיר געענטפערט:

דעם מדרש רבה האָט מסדר געווען ר׳ אושעיא *[164]), איז דער ערשטער מאמר פון מדרש רבה פתח ר׳ אושעיא, עס זאָל בלייבן פאַר אַן אייביקן זכרון דער נאָמען פון ר׳ אושעיא. אַזוי האָט אויך געטאָן רש״י, ער הויבט אָן זיין פירוש אויף תורה אמר ר׳ יצחק, וואָס מיט דעם האָט ער געמאַכט אַן אייביקן זכרון צו זיין פאָטער ר׳ יצחק[165]). דער זיידע — דער אַלטער רבי — האָט געוואָלט מאַכן אַן אייביקן זכרון צום ליכטיקן טאָג ח״י אלול, וואָס דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן. די קביעות היום פון ח״י אלול אין יאָר תנ״ח איז געווען ביום ב׳ (מאָנטיק), וואָס אין מעשה בראשית איז אין יום ב׳ דער מאמר יהי רקיע. דערפאַר האָט דער זיידע געבראַכט דעם פירוש אויף דעם פסוק לעולם ה׳ דברך נצב בשמים אין נאָמען פון דעם בעל שם טוב נ״ע[166]), וואָס מיט דעם האָט דער זיידע געמאַכט אַן אייביקן זכרון צום געבורטס־טאָג פון בעל שם טוב נ״ע, ח״י אלול, וועל־כער איז אויסגעפאַלן ביום השני[167]).

* * *

דער רבי (כ״ק אדמו״ר מהרש״ב) נ״ע האָט געזאָגט[168]):

דער טאַנץ אין אַ רעדל ווי עס פירט זיך באַ חסידים, איז נתחדש געוואָרן אין די צייטן פון בעל שם טוב. מחול איז מקיף, דער ערשטער גילוי מוז זיין אַ מקיף (אַן אַרומנעמענדיקער), ער באַגרענעצט זיך ניט אין כלים בכלל און אין פנימיות בפרט. דער זיידע, רבנו הגדול, מיט זיין מסירות נפש אויף חסידות און אויף חסידים האָט מיישב געווען דעם מקיף אין אַ פנימיות און האָט געמאַכט כלים צו פנימיות. איצטער אַז חסידים גייען אַ טאַנץ איז דאָס אורות בכלים און אור מקיף רוט אויף זיי, און דער מקיף פועל׳ט אין פנימי.

* * *

דער רבי (כ״ק אדמו״ר מהורש״ב) נ״ע האָט געזאָגט[169]:

דער בעל שם טוב איז געבאָרן געוואָרן ח״י אלול — דער בעל שם טוב האָט מיט חסידות אויפגעטאָן אַ חיות אין דער עבודה פון אני לדודי ודודי לי (אלו״ל).

* * *

דער רבי (כ״ק אדמו״ר מהורש״ב) האָט געזאָגט[170]:

דער בעל שם טוב האָט געעפנט די טויערן פון פנימיות התורה און דער אַלטער רבי האָט געעפנט די טויערן פון חב״ד. דער בעל שם טוב האָט אַריינגעטראָגן חיות אין עבודה און דער אַלטער רבי האָט באַלויכטן דעם דרך הבעל שם טוב. ער האָט אַרויסגעטריבן די פאַרשמאָלצענע מרה שחורה און עצבות, און האָט צוגעבראַכט צו דעם אַז אַ צדיק האָט אויף זיך אויך די מצוה פון תשובה טאָן. די חסידות וואָס דער אַלטער רבי והבאים אחריו האָבן אונז געגעבן איז אַ גילוי משיח.

* * *

אַלעמען איז גוט באַוואוסט דער ענין פון השגחה פרטית, ווי דער בעל שם טוב איז מבאר, אַז אַפילו אַ שטרויעלע און אַן אָפּגעריסענע בלעטעלע וואָס וואַלגערט זיך אין גאַס איז פאַראַן אַ דין ומשפט וויפיל מאָל זיי זאָלן זיך אומדרייען און וואו, אין וואָסערע ערטער זיי זאָלן זיך וואַלגערן.

דער בעל שם טוב נ״ע זאָגט, אַז הקב״ה איז מסבב כמה סבות מסבות שונות בכדי דורכפירן אַ השגחה פרטית פון אַ קליינעם נברא ויצור, אַז בכדי אַז אַן אַראָפּגעפאַלענע בלעטל פון אַ בוים וואָס וואַלגערט זיך נאָך פון פאַראַיאָרן ערגעץ וואו אין אַ הינטער־הויף, אָדער אַ שטרויעלע פון אַ זאַנג מיט וועלכער מען האָט מיט אייניקע יאָר פריער צוגעדעקט אַ דאַך אין אַ דאָרף זאָלן זיך רירן פון זייערע ערטער און אַריבער אין אַן אַנדער

אָרט, איז צוליב דעם ברעכט אויס אין אַ הייסן זונען־שיינענדיקן טאָג אַ שטורם־ווינט וואָס קערט הימל און ערד, און דעמאָלט ווערט דורכגעפירט די השגחה פּרטית אויף דעם אַראָפּגעפאַלענעם בלעטל און דער אַלטער שטרויעלע.

דער בעל שם טוב נ״ע גיט צו פאַרשטיין, אַז אַלע נבראים יעדער איינער האָט אַ באַזונדער באַטרעף למעלה. יעדע באַשעפעניש פאַרנעמט גאָר אַ באַזונדער אָרט לויט זיין מהות. עס איז ניט גלייך אַ דומם צו אַ צומח, אַ צומח צו אַ חי און אַ חי צו אַ מדבר, און אין מדבר גופא זיינען ישראל עם קרובו. נאָר די השגחה פּרטית איז אַפילו אויף דער גרעסטער קליינינקייט, און איז מסיים אַז די השגחה פּרטית וואָס על עם קרובו ית׳ דאָס קען מען גאָר ניט אויסמאָלן. והדברים קל וחומר ומה דבר קטן כזה אם העלה הנתלש או הקש יהי׳ במקום זה או יטולטל למקום אחר הוא בהשגחה פּרטית ומכל שכן דאָס וואָס עס איז נוגע אַ אידן הוא בהשגחה פּרטית וואָס מען קען דאָס ניט פאַרשטיין [171]).

* * *

דער רבי (כ״ק אדמו״ר מהורש״ב) נ״ע האָט אַמאָל געזאָגט:

מ׳דאַרף וויסן אַז דער בעל שם טוב איז ניט געווען מופשט פון וועלט, ער איז געווען אין וועלט, און דווקא אָנגעטאָן אין וועלט און דאָ האָט ער דערהערט אלקות [*171]).

---

149) זון פון הגאון ר׳ חנוך העניך שיק פון שקלאָה. — זע וועגן אים שיחת כ״ה שבט תרצ״ו.

150) ספר המאמרים תש״י (קונטרס עב), עמוד 87.

151) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כז), עמוד תצג.

*151) געמיינט דעם בעל שם טוב.

152) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יד), עמודים 508־רנה.
153) זע תניא פרק לב.
154) דער בעל שם טוב איז נתגלה געוואָרן אין יאָר תצ"ד. זע אויבן פרק ב'.
155) ספר המאמרים תש"י (קונטרס עב), עמוד 86.
156) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כג), עמוד תכז.
157) ספר המאמרים תש"ט (קונטרס סד), עמוד 87.
158) שיחת יום שבת קודש תבא תש"ה, קובץ ליובאַוויטש, חוברת 9, עמוד 57.
158*) ספר המאמרים תש"ח, עמוד 292.
159) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ג), עמודים 129־סא.
160) ח"י אלול תש"ג (קונטרס מה), עמוד 51.
161) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ב), עמודים לו־סז.
162) ספר המאמרים תש"ט (קונטרס צה), עמוד 2.
163) ספר המאמרים תש"ט (קונטרס סד), עמוד 89.
164) עמוד סה.
164*) זע רמב"ם אין זיין הקדמה צום יד החזקה, בעל הרוקח אין זיין הקדמה און נאָך.
165) זע סדר הדורות, ערשטער טייל, ד"א תתס"ה.
166) זע כתובות כב, ב. אָבות פ"ד מ"ט. ויקרא רבה פט"ז ב (לויט דער גירסא פון מחזור ויטרי) אַז צוליב אַ געוויסן טעם ווערט געבראַכט אַ פסוק אין נאָמען פון אַן אַמורא אָדער תנא.
167) קונטרס ח"י אלול תש"ג, ע' 17, 14. זע אויך ספר השיחות קיץ ה'ש"ת, ע' 170.
168) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ב), עמודים לד־68.
169) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (לקוט כ), עמוד לה.
170) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט כ), עמודים 68־לה.
171) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ד), עמודים 166־168.
171*) ספר השיחות תורת שלום, ע' 45.

## יח.

# זיין הסתלקות

ביי דער סעודה ל״ג בעומר תק״כ, ביי וועלכער דער בעל שם טוב איז געווען זייער אויפגעלייגט, האָט ער געזאָגט:

ואהבת את ד׳ אלקיך[172]) — ואהבת איז בגימטריא צוויי מאָל „אור״ (ליכטיקייט), „אור״ באַטרעפט בגימטריא רז (סוד) — זר (אַ פרעמדער). די עבודה פון צדיקים איז צו אַנטפלעקן דעם רז (סוד) וועלכער איז פאַראַן אויך ביים זר (פרעמדן), און פון דעם ווערט „אור״, דורך „ואהבת״ וואָס דאָס איז צוויי מאָל „אור״ — אור ישר און אור חוזר. אור באַטרעפט אין מספר קטן ט׳, צוויי מאָל אור איז צוויי מאָל ט, וואָס דאָס איז י״ח (18) — אין אַכצן טעג אַרום וועל איך זוכה זיין צום אור חוזר, אַזוי ווי עס שטייט[173]) והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה — די נשמה קערט זיך צוריק צום אויבערשטן, וועלכער האָט איר געגעבן, און רוח ברענגט רוח און ציט אַראָפּ רוח מיט אַ נייעם אור וועלכער וועט לייכטן ביז משיח וועט קומען[174]).

* * *

כ״ק אדמו״ר מוהרש״ב נ״ע האָט דערציילט אור ליום ח״י אלול תרנ״ז וועגן דעם ניגון פון הרה״צ ר׳ מיכל זלאָטשובער:

עס איז באַ אונז בקבלה אַז דעם ניגון האָט דער בעל שם טוב נ״ע אָנגערופן מיטן נאָמען „התעוררות־רחמים־רבים ניגון״ (אַ ניגון וואָס דערוועקט רחמים).

אויף דעם ניגון האָט מיר דער טאַטע — הוד כ״ק אדמו״ר

מוהר"ש — געזאָגט אַז עס איז בקבלה וואָס ער האָט געהערט פון פאָטער — הוד כ"ק אדמו"ר צמח צדק — אין נאָמען פון זיין זיידן כ"ק אדמו"ר דער אַלטער רבי, וואָס דער רבי האָט מקבל געווען פון זיין רבי'ן דער מעזריטשער מגיד, וועלכער איז געווען אַנוועזנד אין יענער צייט, אַז דער בעש"ט פאַר זיין הסתלקות האָט געהייסן זינגען דעם התעוררות רחמים רבים ניגון — פאַרפאַסט פון הצדיק ר' מיכעלע זלאָטשובער. ווען מ'האָט געענדיקט זינגען האָט דער בעל שם טוב געזאָגט:

איך פאַרזיכער צו אייערע דורות אַז ווען און וואו און ווער עס וועט זינגען דעם התעוררות־רחמים־רבים־ניגון מיט אַ תשובה־התעוררות, איז אין וואָס פאַר אַ היכל איך וועל זיין וועל איך הערן. עס געפינען זיך מלאכים וואָס ברענגען ידיעות און בשורות צו נשמות — און איך וועל אויך מיטזינגען און מעורר רחמים רבים זיין אויף די תשובה־זינגער [175].

און כ"ק אדמו"ר מהורש"ב נ"ע האָט פאַרענדיקט:

דער בעש"ט פאַרזיכערט אַז מען וועט זינגען דעם ניגון מיט אַ תשובה־דערוועקונג וועט ער העלפן אין דער התעוררות רחמים רבים.

* * *

דער בעל שם טוב נ"ע האָט געזאָגט פאַר זיין הסתלקות, אַז ער האָט אַ ברירה צו זיין ווי ביי אליהו הנביא [176]) ויעל אליהו בסערה השמים (ער איז אַרויף אין הימל אין אַ שטורעם), נאָר ער וויל ניט דורכלאָזן וואָס עס שטייט [177]) כי עפר אתה ואל עפר תשוב (וואָרום דו ביזט ערד און צו ערד וועסטו צוריק־קומען [178]).

* * *

עס איז אָנגענומען ביי וואָלינער אידן אַז דער בעל שם טוב

איז נסתלק געוואָרן אין אַ מיטוואָך, און דער סימן איז „ביום שנתלו המאורות" (דער טאָג ווען די ליכט זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן אין הימל), און לויט דעם איז קלאָר, אַז דעם בעל שם טוב'ס הסתלקות איז געווען דעם ערשטן טאָג שבועות (די קביעות פון שבועות תק"כ איז געווען מיטוואָך און דאָנער־שטאָג [179]).

* * *

אויף מאָרגן נאָך דעם ווי דער אַלטער רבי איז אַרויס פון תפיסה (מיטוואָך אין דער פרי — כ' כסלו תקנ"ט), נאָכן דאַוו ע־נען האָט ער געזאָגט:

וועגן מיטוואָך שטייט יהי מארות — חסר — (אָן אַ ו'), און האָט געטייטשט לויט דעם רמב"ן [180], אַז דאָס ליכט וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן דעם ערשטן טאָג פון דער בריאה האָט געלויכטן דריי טעג — דריי דורות, דער בעל שם טוב, דער מגיד — און (ער האָט זיך אָפּגעשטעלט). דעם פערטן טאָג זיינען „נטלו המאורות" — די ליכטער צוגענומען געוואָרן — די הסתלקות פון בעל שם טוב איז געווען מיטוואָך — אָבער דעם זעלבן טאָג איז אויך „נתלו המאורות" (מיט אַ תי"ו) — זיינען די ליכטער אויפגעהאַנגען געוואָרן אין הימל. איצטער וועגדעט זיך אָן חסידים — עס וועגדט זיך אָן אייך [181]).

* * *

מורנו רבי ישראל בעל שם טוב זכרונו לברכה איז נסתלק געוואָרן מיטוואָך, דעם ערשטן טאָג שבועות אין יאָר ה' אלפים חמש מאות ועשרים (פינף טויזנט פינף הונדערט און צוואַנציק) — ווען ער איז אַלט געווען איין און זעכציק יאָר אַכט חדשים און אַכצן טעג [182]).

---

172) דברים ו, ה.
173) קהלת יב, ז.
174) לקוטי דבורים דריטער באַנד (ליקוט ל), עמוד 1054.
175) ח"י אלול תש"ג (קונטרס מה), עמוד 35.
176) מלכים ב, ב, יא.
177) בראשית ג, יט.
178) לקוטי דבורים ערשטער באַנד (ליקוט ד), עמוד 192.
179) לקוטי דבורים ערשטער באַנד (ליקוט ב), עמוד לב.
180) אויף דעם פסוק (בראשית א. יד).
181) לקוטי דבורים ערשטער באַנד (ליקוט ב), עמוד מב.
182) לקוטי דבורים דריטער באַנד (ליקוט ל), עמוד 1054.

יט.

# תורות פון בעש״ט ז״ל

## בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ (אין אָנהויב האָט ג־ט געשאַפן הימל און ערד)

(בראשית א, א)

בראשית — דער אָנהויב עבודה איז ברא אלקים — צו אַנט־פלעקן (ברא מיינט אויך אַנטפלעקן) [183] דעם שם אלקים, את השמים ואת הארץ — אין הימל און אויף דער ערד [184].

* * *

בראשית — דער אָנהויב עבודה אין עבודת ד׳ איז ברא — אַנטפלעקונג — אלקים — צו אַנטפלעקן די פנימית׳דיקע און עצמית׳דיקע כוונה פון שם אלקים, אַזוי ווי עס שטייט [185] ה׳ הוא האלקים, וואָס דורך דעם וועט נתגלה ווערן די פנימיות פון את השמים ואת הארץ, וואָס דאָס זיינען די פיר אותיות אלף, הא, ויו, הא, פון דעם שם הוי׳ דלעילא, וואָס זיי זיינען דער תכלית פון דער באַשאַפונג און איר דערהויבונג אין אין סוף ברוך הוא [186].

* * *

בראשית ברא אלקים — דער ענין פון בראשית איז ב׳ ראשית, צוויי ראשית׳ן (אָנהויבן) ראשית פון בריאת העולם — דער וועלטלעכער ראשית, און דער תורה־ראשית. בראשית ברא אלקים — די צוויי ראשית׳ן זיינען בכדי עס זאָל זיין ברא אלקים, מען זאָל מגלה זיין די אמת׳ע כוונה פון שם אלקים.

ספירת הכתר [187]) איז ראשית און ספירת החכמה איז ראשית. דער ראשית פון ספירת הכתר איז העלם (פאַרבאָרגנקייט), דער ראשית פון ספירת החכמה איז גילוי (אַנטפּלעקונג), ראשית חכמה יראת ה׳ [188]). דער אור און חיות פון חכמה וואָס לייכט אין שבת בראשית ווערט נמשך אויף דעם גאַנצן יאָר, וואָס אַלע טעג פון יאָר, סיי די וואָכעדיקע טעג, שבת און אַלגעמיינע ימים טובים, סיי די פּערזענלעכע ימים טובים פון יעדן יחיד, דער טאָג וואָס ער גייט אַריין אין חדר, דער טאָג פון בר מצוה און אַנדערע טעג פון דעם מענטשנס לעבן, און געשעענישן — זיינען זיי אַלע מקבל פון דעם שבת בראשית [189]).

* * *

## בא אל התיבה (קום אַריין אין דער תיבה)

(בראשית ז, א)

בא אל התיבה — אַז מען באַדאַרף זיך צוקלעפּן — דביקות — און אַריינגיין אין די ווערטער פון תפילה און תורה, און די פּשוט׳ע אידן וואָס ווייסן ניט דעם טייטש פון די ווערטער זאָלן זאָגן די ווערטער, אפילו ניט ווייסנדיק דעם טייטש [190]).

* * *

## וירא מלאך הוי׳ אליו בלבת אש מתוך הסנה גו׳

(שמות ג, ב־ג)

זע אויבן ע׳ פה.

* * *

## על כל דבר פשע גו׳ (וועגן יעדער זאַך פון זינד כו׳)

(שמות כב, ח)

על כל דבר פשע על שור על חמור על שה על שלמה על כל אבדה וגו׳, פשע איז ר״ת פירוקו של עול (אויסגעטאָן זיך

פון יאָך). פרעגט דער בעש"ט אייגנטלעך ווי קומט צו זיין אַ פּורק עול אַ גוף וועלכער איז געבאָרן געוואָרן בטהרה דורך אַ כשר'ע מקוה, וואָס דאָס וואָס פערציק סאה זיינען מטהר איז אַ חוקה, וואָס דאָס איז דאָך דער ענין פון קבלת עול וכו', איז ווי קומט צו אַ נשמה דער ענין פון פריקת עול?

איז דער תירוץ — על שור, שור איז דער יצר הרע ווע־מענס שורש איז פון פני שור (פון דער מרכבה עליונה), — על חמור, חמור איז קרירות (קאַלטקייט), חמרא אפילו בתקופת תמוז קרירא לי' [191] (אַן אייזל אפילו תמוז צייט איז אים קאַלט), עס מאַכט קאַלט די וואַרעמקייט פון שמש ה', — על שה, מיינט שה פזורה ער צעשפּרייט זיך אין אַלעס: אַלעס וויל ער, אַלעס דאַרף ער, — על שלמה, שלמה מיינט די לבושים, — על כל אבדה, וואָס דורך דעם פאַרלירט מען אַלעס און ער ווייסט ניט ביי וואָס ער האַלט [192]).

* * *

## כי תראה חמור שנאך רבץ תחת משאו וחדלת מעזב לו עזב תעזב עמו (ווען דו וועסט זען דיין שונא'ס אייזל ליגט אונטער זיין לאַסט, און דו וועסט זיך אָפּהאַלטן פון צו העלפן אים, (איז די מצוה) דו זאָלסט אים צוהעלפן).

(שמות כג, ה)

כי תראה חמור: אַז דו וועסט זיך גוט איינקוקן אין דיין חומר, דאָס איז דער גוף, תראה שנאך — וועסטו זען אַז ער איז דיינער אַ שונא, ער האָט פיינט די נשמה וועלכע בענקט נאָך ג־טלעכקייט און רוחניות, און נאָך וועסטו זען אַז ער איז רובץ תחת משאו — די משא פון תורה ומצוות וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבן דעם גוף אויף אויסצולייטערן אים, און דער גוף פוילט זיך צו מקיים זיין זיי, וועט דיר אפשר איינ־

פאַלן וחדלת מעזוב לו — דו וועסט זיך אָפּהאַלטן פון צוהעלפן אים אויספירן זייך — דעם גוף׳ס — שליחות, דו וועסט אָנהויבן פייניקן זיך כדי צו צעברעכן די חומריות, איז אָבער ניט מיט דעם וועג וועט רואין דער אור התורה, נאָר עזוב תעזוב עמו — מברר זיין און אויסלייטערן דעם גוף (און מיט אים טאָן די עבודה) און ניט ברעכן אים דורך סיגופים [193]).

* * *

ואהבת לרעך כמוך (דו זאָלסט ליב האָבן דעם צווייטן ווי זיך).
(ויקרא יט, יח)

ואהבת את ד׳ אלקיך (דו זאָלסט ליב האָבן ג־ט דיין ג־ט).
(דברים ו, ה ; יא, א)

דער אַלטער רבי האָט געזאָגט אין נאָמען פון מעזריטשער מגיד, וואָס ער האָט עס געזאָגט אין נאָמען פון בעל שם טוב:

ואהבת לרעך כמוך איז אַ פּירוש און אַ דערקלערונג אויף ואהבת את ד׳ אלקיך. ווען מען האָט ליב אַ אידן האָט מען ליב דעם אויבערשטן, ווארום אַ איד איז אַ חלק אלוקה ממעל, און ווען מען האָט ליב אַ אידן דאָס הייסט מען האָט ליב דעם אידנס פּנימיות, האָט מען ממילא ליב דעם אויבערשטן [194]).

* * *

שמוע בין אחיכם ושפטתם צדק (הערט אויס צווישן אייערע ברידער און אורטיילט מיט גערעכטיקייט).
(דברים א, טז)

זע אויבן עמודים מח־מט.

* * *

**שמע ישראל הוי׳ אלקינו הוי׳ אחד** (הער, ישראל, הוי׳ אונזער ג־ט, הוי׳ איז איינער).
(דברים ו, ד)

די אתוון רברבן (גרויסע אותיות) אין דעם פסוק זיינען עד דע, דער טייטש איז אַז עס דאַרף זיין דער דע (וויסן), מען זאָל וויסן דעם עד (עדות) וואָס אין דער נשמה, וואָס דאַמאָלס האָט ער אַ השגה אין עצמות הנשמה [195]).

* * *

**ושננתם לבניך ודברת בם בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך** (און דו זאָלסט זיי (דברי תורה) איבער׳חזר׳ן פאַר דיינע קינדער און וועגן זיי רידן ווען דו זיצט אין דיין שטוב און ווען דו גייסט אין וועג און ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף).
(דברים ו, ז)

דער אַלטער רבי האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים אין נאָ־מען פון בעל שם טוב:

ושננתם — דו זאָלסט משנן זיין, לשון שינון, לבניך — צו די וואָס ווילן פאַרשטייך, ודברת בם — זאָלסט אַריינריידן אין זיי, און דאָס וועט העלפן, בשבתך בביתך — די אייגענע ניצוצות מברר זיין, ובלכתך בדרך — מברר זיין אין יענעם און אין עולם, און דאָס איז נוגע ובשכבך — דעם טאָג פון טויט, ובקומך — תחיית המתים [196]).

* * *

**והי׳ כי תבוא אל הארץ אשר ד׳ אלקיך נתן לך נחלה וירשתה וישבתה בה. ולקחת גו׳ ושמת בטנא**

# והלכת אל המקום אשר יבחר ד' אלקיך לשכן שמו שם

(און עס וועט זיין, אַז דו וועסט קומען אין דעם לאַנד וואָס ג־ט, דיין ג־ט גיט דיר פאַר אַ נחלה, און דו וועסט עס ירש'ענען און דאָרט זיצן. זאָלסטו נעמען גו' און זאָלסט דאָס אַריינלייגן אין אַ קאָרב און גיין צו דעם אָרט וואָס ג־ט, דיין ג־ט וועט אויס־קלייבן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרט).

(דברים כו, א־ב)

(אינהאַלט פון בעש"ט'ס תורה ח"י אלול תרנ"ב נאָך קבלת שבת — ווי זי איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע):

והי' כי תבוא אל הארץ גו'. ארץ לשון מרוצה ולשון רצון, אַזוי ווי עס שטייט אין מדרש. אַז דו וועסט צוקומען צום רצון וואָס איז אַ מתנה פון אויבן און אַ ירושה אין איטלעכן אידן, איז די עבודה דאַרף זיין וישבת אַראָפּטראָגן אין התישבות, ולקחת גו' ושמת בטנא, ממשיך זיין אורות אין כלים, והלכת אל המקום אשר יבחר ה' אלקיך, אַ איד דאַרף וויסן אַז ער גייט פון איין אָרט אין דעם אַנדערן, איז ניט ער גייט אַליין נאָר מ'פירט אים מלמעלה, און די כוונה איז לשכן שמו שם, אויף מפרסם זיין ג־טלעכקייט אין דעם אָרט וואו ער איז.

(נאָך קבלת שבת האָט ער נאָך אַמאָל איבערגעזאָגט די אויבנדערמאָנטע תורה, און האָט צוגעגעבן):

והי' כי תבוא גו', בכדי דו זאָלסט צוקומען צום רצון כו', איז דאָס דורך דעם אַז והלכת אל המקום גו' לשכן שמו שם, זאָלסט זיך מוסר נפש זיין אויף מפרסם זיין דאָרטן ג־טלעכקייט, מיט וואָס איז מען מפרסם ג־טלעכקייט מיט אַ ברכה און אַ פסוק תהלים[19*].

* * *

## אתם נצבים היום (איר שטייט היינט).

(דברים כט, ט)

דער זיבעטער חודש (תשרי — פון ניסן גערעכנט) וועל־כער איז דער ערשטער פון די חדשים פון יאָר — בענטשט אים דער אויבערשטער אַליין שבת מברכין וואָס דאָס איז דער לעצטער שבת אין חודש אלול, און מיט דעם כח בענטשן אידן די איבעריקע מאָנאַטן עלף מאָל אַ יאָר.

עס שטייט אתם נצבים היום. היום באַציט זיך אויף ראש השנה וואָס ער איז דער יום הדין, און אַזוי ווי עס שטייט[198] ויהי היום (און עס איז געווען דער טאָג), זאָגט דער תרגום והוה יום דינא רבא (עס איז געווען דער גרויסער יום הדין) און אתם נצבים — איר זיינט פאַראַן און שטייט, דאָס מיינט אַז איר זייט זוכה ביים דין. שבת פאַר ראש השנה, וואָס דאָס איז דער לעצטער שבת פון חודש אלול, לייענט מען דאַמאָלס פרשת אתם נצבים — וואָס דאָס איז דעם אויבערשטנס ברכה און דעם שבת וואָס מען בענטשט דעם חודש השביעי (זיבעטן חודש), דעם חודש וועלכער איז זאַט (מושבע) און מאַכט זאַט (משביע) מיט אַלדאָס גוטס פאַר אַלע אידן אויף אַ גאַנץ יאָר[199].

* * *

## ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ (און ווער איז ווי דיין פאָלק ישראל — איין פאָלק אין דער וועלט).

(שמואל ב, ז, כג)

אידן זיינען די תפילין פון דעם אויבערשטן, אַזוי ווי עס שטייט (ברכות ו, א) תפילין דמארי עלמא מאי כתיב בהו — וואָס שטייט אין דעם אויבערשטנס תפילין? — ומי כעמך

ישראל גוי אחד בארץ — אידן זיינען ממשיך דעם אחד ה׳ בארץ (די איינציקייט פון ג־ט אין וועלט [200]).

* * *

**ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ** (און דיין פאָלק זיינען אַלע צדיקים אויף אייביק וועלן זיי ירש׳ענען די וועלט).
(ישעי׳ ס, כא)

פשוט׳ע אידן וועלכע שטייען אין מאַרק, אָדער גייען איבער די דערפער און פריצישע גיטער און דערמאָנען דעם אויבערשטנס נאָמען: לעבן פון זייער אייגענער פראַצע, און האַלטן אויס בני תורה און ברענגען אַ ספר אין שול אַריין מיט גרויס שמחה — איז „ועמך כלם צדיקים״ און זיי „לעולם יירשו ארץ״, ווייל זיי זיינען עס וואָס מערן יראת שמים אין וועלט [201]).

* * *

**כי תהיו אתם ארץ חפץ אמר ד׳ צבאות** (וואָרום איר זייט מיר אַ גלוסטיקע לאַנד, זאָגט ד׳ צבאו׳).
(מלאכי ג, יב)

עס שטייט כי תהיו אתם ארץ חפץ אמר ד׳ צבאות. אָט אַזוי ווי די גרעסטע חכמים וועלן אייביק ניט דערגיין די גרויסע טבעיות׳דיקע (נאַטירלעכע) אוצרות, וועלכע השי״ת האָט טובע געווען אין ארץ, אַז הכל הי׳ מן העפר (אַלץ נעמט זיך פון די ערד), אָט אַזוי קען קיינער ניט דערגיין די גרויסע אוצרות וואָס ליגן אין אידן, וואָס זיי זיינען דעם אויבערשטנס ב״ה ארץ חפץ.

און דער בעש״ט האָט פאַרענדיקט: איך וויל מאַכן פון

אידן, אַז זיי זאָלן געבן דעם יבול, וואָס דעם אויבערשטנס ב״ה אַ ארץ חפץ קען געבן[202].

איך האָב ליב דעם פשוט׳ן אידן, ווייל אויך דער פשוט׳ער איד איז אַ פולער אוצר.

* * *

## שויתי הוי׳ לנגדי תמיד (איך שטעל דעם אויבערשטן שטענ־דיק פאַר מיר).

(תהלים טז, ח)

דער שם הוי׳ דאַרף זיין אַזוי ווי אַ חבר. אַז מ׳גיט אַ חבר שלום איז דאָך זיין רעכטע האַנט אַנטקעגן יענעמ׳ס לינקער האַנט, אַזוי דאַרף דער שם הוי׳ פועל׳ן אויף זיין לינקער האַנט, ווייל (אין זעלבן פסוק) „כי מימיני״ — פון דער רעכטער האַנט, איז דאָך „בל אמוט״ (וועל איך ניט פאַלן), און דער שם הוי׳ דאַרף פועל׳ן אויף דער לינקער זייט*[202].

* * *

## תורת ד׳ תמימה משיבת נפש (ג־ט׳ס תורה איז גאַנץ, זי דערקוויקט דעם נפש).

(תהלים יט, ח)

די תורה איז נאָך גאָר גאַנץ, קיינער האָט זי נאָך ניט אָנגע־רירט, ווייל תורת ה׳ משיבת נפש, אַז מען גייט צו לערנען די תורה מיט אַ ריינער אמונה, מיט יראת שמים, איז דער אור התורה משיב נפש, גיט אַ גרויסע פאַרשטאַרקונג אין דער פאַרשטענדע־ניש פון דער גרויסקייט פון דעם באַשעפער ב״ה, במילא בלייבט די תורה תמימה: קיין מענטש[203] האָט זי נאָך ניט באַרירט[204].

* * *

## סור מרע ועשה טוב בקש שלום ורדפהו (קער זיך אָפּ פון שלעכטס און טו גוטס — זוך שלום און לויף אים נאָך).

(תהלים לד, טו)

אין יעדער דבר גשמי פון דברים המותרים (זאַכן וואָס זיינען דערלויבט), זיינען פאַראַן גוטס און שלעכטס: דער גשמי איז שלעכט און דער חיות אלקי (ג־טלעכער לעבן) וואָס באַלעבט דעם גשמי איז גוט. דאַרף דער מענטש וואָס באַנוצט דעם גשמי זיין אַ סור מרע, ניט וועלן דעם תענוג וואָס איז פאַראַן אין דעם גשמי, און זיין ועשה טוב וועלן געשפּייזט און געהאָלפן ווערן פון דעם חיות אלקי וואָס איז אין דעם דבר הגשמי. בקש שלום ורדפהו, דער מענטש וואָס איז אַ סור מרע און אַ ועשה טוב, באַדאַרף זוכן און נאָכלויפן צו מאַכן שלום צווישן דעם גשמי און חיות אלקי וואָס באַלעבט אים [205].

* * *

## הריעו לה' כל הארץ (זינגט פאַר דעם אויבערשטן די גאַנצע וועלט).

(תהלים ק, א)

איז ראשי תיבות הלכה [206]. דער הילוך (גאַנג) איז אין אַלע מדריגות פון נשמה. פינף מדריגות זיינען אין נשמה ווי זי קומט פון עצמות אין סוף: יחידה, חי', נשמה רוח און נפש, וועלכע טיילן זיך אין צוויי דרגות נפש־רוח־נשמה און חי'־יחידה, אין נפש־רוח־נשמה ווערט דערהערט דורך השגה, אין חי'־יחידה — דורך הרגש (געפיל) [207].

* * *

## לעולם ה׳ דברך נצב בשמים (אייביק, ג־ט, שטייען פעסט דיינע רייד אין הימל).

(תהלים קיט, פט)

טייטשט דער בעל שם טוב ז״ל אַז דיינע רייד וואָס דו האָסט געזאָגט יהי רקיע בתוך המים[208] (זאָל זיין אַ הימל אין די וואַסער וגו׳), שטייען די דאָזיקע ווערטער און אותיות אויף אייביק אין הימל, און אויף אייביק זיינען זיי אָנגעטאָן אין אַלע הימלען זיי צו באַלעבן, אַזוי ווי עס שטייט[209] ודבר אלקינו יקום לעולם (און דאָס וואָרט פון אונזער ג־ט בלייבט שטיין אויף אייביק), ודבריו חיים וקיימים לעד (און זיינע רייד לעבן און עקזיסטירן אויף אייביק)[210].

* * *

## הלוך ילך ובכה נושא משך הזרע, בא יבא ברינה נושא אלומותיו (עס גייט און וויינט דער וואָס טראָגט די מאָס מיט זאָמען, ער וועט קומען מיט געזאַנג דער וואָס טראָגט זיינע סנאָפּעס).

(תהלים קכו, ו)

הלוך ילך ובכה, אַז מען גייט מיט אַ מרירות נאָכן דאַווענען, איז נושא משך הזרע, ווערט אַ פאַרזייאונג פון דער עבודת התפלה. ווי איז אָבער אַז בא יבא ברינה — אַז מען פילט זיך ברייט נאָכן דאַווענען, אַז מען איז צופרידן פון דער אייגענער עבודה אין תפלה, איז ער ניט מער ווי אַ נושא אַלומותיו — ער טראָגט פוסטע שטרוי־זאַנגען[211].

* * *

**והי׳ ראשיתך מצער ואחריתך ישגה מאד** (און עס וועט זיין דיין אָנהויב קליין און דיין סוף וועט זיין זייער גרויס).
(איוב ח, ז)

דער ראשיתך מצער איז אַ געוויסער יסוד אויף דעם אַחריתך ישגה מאד [213]).

* * *

**אמר ר׳ אחא וצריך יהודאה לחירובא עביד תתובא**
(האָט געזאָגט ר׳ אחא, אַז ווען עס קומט אַ צרה אויף אידן, טוען זיי תשובה).
(ויקרא רבה פ׳ יג, ד)

האָט דער בעל שם טוב דערקלערט דעם דאָזיקן מאַמר: דורך תשובה מיט אַן אמת אין אַ צייט פון אַ צרה ר״ל פאַרוואַנדלט מען די צרה אין „צהר״ (ליכטיקייט). צרה איז ענגשאַפט און פינסטערניש, און דורך דער תשובה ווערט זי אַליין ליכטיקייט, און ווי עס שטייט [213]) ועת צרה היא ליעקב (און אַ צייט פון צרה איז עס פאַר יעקב׳ן) און דורך תשובה איז „וממנה יושע״ — פון איר גופא ווערט ער געהאָלפן [214]).

* * *

**אתפשטותא דמשה בכל דרא** (די התפשטות פון משה איז אין יעדן דור) [215]).

יעדער איינצלנער איד, מאַן אָדער פרוי, איז אַ דור, וואָס ווען זיי קומען אין דער צייט פון משפחה־לעבן על־פי תורה, ווערן זיי געבענטשט פון משה וואָס איז אין זייער דור, וואָס זיין גאַנצער מהות און עצמות איז אַן אור עצמי, אָבער זיין אור עצמי איז אין דער בחינה פון אַ מאור, וואָס לייכט פון אתפשטותי׳

דמשה אין יעדן איינעם און איינער מיט די דריי אַהבות: אַהבת השם, אַהבת התורה און אַהבת ישראל [216]).

* * *

## זכה נעשית לו סם חיים לא זכה נעשית לו סם מיתה

(אויב ער איז זוכה, ווערט זי (די תורה) פאַר אים אַ סם פון לעבן, און אויב ער איז ניט זוכה — ווערט זי פאַר אים אַ סם המות).

(יומא עב, ב)

חז״ל האָבן געזאָגט: אויב ער איז זוכה, ווערט זי (די תורה) פאַר אים אַ סם חיים, און אויב ער איז ניט זוכה, ווערט זי פאַר אים אַ סם מיתה, און דאָס איז וואָס רבא האָט געזאָגט: ווען ער גלויבט אין איר, ווערט זי אַ סם חיים, ווען ער גלויבט ניט אין איר ווערט זי אַ סם מיתה. וואָס איז דער ענין פון זכות און אמונה באַ לערנען תורה? די תורה איז דאָך אַ חכמה און יעדע חכמה און וויסנשאַפט ווערט דאָך דערוואָרבן מיט האָרעוואַניע פון מוח, און נאָך מער: אמונה איז דאָך אין אַ זאַך וואָס איז העכער פון שכל, און אויב אַזוי, ווי איז שייך באַ תורה, וואָס זי איז חכמה, דער ענין פון אמונה?

אין דער גמרא [217]) זאָגט רבא: פאַר די וואָס גייען רעכטס אין איר, ווערט זי אַ סם חיים, די וואָס גייען לינקס אין איר — ווערט זי פאַר זיי אַ סם המות, און רש״י טייטשט למיימינים — די וואָס פאַרנעמען זיך מיט זייער גאַנצן כח און באַשעפטיקן זיך מיט וויסן זייער סוד. דער וואָס לערנט תורה דאַרף וויסן מיט אמונה פשוטה אַז אין יעדן וואָרט פון תורה איז דאָ אַ סוד פנימי (אַן אינערלעכער סוד), און מ׳דאַרף אָנשטרענגען דעם מוח און באַמיען דעם שכל אויף צו וויסן איר אינעווייניקסטן סוד.

אַזאַ לערנען פועל'ט אַ ריינקייט און קלאָרקייט באַ דעם וואָס לערנט תורה. איז אויב דער וואָס לערנט תורה ווערט אויסגעַ־לייטערט דורך דעם לערנען, איז אויב ער וועט ווייטער לערנען אויף אַזאַ אופן, ווערט זי פאַר אים אַ סם חיים. אויב אָבער דער וואָס לערנט תורה ווערט נישט אויסגעלייטערט דורכן לערנען, נאָר אדרבא, ער ווערט פאַרגרעבט, ווערט זי דעמאָלט אַ סם המות [218]).

* * *

## רחמנים ביישנים וגומלי חסדים.

(יבמות עט, א)

זע אויבן עמודים קנא־קנב.

* * *

## לא חרבה ירושלים אלא על שהעמידו דיניהם על דין תורה

(ירושלים איז חרוב געוואָרן בלויז דערפאַר ווייל זיי האָבן געשטעלט זייערע דינים אויף דעם דין תורה).

(בבא מציעא ל, ב)

ירושלים איז יראת שמים, און די פירונג בלויז לויט דעם דין תורה מאַכט חרוב יראת שמים. אויב מען גייט אָבער לפנים משורת הדין, שטאַרקט דאָס יראת שמים [218]).

* * *

## כל העוסק בתורה נכסיו מצליחין לו

(יעדער וואָס איז זיך עוסק אין תורה, איז אים מצליח זיין פאַרמעגן).

(עבודה זרה יט, ב)

יעדער איר האָט זיינע נכסים. קאָפּ און האַרץ, שכל און מדות דאָס זיינען די נכסים פון אַ אידן. דער וואָס איז אַן עוסק בתורה,

ניט נאָר אַ לומד תורה, זיינען זיינע נכסים מצליח. אַברהם אָבינו איז געווען אַ למדן און אַ ירא אלקים, קיים כל התורה עד שלא ניתנה (ער האָט מקיים געווען די גאַנצע תורה נאָך אײדער זי איז געגעבן געוואָרן), אָבער דעם אייביקן כריתת ברית וואָס הקדוש ברוך הוא האָט כורת ברית געווען מיט אַברהם אָבינו לדורותיו עד סוף כל הדורות, איז פאַר דעם וואָס מצא את לבבו נאמן. די ערנסטקייט פון האַרצן, די תמימות מיט דער פשטות און די אמונה פשוטה, דאָס זיינען די אידישע נכסים און ווען מען איז זיך עוסק בתורה נכסיו מצליחין לו [219].

די דאָזיקע תורה איז געזאָגט געוואָרן ח"י אלול תקט"ו.

* * *

## כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה (יעדע תורה וואָס האָט ניט מיט זיך קיין מלאכה — איז איר סוף אַז זי ווערט בטל).

(אבות פרק ב, משנה ב)

מלאכה מיינט התעסקות — יעדע תורה וואָס עס איז מיט איר ניטאָ קיין התעסקות אין אהבת ישראל, איז איר סוף אַז זי ווערט בטל, יעדע שטיקל תורה וואָס מ'לערנט און זי ברענגט ניט קיין מלאכה, ד. ה. זי ברענגט ניט קיין אַהבת ישראל, איז די תורה קיין תורה ניט [220].

* * *

## כל שרוח הבריות נוחה הימנו רוח המקום נוחה הימנו (יעדערער וואָס מענטשן זיינען צופרידן פון אים, איז דער אויבערשטער צופרידן פון אים).

(אבות פרק ג, משנה י)

ווען מענטשן זיינען צופרידן פון אים — איז אַ סימן אַז דער אויבערשטער איז צופרידן פון אים (ווען דער בעל שם טוב האָט געזאָגט די דאָזיקע תורה, איז די גאַנצע חבריא קדישא אויפגעציטערט געוואָרן [221]).

* * *

## איזהו חכם הלומד מכל אדם שנאמר [222]) מכל מלמדי השכלתי (ווער איז אַ חכם — דער וואָס לערנט פון יעדן מענטשן, ווי עס שטייט, פון אַלע מיינע מלמדים בין איך קלוג געוואָרן).

(אבות פרק ד, משנה א)

איז דאָ שווער: צי דען קען יעדער מענטש זיין אַ מלמד? מיר וויסן דאָך, אַז בכדי צו קענען עמעצן עפּעס לערנען מוז מען אַליין האָבן פאַרשידענע מעלות, היינט ווי קענען מיר זאָגן אַז מען דאַרף זיין אַ „לומד מכל אדם"? און וואָס איז די ראי' פון פּסוק „מכל מלמדי השכלתי", פון דעם וואָלט מען דאָך גע־דאַרפט אין פלוג דרינגען, אַז דאָס איז נאָר דאַן ווען דער מענטש דערהערט דאָס וואָס דער מלמד לערנט אים, און ווי „מבין דבר מתוך דבר", היינט ווי אַזוי איז דער וועלכער לערנט פון יעדן אַ חכם?

דער ענין איז אָבער: עס שטייט [223]) נר ה' נשמת אדם (דעם אויבערשטנ'ס ליכט איז דעם מענטשנ'ס נשמה), און אין אַ ליכט זיינען פאַראַן צוויי זאַכן, דאָס ליכט און דער שאָטן פון ליכט. אַזוי איז אויך מיט דער נשמה. דאָס ליכט קומט פון דער נשמה און דער שאָטן וואָס אויף דער נשמה־ליכט קומט פון גוף וואָס איז די כלי. ווען מ'שטייט אין די ד' אַמות פון אַ צדיק פאַלן אַריין גוטע מחשבות, און זיי זיינען דאָס אַנטפּלעקונג פון דעם

ליכט, און ווען מ׳שטייט אין די ד׳ אמות פון אַ רשע, פאַלן אַריין שלעכטע מחשבות. פון דעם צדיק לערנט מען זיך ועשה טוב (צו טאָן גוטס) און דורך דעם ווערט מען פון די מזכי הרבים, און פון דעם רשע לערנט מען זיך סור מרע (אָפּקערן פון שלעכטס), און דורך דעם ווערט מען אַ כלי צו אַ הרהור תשובה [223]*)·

* * *

## איזהו גבור הכובש את יצרו.

(אבות פרק ד, משנה א)

זע אויבן עמוד קס.

* * *

## לשון תליתאי קטיל תליתאי (אַ דרייענדיקער לשון — ד. ה. לשון הרע וועגן אַ דריטן — רש״י, הרג׳עט דרייען)·

(ערכין טו, ב)

דער בעל שם טוב פלעגט לערנען מיט זיינע תלמידים אַ שיעור גמרא. דער אופן פון לערנען איז געווען מיט גרויס חריפות און גאונות, און מ׳האָט געלערנט דעם רמב״ם, אלפס, רא״ש און אַנדערע מפרשים פון די ראשונים וועלכע זיינען שייך צו דער גמרא וואָס מ׳האָט געלערנט. דער בעל שם טוב פלעגט אָפּ־טייטשן די ווערטער אין אידיש. אַז מ׳האָט געלערנט ערכין און געקומען צום מאמר רז״ל (טו, ב) לשון תליתאי קטיל תליתאי, האָט דער בעל שם טוב דאָס אויסגעטייטשט:

לשון הרע הרג׳עט אַלע דריי: דעם אויסטראַכטער, דעם דערציילער און דעם צוהערער, נאָר דאָס איז אין לבושים רוחנים, וואָס דאָס איז שווערער ווי רציחה אין גשמיות [224]).

* * *

## עד אברהם הי׳ העולם מתנהג באפילה (ביז אברהם איז די וועלט געפירט געוואָרן אין פינסטערניש).

(בראשית רבה פ״ב, ג)

— ווייל די צדיקים האָבן ניט געלערנט די קינדער פון זייער דור דעם אויבערשטנ׳ס וועגן און האָבן פאַר זיי ניט געבעטן קיין רחמים. אָבער ווען אַברהם איז געקומען האָט ער אָנגעהויבן פאַר זיי לייכטן, לערנען מיט די קינדער פון זיין דור די וועגן פון דינען דעם באַשעפער, און ער פלעגט זיך מוסר נפש זיין אויף דערוועקן רחמים פון הימל אויף זיין דור, ביז וואַנען אַז אַפילו פאַר די פאַרדאָרבענע און זינדיקע מענטשן פון סדום און עמורה האָט ער מתפלל געווען און געבעטן פאַר זיי רחמים.

פונדעסטוועגן איז דער המון אין אַברהם אָבינו׳ס דור — איינשליסנדיק אויך ישמעאל — גערופן געוואָרן עם הדומה לחמור (אַ פאָלק וואָס איז געגליכן צו אַן איזל), אָבער באַ אידן ווערן דער המון אָנגערופן „עם הארץ״ (אַ פאָלק וואָס איז געגליכן צו דער ערד) — פונקט ווי אויף דער ערד טרעטן אַלע, און דווקא אין איר האָט דער אויבערשטער אַריינגעגעבן דעם כח זי זאָל פון זיך אַרויסגעבן אַלע פלאַנצן און פרוכטן כדי צו האַלטן באַם לעבן אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט; און אין דער ערד געפינען זיך אויך אַלע אוצרות, גאָלד און זילבער און אַלע טייערע און וויכטיקע שאַצן — אַזוי זיינען אויך די אידן, וואָס באַ זיי איז „כפלך הרימון רקתך״ [225]), וואָס אַפילו ריקנין שבך (די גאָר פוסטע צווישן זיי) — מלאים מצוות כרימון (זיינען פול מיט מצוות ווי אַ מילגרוים), און כל שכן די וואָס זיינען מקיים די מצוות מיט אַ ריין האַרץ, מיט דער פשטות פון אמונה פשוטה, וואָס דאָס זיינען די עמי האָרץ, עם הדומה

לאָרץ, אַזוי ווי עס שטייט[226]) כי תהיו אתם ארץ חפץ (ווייל איר וועט זיין די ערד פון גלוסטונג)[227]).

* * *

אברהם אבינו הי׳ נדיב בממונו בגופו ובנפשו (אברהם אָבינו איז געווען ברייטהאַרציק מיט זיין געלט, מיט זיין גוף און מיט זיין נשמה).

(זע אורחות צדיקים שער טז)

מיט זיין געלט — ער פלעגט געבן עסן און טרינקען יעדן דורכגייער;

מיט זיין גוף — ער האָט באַדינט די וועלכע זיינען געקומען אין זיין הויז;

מיט זיין נפש — ווייל ער פלעגט אָפּלייגן זיינען פּאַרטי־טיפונגען אין דער חכמה פון ג־טלעכער פאָרשונג — אַזוי ווי עס שטייט אין ספר יצירה אַז אַברהם אבינו עליו השלום איז געווען אַ וואונדערלעכער געלערנטער אין דער ג־טלעכער חכמה, און יעדער מינוט איז דאָך געווען באַ אים זייער טייער, פונדעסט־וועגן איז ער געווען ברייטהאַרציק מיט זיין נשמה, אָפּגעלייגט זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן אָן אַ זייט — און פלעגט אַליין לערנען מיט פשוט׳ע מענטשן וועלכע זיינען גאָרניט געווען זיין גלייכן. און דאָס איז די מעלה פון נדיב בנפשו — אַוועקצולייגן דעם אייגענעם איך צוליב יענעמ׳ס טובה[228]).

(183) זע חולין מג, ב.

(184) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס צח), עמוד פא.

(185) מלכים א ח, ס.

(186) ספר המאמרים תש״ח (קונטרס נב), עמוד 79.

187) זע תורת חיים בראשית אין אָנהויב.
188) תהלים קיא, י.
189) ספר המאמרים תשי״א, ע׳ 59.
190) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יא), עמוד רח. זע „תוכן ענינים בדא״ח״, עמוד 216, 221.
191) שבת נג, א.
192) שיחת אחרון של פסח תש״ד (געדרוקט אין קובץ ליובאַוויטש, חוברת ב׳, עמוד 21).
193) היום יום, עמוד כג. זע אויך ספר המאמרים תש״ד, ע׳ 145. התמים, חוברת ח, עמוד מט. תוכן ענינים בדא״ח, עמוד 61, 251.
194) היום יום, עמוד עח.
195) ספר המאמרים תשי״א (קונטרס פד), עמוד 69.
196) שיחת ש״ק נשא, י״ב סיון תש״ד (קובץ ליובאַוויטש, חוברת ג, עמוד 37).
197) היום יום, עמוד פח.
198) איוב ב, א.
199) היום יום, עמוד 3.
200) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, עמוד 133.
201) התמים, חוברת ח, עמוד מ.
202) התמים, חוברת ח, עמוד מה. זע היום יום ע׳ גד.
*202) ספר המאמרים תשי״א (קונטרס צ) ע׳ 214. און דאָרט: דער ענין האָט אַ מקור אין נאָמען פון הרב אלי׳ בעל שם, וואָס דער בעש״ט האָט עס געהאַט בקבלה.
203) זע ילקוט שמעוני רמז תרע״ד.
204) ח״י אלול תש״ג, ע׳ 44.
205) היום יום, עמוד עו.
206) לקוטי תורה להאריז״ל תהלים ק, ובשער הפסוקים דאָרט. דער־קלערט על־פי חסידות אין סידור אויפן פסוק מזמור לתודה. אין פירוש המלות מהדורא בתרא, ערשטער פרק און ווייטער.
207) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס סז), עמוד 202.
208) בראשית א, ו.
209) ישעי׳ מ, ח.
210) שער היחוד והאמונה פרק א (תניא ע׳ 152). זע אויך פרק כא.

211) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, עמוד 93.

212) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת ע׳ 21.

213) ירמי׳ ל, ז.

214) ספר המאמרים תש״י (קונטרס עח), ע׳ 211.

215) תיקוני זוהר תיקון מט (קיב, א. קיד, א). זע אויך זוהר חלק ג רטז, ב. רעג, א. תיקוני זוהר תיקון ע (קלח, א).

216) ספר המאמרים תש״י (קונטרס עו), ע׳ 160.

217) שבת פח, ב.

218) ספר הזכרונות, עמוד 322, 345.

219) די רייד ערב ר״ח תמוז תש״ב (געדרוקט אין לקוטי דבורים, פערטער באַנד, ע׳ תשפא).

220) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, ע׳ 115.

221) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס צח), עמוד עט. זע אויך אין דעם מאמר אויף דער משנה אין ספר המאַמרים אידיש.

222) תהלים קיט, צט.

223) משלי כ, כז.

*223) ספר הזכרונות, עמוד 344.

224) היום יום, עמוד קה.

225) שיר השירים ו, ז.

226) מלאכי ג, יב.

227) ספר הזכרונות, עמוד 50, 342.

228) ספר הזכרונות ע׳ 302, 344.

כ.

# ווערטער פון בעש״ט ז״ל

אהבת ישראל — דאָס איז דער ערשטער טויער וואָס פירט אַריין אין חצרות הוי׳[229].

* * *

דער בעל שם טוב פלעגט זאָגן:

אהבת ישראל איז אהבת המקום (ליב האָבן דעם אויבערשטן) — בנים אתם לה׳ אלקיכם[230] (קינדער זיינט איר צו ג־ט אייער ג־ט), אַז מען האָט האָלט דעם פאָטער האָט מען האָלט די קינדער[231].

מען דאַרף האָבן מסירות נפש אויף אהבת ישראל, אַפילו צו אַ אידן, וועלכן מען האָט קיינמאָל ניט געזען[232].

* * *

האָלט האָבן אַ אידן איז אַ מצוה דאורייתא. אין יעדער מצוה איז פאַראַן די עשה פון דער מצוה און די לא תעשה, און אַזוי אויך אין דער מצוה פון אהבת ישראל איז ואהבת לרעך[233] די עשה און לא תשנא את אחיך[234] די לא תעשה. די פשטות פון דעם פשוט׳ן אידן, זיין דאַווענען, זיין זאָגן תהלים נאָכן דאַווענען, זיין טאָן אַ מצוה ווייל דער אויבערשטער האָט געהייסן — איז גורם אַ נחת רוח למעלה[235].

* * *

אין אַלגעמיין טיילן זיך אַלע אידן אין צוויי סאָרטן: א) פשוט׳ע אידן וועלכע קענען ניט לערנען, וואָס כאָטש עס זיינען פאַראַן דערין פאַרשידענערליי דרגות, אָבער אין אַלגעמיין זיינען זיי איין סאָרט. ב) לומדים, און כאָטש אויך ביי זיי זיינען פאַראַן פאַרשידענערליי דרגות, אָבער אין אַלגעמיין זיינען אויך זיי איין סאָרט.

די מצוה פון אהבת ישראל איז אויף ביידע גלייך. די פשוט׳ע אידן באַדאַרף מען ליב האָבן, ווייל זיי זיינען דאָך נעבעך פשוט׳ע אידן און גלויבן אין דעם אויבערשטן און זיין תורה מיט אַזעלכע ריינע, פיינע, תמימות׳דיקע הערצער, און די לומדים באַדאַרף מען ליב האָבן, ווייל זיי זיינען דאָך גרויס אין וויסן די תורה, און די הייליקע גמרא זאָגט דאָך [236] כל הגדול יצרו גדול (וואָס גרעסער דער מענטש אַלץ גרעסער זיין יצר הרע), האָבן זיי — די לומדים — נעבעך אַזעלכע גרויסע פייערדיקע יצר הרע׳ס, און דאָך זיינען זיי ב״ה ערלעכע אידן, באַדאַרף מען זיי ליב האָבן [237].

* * *

ווען מען הערט דערציילנדיק ניט קיין גוטע זאַך וועגן אַ אידן, אַפילו ווען מען קען אים ניט, דאַרף מען האָבן גרויס צער, וואָרום איינס פון די צוויי איז זיכער ניט גוט: אויב עס איז אמת דאָס וואָס מען דערציילט אויף יענעם, איז דאָך יענער ניט גוט, און אויב עס איז ניט אמת — איז דאָך דעם דערציילער ניט גוט [238].

* * *

ווער עס פסק׳נט אָפּ אויף יענעם, סיי צו גוטן און סיי צו שלעכטן — פסק׳נט ער עס אָפּ אויף זיך אַליין. למשל דער וואָס זאָגט, אַז פאַר אַ גוטער זאַך וואָס יענער האָט געטאָן אָדער

פאַר גוטע רייד וואָס יענער האָט גערעדט קומט אים אַז דער אויבערשטער זאָל אים העלפן מיט וואָס ער דאַרף, אָדער דער וואָס זאָגט אַז פאַר דעם ניט־גוטס וואָס יענער האָט געטאָן אָדער געזאָגט, קומט אים אַזוי און אַזוי — איז מיט אָט־דעם אַלעמען פסק'נט ער אָפּ פאַר זיך אַליין, סיי צום שלעכטן, סיי צום גוטן. און דער ווערלכער, זעענדיק די הימלישע שטראָף אויף יענעם, דריקט ער אויס זיין צופרידנקייט פון דעם, איז זיך ניט מצער און איז ניט מעורר רחמים אויף אים, איז ער דורך די דאָזיקע רייד מקטרג אויף זיך אַליין, ווייל מען קוקט זיך דאַן אַרום וואָס עס טוט זיך מיט זיינע מעשים און זיינע רייד. אָבער דער ווערלכער באַטייליקט זיך אין יענעמס צער און איז מעורר רחמים אויף אים — באַקומט זיין לוין [239].

* * *

אַ ברכה פון גוטע פריינט איז חשוב אין הימל אָנגענומען צו ווערן מער ווי אַ גוטע המלצה פון מלאך מיכאל [240].

* * *

מען זאָל ליב האָבן און מייקר זיין (טייער האַלטן) דעם גאָר פשוט'ן אידן אַזוי ווי דעם גרעסטן גאון, ווייל ער איז אַ איד, און מיר אַלע האָבן איין פאָטער, ווי עס שטייט בנים אתם לה' אלקיכם [241], און עס שטייט אהבתי [242] אתכם אמר ה' [243].

* * *

אַז אַ איד, גאָר אַ פשוט'ער איד, זאָגט בריך שמי' דמרא עלמא (געלויבט איז דער נאָמען פון דעם האַר פון דער וועלט) בריך כתרך ואתרך (געלויבט איז דיין קרוין און דיין אָרט) יהא רעותך עם עמך ישראל לעלם (דיין ווילן זאָל זיין מיט דיין פאָלק

ישראל אויף אייביק) — און זאָגט עס מיט אַ פשוט׳ער אמונה פון טיפן האַרצן, דערפילט דער אויבערשטער זיין בקשה, אָדער אינגאַנצן אָדער וויניקסטנס אַ טייל דערפון[244]).

* * *

אַפילו די פשוט׳ע בני יעקב (יעקב איז ניט אַזאַ הויכע בחינה ווי ישראל) שטייט אויף זיי לא כליתם (איר זיינט ניט פאַר־לענדט געוואָרן). שוין ניט ריידנדיק פון די בעלי צורה, די דערהויבענע ווי ר׳ שמעון בן יוחאי, נאָר אַפילו די פשוט׳ע אידן זיינען אויך בני אלקים — ג־ט׳ס קינדער[245]).

* * *

פשיטות העצמות פון עצמות אין סוף ב״ה איז פאַראַן אין דער פשיטות פון אַ פשוט׳ן אידן[246]).

* * *

עס קומט אַראָפּ אַ נשמה אויף דער וועלט און לעבט אָפּ זיבעציק־אַכציק יאָר, צוליב טאָן אַ אידן אַ טובה בגשמיות ובפרט אין רוחניות[247]).

* * *

יעדער זאַך, יעדער אָנבליק אָדער געשטאַלט וואָס אַ מענטש זעט אָדער הערט, איז אַן אָנווייזונג פאַר אים ווי צו פירן זיך אין דינען דעם אויבערשטן. און דאָס איז דער ענין פון עבודה, צו פאַרשטיין און צו דערהערן פון יעדער זאַך אַ דרך אין עבודת השם, צי אין אָפּהאַלטן זיך פון עפּעס צו טאָן, צו דורך גיין און טאָן אַ זאַך[248]).

* * *

דער זיכערסטער וועג צו דעם נשמת אדם תלמדנו איז: א) אַ

פלאַם־האַרציקער קאַפּיטל תהלים. ב) טאָן אַ אידן אַ טובה דורך טרחה מיטן גוף און ניט נאָר מיט זיין געלט, און דורך ג) אהבת ישראל מיט אַ מסירות נפש [249]).

* * *

אַ האַרציקער קאַפּיטל תהלים, אַ טרחה צוליב טאָן אַ טובה אַ אידן אין גשמיות אָדער אין רוחניות און אהבת ישראל זיינען שליסלען וואָס פּאַסן זיך צו צו אַלע שלעסער פון די היכלות הרחמים, רפואה, ישועה און פּרנסה־טירן [250]).

* * *

אַ באַגעגעניש צווישן צוויי מענטשן איז דאָס לויט דעם סדר פון דער השגחה עליונה, וואָס דער מיין פון דער באַגעגעניש מוז אויסגענוצט ווערן אין אַ תורה ומצוות־זאַך.

דאָס מיינט, אַז די באַגעגעניש פון מענטשן איז אַ ג־טלעכער וואונק אַז יעדערער פון די צוויי מענטשן וואָס האָבן זיך באַגעגנט מוזן עפּעס לערנען איינער פון צווייטן און מוזן ווירקן איינער אויפן צווייטן אויך אין אַ תורה ומצוות־ענין [251]).

* * *

דער אויבערשטער מאַכט אַז צוויי מענטשן זאָלן זיך טרעפן אין אַ באַשטימטער צייט צוליב אַ ספּעציעלער כוונה. יעדערער דאַרף זיין אַ מלמד, אַז אַנדערע זאָלן זיך לערנען פון אים. און ווער עס גלויבט ניט אין דעם איז אַ כופר ר"ל [252]).

* * *

שטות, ניט נאָר רוח שטות נאָר שטות, וואָס מענטשן רופן

ניט קיין קלוגער מענטש; עצבות און הרגש מעלת עצמו (פילן די אייגענע מעלות) ווערן גערעכנט באַ חסידים ווי עבירות דאורייתא. חכמה, וואָס מענטשן רופן אַ קלוגער, שמחה דורך געפינען אין יעדער זאַך דאָס גוטע און דאָס דערפרייענדיקע, און זריזות במתינות (פלינקייט מיט מעסיקייט) ווערן גערעכנט באַ חסידים ווי מצוות דאורייתא[253].

* * *

די דרכים פון דער עבודה פון מתקן זיין די מדות און פעאיק מאַכן די כלים פון מוח פאַר די וועגן פון חסידות זיינען — מאַכן פון אַ חסרון אַ מעלה[254].

* * *

קל וחומר און גזירה שוה: קל וחומר מיינט, אַז אַ לייכטע זאַך זאָל זיין האַרב. גזירה שוה — אַ גלייכער שניט, ד. ה. אַ גוטע גלייכע אויפפירונג, דאָס קען נאָר זיין אויב ער האָט דאָס מקבל געווען פון זיין רבי'ן און זיין רבי פון זיין רבי'ן ביז הלכה למשה מסיני[255].

דער פשוט'ער איד איז ווי אַן איינגעזייטע פעלד, וואָס באַ־קומט איר טרינקען פון די רעגנס פון הימל און גיט איר תבואה. אַ תלמיד חכם איז ווי אַ פעלד וואָס מען דאַרף באַוואַסערן, וואָס אויף וויפיל איר בעל־הבית באַוואַסערט איר, אַזויפיל גיט זי תבואה. אַזוי ווי באַ אַ מאָלער וואָס ער איז אַ גוטער צייכענער, איז זיין גאַנצע קונסט דאָס וואָס ער מאָלט אָפּ די גאַנצע פעלד מיט איר תבואה, אַזוי ווי זיי זיינען באמת, מיט דער פראַכט פון דער נאַטור וואָס דער אויבערשטער האָט אין זיי אַריינ־געגעבן, און וואָס מער אַ צייכענונג איז נעענטער צו דער נאַטור,

אַלץ מער באַוויזט עס די גרויסקייט פון דעם קינסטלער. אַזוי איז עס באַ דעם פשוט'ן אידן און דעם בן־תורה. דער בן־תורה איז ווי אַ פעלד וואָס מען דאַרף באַוואַסערן, און עס קען זיין אַז איר תבואה איז בעסער ווי די תבואה פון אַ געוויינלעכער פעלד. אָבער די שיינקייט פון דער נאַטור וואָס דער אויבערשטער האָט אַריינגעגעבן, וואָס דאָס איז דער אמת, איז פאַראַן מער אין אַ פעלד וואָס לעבט פון רעגן־וואַסער ווי אין אַ פעלד וואָס מענטשן באַוואַסערן [256].

* * *

די נשמה לערנט תורה פון דעם אויבערשטן אין מתיבתא דרקיע (די ישיבה אין הימל) און דער אויבערשטער ברענגט די דאָזיקע נשמה אַראָפּ אויף דער וועלט, ניט נאָר כדי צו לערנען תורה, נאָר אויך כדי צו מאַכן פון „אני" (איך) — „אַיִן" (גאָר־נישט). אויך דער וועלכער איז באמת אין דער בחינה פון „אני", אַ תורה ומצוות'דיקער „איך", אויך ער דאַרף איבערקערן דעם „אני" אויף „אַיִן", וואָרום אַנטקעגן דער פשטות'דיקער תמימות פון פשוט'ע אידן איז ער באמת „אַיִן" [257].

* * *

יעדער איד קומט אויף דער וועלט מיט אַ באַשטימטער שליחות פון תורה אור (תורה ליכט). מיט אָט־דער שליחות פון תורה און מצוות גייט ער אום און פאָרט אַרום סיי באַ זיך אין שטאָט און סיי וואוהין און באַ וואָס פאַר אַ געלעגנהייט ער פאָרט, אַ שליחות פון תורה און יראת שמים און שטאַרקן די מוסדות התורה [258].

* * *

ווען אַ מלאך וואָלט זיך געפונען אין דער אָוועזנהייט פון צען אידן, אַפילו ווען זיי ריידן ניט קיין דברי תורה, וואָלט דעם מלאך באַפאַלן אַ געוואַלדיק גרויס שרעק כו׳ ביז ער וואָלט אינגאַנצן געוואָרן אויס מציאות[259]).

* * *

דער צמח צדק האָט דערציילט:

דער בעל שם טוב האָט זייער האָלט געהאַט ליכטיקייט, און האָט געזאָגט, אַז אור (ליכטיקייט) באַטרעפט בגימטריא „רז" (אַ סוד) — דער וואָס ווייסט דעם סוד וואָס אין יעדער זאַך, קען ער ליכטיק מאַכן[260]).

* * *

אין דעם אָרט וואו ס׳איז דעם מענטשנס רצון (ווילן), דאָרט איז ער אַליין[261]).

* * *

דער עצם — ווען מען האַלט אַ טייל פון אים, האַלט מען אים אינגאַנצן[262]).

* * *

דער בעל שם טוב האָט געזאָגט, אַז זיין נוי סוכה זיינען פשוט׳ע קבלת עול אידן, וואָס זיינען גורם אַ שמחה למעלה מיט זייער שמחה של מצוה מצד אמונה פשוטה[263]).

* * *

עס איז ידוע דער מאמר קדש וואָס דער אַלטער רבי האָט געזאָגט אין נאָמען פון בעל שם טוב: דעם פשוט׳ן אידנס קיום

המצות מצד האמונה אין עצמות, איז אַ כלי צו עצמות און איז גורם אַ נחת רוח אין עצמות. די פשיטות העצמות איז שורה אין דער כלי פון קיום המצות בפשיטות [263]).

* * *

דער עיקר פון חסידות איז מתקן זיין די מדות און האַלטן טייער אַ פשוט'ן אידן, וואָס די עבודות זיינען די עליה־טרעפּ אין דעם לעבנס־וועג, און כדי צו גיין אויף די טרעפּ באַדאַרף מען האָבן אַ הילף פון אַן עלטערן און דאַן איז דער גאַנג אין אָרדענונג [264]).

* * *

ה' צלך (ג־ט איז דיין שאָטן, תהלים קכא, ה) — אַזוי ווי אַ שאָטן וועלכער גייט נאָך דעם מענטשן, אַזוי כביכול איז אויך „ה' צלך", און דאָס מיינט — במדה שאדם מודד מודדין לו — ווי אַ מענטש מעסט, אַזוי מעסט מען אים (מגילה יב, ב) [265]).

* * *

דער ענין פון שופר איז אַזוי ווי אַ זון וואָס רופט: טאַטע, טאַטע ראַטעווע מיר [266]).

* * *

טבילה אין מקוה און זיצן אין סוכה האָבן אַ שייכות, סיי אין דער הכשרה (צוגרייטונג) פון דעם מקבל און סיי אין המשכת האור [267]).

* * *

אַ איד איז ניט עלנט, וואו ער געפינט זיך און וואו ער שטייט איז ג־ט מיט אים [268]).

* * *

בן שלש שנים הכיר אברהם את בוראו [269]) (צו דריי יאָר האָט אברהם דערקענט זיין באַשעפער). אברהם אבינו האָט געהאָט מסירות נפש אויף דעם דרך ה׳, געגעבן אַלעמען צו פאַרשטיין אחדות הבורא (אַז דער באַשעפער איז איינער) און השגחה פרטית (אַז ער ווייס און פאַסט אויף יעדער באַשעפעניש באַזונדער).

דער בעל הנשמה [270]) אין פוילן [271]) איז היינט געוואָרן דריי יאָר [272]). בן שלש שנים הכיר את בוראו. ער וועט אויך דאַרפן דורכגיין אברהם אבינו׳ס מסירות נפש אויף צו מגלה זיין דעם דרך העבודה אין אחדות און השגחה פרטית [273]).

* * *

אַ קאָרענער (האָניק)־לעקאַך פועל׳ט אַז דאָס האַרץ ווערט צוגעצויגן צו תורה, ווייל האָניק און קאָרן ווי זיי זיינען אין זייער שורש זיינען זיי כלים צו תורה [274]).

* * *

דער בעל שם טוב האָט מגלה געווען און זיינע תלמידים, אונזערע הייליקע רביים האָבן עס דייטלעך דערקלערט, אַז יעדער איד האָט בכח, דורך זיין צוגעבונדנקייט צו די אותיות פון תורה און תפילה, איבערצוקערן פון צרה אויף צה״ר (ליכטיקייט) [275]).

* * *

דער ערשטער אות פון שם הוי׳ איז דער אות יו״ד, ווייל אַ איד איז דער טעם און כוונה פון בריאת העולם און די תמונה פון אות יו״ד איז מגלה און דערקלערט די כוונה צוליב וואָס השם יתברך האָט באַשאַפן די וועלט: דער קוץ העליון איז

מרמז אויף דער כוונה וואָס עלה ברצונו יתברך צו באַשאַפן דעם עולם הגשמי און דער קוץ התחתון איז מורה אויף דעם יש הגשמי, און ווען מען פירט דורך אין דעם וועלטלעכן גשמיות׳דיקן לעבן די כוונה העליונה צוליב וואָס השם יתברך האָט באַשאַפן די וועלט, איז דאָס דער ריכטיקער תמונת היו״ד, יעדער איד לפי מצבו וענינו, דאָס הייסט לפי העבודה וואָס זיין נשמה באַדאַרף דורכפירן בעלמא דין להצלחה און דער יסוד מוסד איז החזקת לומדי תורה ביראת שמים [275]).

* * *

פורים תק״ת האָט דער בעל שם טוב גערעדט וועגן דעם, וואָס אין דער מגילה ווערן אידן אָנגערופן מיטן נאָמען יהודים, און פיר מאָל שטייט אין מגילה יהודיים מיט צוויי יו״דין. אין תורה ווערן אידן אָנגערופן „בני ישראל״ און אין מגילה „יהודים״.

האָט דער בעל שם טוב געזאָגט: דער נאָמען יהודים איז דאָך מצד המסירת נפש, דאָס וואָס אידן ווערן אָנגערופן בני „ישראל״, אַ בן פון „יש ששים ריבוא אותיות לתורה״ [276]), דאָס גיט זיי אַ כח אויף מסירת נפש, און די צוויי יו״דין דאָס זיינען די עשר כחות פון נפש האלקית און נפש הטבעית [277]).

* * *

אין די צייטן פון בעל שם טוב איז אַמאָל געווען אַ שלעכ־טער יאָר. האָט דער בעל שם טוב געזאָגט: גזירה עבידא דבטלה (אַ גזירה איז דער שטייגער אַז זי ווערט בטל). ער האָט דאַן גערעדט מיט דער חבריא קדישא וועגן דעם זמן וואָס מען דאַרף האָבן אויף תשובה. באַ ניגוה (יונה ג, ד) געפינען מיר פערציק

טעג — נאָר דאָרט איז געווען ניט באַ קיין אידן, וואָס אַפילו נאָך דער תשובה בלייבט ער אַ גוי, אַ בן נח. באַ אידן געפינט מען אַ זמן אויף תשובה — אַ יאָר, אַזוי ווי עס איז געווען בימי מרדכי ואסתר.

אַ נאַר לייגט אָפּ אויף מאָרגן, אַ קלוגער טוט היינט [278].

* * *

דער רמב״ם איז געווען אַ גרויסער מקובל [279].

---

229) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יא), עמוד 412.
230) דברים יד, א.
231) היום יום, עמוד פא.
232) היום יום, עמוד קיג. זע „תוכן ענינים בדא״ח״, עמוד 202.
233) ויקרא יט, יח.
234) ויקרא יט, יז.
235) ספר המאמרים תש״ח (קונטרס נז), עמוד 190.
236) סוכה נב, א.
237) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יא), עמוד 412.
238) היום יום, עמוד קיב.
239) התמים, חוברת ז, עמוד קד.
240) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (די רייד, ה׳ תרומה, ב׳ אדר תש״ה), עמוד 1128.
241) דברים יד, א.
242) מלאכי א, ב.
243) ספר המאמרים תש״ח (קונטרס נב), עמוד 79.
244) לקוטי דבורים, צווייטער באַנד (ליקוט יג), עמוד 452.
245) דאָרט, פערטער באַנד (ליקוט לג), עמוד תרב.
246) דאָרט, דריטער באַנד (ליקוט כז), עמוד 982.
247) היום יום, עמוד נא. התמים, חוברת ח, עמוד נ. קונטרס קא, עמוד 146. לקוטי דבורים, דריטער באַנד (די רייד, ה׳ תרומה ב׳ אדר תש״ה), עמוד 1126. תוכן ענינים בדא״ח, עמוד 82.

248) היום יום, עמוד נב. התמים, חוברת ח, עמוד מז. ספר המאמרים תשי״א (קונטרס פו), עמוד 131. ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת עמודים 21, 73, 133. לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ז), עמוד 342 און פערטער באַנד (ליקוט לו), עמוד 1290.

249) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, עמוד 73.

250) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, דאָרט.

251) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס סב), עמוד 45.

252) לקוטי דבורים, פערטער באַנד (ליקוט לג), עמוד תרז. זע ספר התולדות, עמוד 73.

253) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת, עמוד 52.

254) ספר המאמרים תשי״א (קונטרס פח), עמוד 174.

255) ספר המאמרים תש״י (קונטרס עג), עמוד 104.

256) ספר הזכרונות, עמוד 322. זע הוספות דאָרט, עמוד 345.

257) דאָרט.

258) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס סג), עמוד 71.

259) ספר המאמרים תש״ט (קונטרס צח), עמוד עה. זע לקוטי דבורים, דריטן באַנד (ליקוט כד), עמודים תסה־930. אגרת הקדש סי׳ כג.

260) היום יום, עמוד פה.

261) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ה, חלק א), עמוד 226. זע תוכן ענינים בדא״ח, עמוד 249.

262) זע המשך תרס״ו צום ענדע. תוכן ענינים בדא״ח, עמוד 201.

263) שיחת ליל א׳ דחה״ס תש״ו (געדרוקט אין קובץ ליובאַוויטש, חוברת 10 עמוד 79).

264) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כח), עמוד 1012.

265) תוכן עניגים בדא״ח, עמוד 178.

266) דאָרט, עמוד 151.

267) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כח), עמודים 1010־תקו.

268) דאָרט (ליקוט כז), עמוד 980.

269) נדרים לב, א.

270) געמיינט דעם אַלטן רבי״ן, דעם בעל התניא.

271) ליאָזנע האָט דאַן באַלאַנגט צו פוילן.

272) ער איז געבוירן געוואָרן ח״י אלול תק״ה.

273) לקוטי דבורים, דריטער באַנד (ליקוט כב), עמודים 778־שצ.

274) דאָרט, צווייטער באַנד (ליקוט יד), עמוד רסו.

275) דאָרט, ערשטער באַנד (ליקוט א), עמודים 18־י. זע אויך ד"ה מה טובו, תרפ"ט, פרק ב (קונטרס ד).

276) דאָרט, דריטער באַנד (די רייד, ד' פ' האזינו, תש"י), עמודים 1138־תקע.

*276) מגלה עמוקות, אופן קפו. זע תוכן ענינים בדא"ח פ' חקת תשי"ח.

277) שיחת סעודת פורים תש"ה (זע קובץ ליובאַוויטש, חוברת 7, עמוד 22).

278) קונטרס קב, עמוד 183.

279) ספר השיחות קיץ ה'ש"ת, עמוד 41.

# הנהגות

דער רבי דער צמח צדק האָט געזאָגט צו זיין זון דעם רבי׳ן מהר״ש, אַז דער אַלטער רבי האָט אים געזאָגט ערב ראש השנה [280]) תקנ״ט, אַז די מנהגים וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט זיך נוהג געווען זיינען הלכה למשה מסיני.

ווען משה רבינו איז געגאַנגען מיט די לוחות, איז ער גע־גאַנגען דורך די עולמות אצילות, בריאה, יצירה, עשי׳ הרוחנית און זיי געבראַכט אין עולם התחתון, איז די ספירות און מלאכים, וואָס אין יעדער עולם, געשענקט מתנות צו משה רבינו — מדות און מנהגים כלליים ופרטיים.

מורנו הבעל שם טוב האָט באַשטימט געוויסע מנהגים באַ אידן, און ער האָט געהאַט מסירות נפש אַז די מנהגים וואָס זיינען שייך לכלל ישראל זאָלן זיך איינפלאַנצן אין אַלע חסידישע הייזער לדורותיהם און מיט די מנהגים זאָלן אידן מקבל זיין משיח צדקנו.

* * *

הרבנית חי׳ מוסיא [281]) האָט דערציילט, אַז ווען זי איז געווען אַ קינד, האָט זי געהערט פון הרבנית שטערנא [282]), אַז דער אַלטער רבי איז געקומען פון מעזריטש האָט ער דערציילט אַז די מנהגים וואָס ער האָט מקבל געווען פון דעם מעזריטשער מגיד זיינען ברובם וואָס דער מגיד האָט מקבל געווען פון רבינו הבעל שם טוב אין נאָמען פון זיין רבי׳ן הבעל ח״י [283]) : מנהגים כלליים

(וואָס זיינען שייך צו אַלע חסידים), מנהגים פּרטיים (פאַר די רביים) [284].

* * *

באַ מורנו הבעל שם טוב איז געווען אַ סדר מיוחד אין זיינע הנהגות בכל משך השנה, בחול, בשבת ובמועדים [284*].

* * *

אין אָנהויב פון מורנו הבעל שם טוב׳ס אַנטפּלעקונג האָבן די תלמידי הבעל שם טוב שטאַרק מהרהר געווען (נאָכגעטראַכט) צי זיי דאַרפן אָפּהיטן די מנהגי מורם ורבם הבעל שם טוב.

אָט דער הרהור וואָס די חבריא קדישא האָט מהרהר געווען, איז דאָס ניט ח״ו בכלל המאמר (סנהדרין ק, ב) המהרהר אחר רבו, נאָר זיי האָבן זיך בודק געווען צי זיי זיינען שוין אין דער דרגא וואָס זיי קענען זיך מתנהג זיין אין דעם דרך הקדש פון בעל שם טוב, און עס זאָל ניט הייסן נאָכטאָן ווייל דער רבי טוט אַזוי.

די מקושרי הבעל שם טוב מאנשים פשוטים האָבן גלייך מקבל געווען דעם בעל שם טוב׳ס מנהגים אין אַ בפועל ממש, אָן קיינע חקירות און גריבלען זיך, צי זיי האַלטן באַ דער דרגא אַז זיי דאַרפן זיך מתנהג זיין ווי דער בעל שם טוב פירט זיך צי ניט. זיי האָבן געוואוסט, אַז דער בעל שם טוב פירט זיך אַזוי, האָבן זיי זיך אויך אַזוי מתנהג געווען.

אָט דאָס איז דער יתרון על פי שיטת מורנו הבעל שם טוב אין דער עבודה פון אנשים פשוטים וואָס טוען אַלע עניני המצוות ניט על פי הטעם נאָר מיט קבלת עול פון אמונה. אָבער צדיקים בעלי עבודה, וואָס זייער עבודה אין תורה ומצוות איז מתוך ידיעה והכרה (דורך פאַרשטאַנד און דערקענונג), באַדאַרפן פריער וויסן דעם ענין על בוריו (קלאָר) און האַלטן באַ דער מדריגה.

דערפאַר האָבן די חבריא קדישא אויף יעדן מנהג פון מורם ורבם הבעל שם טוב חוקר געווען און זיך מתבונן געווען צי זיינען זיי שוין אין דער דרגא וואָס זיי דאַרפן אויך אַזוי זיך נוהג זיין [285].

* * *

ווען דער רבי דער צמח צדק איז אַלט געווען ניין יאָר, האָט אים דער אַלטער רבי געזאָגט:

איך האָב מקבל געווען פון מיין רבי'ן, דער מעזריטשער מגיד, וואָס ער מקבל געווען פון זיין רבי'ן — דער בעל שם טוב — אין נאָמען פון זיין באַוואוסטן רבי'ן — אחי' השילוני — אַז אָנהויבנדיק פון צווייטן טאָג ראש חודש אלול זאָל מען יעדן טאָג, אין פאַרלויף פון טאָג, זאָגן דריי קאַפּיטלעך תהלים [286]) און יום כיפור זאָל מען זאָגן זעקס און דרייסיק קאַפּיטלעך: ניין פאַר כל נדרי, ניין פאַרן שלאָף, ניין נאָך מוסף, ניין נאָך נעילה. אין פאַל ווען מען האָט ניט אָנגעהויבן דעם צווייטן טאָג ראש חודש אלול, זאָל מען אָנהויבן דאַן ווען מען דערמאָנט זיך, און די קאַפּיטלעך וואָס ער האָט פאַרפעלט ביז דאַן, זאָל ער משלים זיין [287].

* * *

דער טאָג וואָס נאָך יום כפור ווערט אָנגערופן ג־ט'ס נאָמען [288].

* * *

מורנו הבעל שם טוב האָט געהאַט אַ געבויטע וואַרעמע סוכה [289].

* * *

עס איז ידוע באַ חסידים, אַז דער אַלטער רבי האָט געהאַט מסירות נפש בפועל אויף מנהגי קודש הקדשים מורנו הבעל שם טוב נ"ע.

איינער פון די מנהגי קודש פון מורנו הבעל שם טוב איז געווען די עבודה בשמחה אין חג הסוכות מיט גאָר פּשוט'ע אידן [289].

* * *

אחרון של פסח פלעגט דער בעל שם טוב פּראַווען דריי סעודות.

די (דריטע) סעודה פון אחרון של פסח פלעגט דער בעל שם טוב אָנרופן משיח'ס סעודה. אחרון של פסח איז משיח'ס סעודה, ווייל אחרון של פסח איז מאיר גילוי הארת המשיח (לייכט אַ גילוי פון אַן אָפּשיין פון משיח) [290].

* * *

אַז מ'באַגעגנט וואַסער זאָגט דער בעל שם טוב: אַז מ'באַגעגנט וואַסער זאָל מען זאָגן אַז דער בעל שם זאָגט אַז דאָס איז אַ סימן ברכה [291].

* * *

דער בעל שם טוב ז"ל פלעגט זאָגן תורה בל"א (אין אידיש) ניט אין לשון הקודש [292].

---

(280 ערב ראש השנה איז דער געבורטס־טאָג פונ'ם צמח צדק.

(281 די טאַכטער פון דעם מיטעלן רבי'ן און פרוי פון כ"ק אדמו"ר הצמח צדק.

(282 דעם אַלטן רבי'נס רביצין.

(283 חי׳ יחידה — אחי׳ השילוני.

(284 ספר המאמרים תש״ט (קונטרס סו) ע׳ 172־173.

*284) לקוטי דבורים דריטער באַנד ע׳ תעט. זע אויבן ע׳ רכא.

(285 ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת ע׳ 82.

(286 א׳ אלול: קאַפּ׳ א־ג; ב׳ אלול: ד־ו, א. אַ. וו.

(287 היום יום ע׳ פג.

(288 ספר המאמרים תשי״א (קונטרס פח) ע׳ 102. זע דאָרט אויספירלעך.

(289 שיחת ליל א׳ דחגה״ס תש״ו (געדרוקט אין קובץ ליובאַוויטש חוברת 10 עמוד 79).

(290 היום יום עמוד מז. זע אויך ליקוטי דבורים דריטער באַנד (ליקוט כג) ע׳ 922.

(291 היום יום עמוד יג.

(292 אגרת הקודש סימן כה (קמא, א).

# הוספות און השמטות

צו פרק ב (ע׳ יד):

אויפן זמן שמחתינו פון חג הסוכות זאָגט די גמרא[294]) דעם טעם פאַרוואָס ווערט דער זמן אָנגערופן שמחת בית השואבה, ווייל פון דאָרט האָט מען געשעפּט רוח הקודש. יונה בן אמיתי האָט באַקומען נבואה פון שמחת בית השואבה.

ח״י אלול איז אונזער צוגעקומענער שמחת בית השואבה, וואָס אין דעם טאָג וואָס השם יתברך האָט באַלויכטן די וועלט מיט די שני מאורות הגדולים (די צוויי גרויסע ליכטער), מורנו הבעל שם טוב ומורנו הזקן, אין דעם טאָג באַדאַרף מען שעפּן אַ רוח טהרה.

מורנו הבעל שם טוב און מורנו הזקן און זייערע תלמידים אַלע אונזערע הייליקע רביים האָבן אונז מנחיל געווען אַ נחלה בלי מצרים: די תורת החסידות און די דרכי החסידות.

עס איז אַ גרויסע ירושה וואָס ווערט איבערגעגעבן פון עלטערן צו קינדער אָבער מען מוז אין דעם טאָן. אויף דער ידיעת תורת החסידות און דער הנהגה פון דרכי החסידות מוז מען האָבן אַ שטאַרקע עבודה ויגיעה. אָנהאַלטן אַ גוטע ירושה באַדאַרף מען אויך האָבן גאָר אַ גרויסע עבודה[295]).

* * *

צו פרק ב (ע׳ כג):

כ״ק אדמו״ר (מהוריי״צ) נ״ע זאָגט אין איינעם פון זיינע מאמרים[296]).

ואתה קדוש יושב תהלות ישראל, און דו הייליקער זיצסט צו הערן די לויבונג פון די אידן, ווי דער מדרש זאָגט: א״ר שמואל כל קילוס וקילוס שישראל מקלסין להקב״ה כבודו יושב ביניהם, ר׳ שמואל זאָגט יעדעס לויבונג און לויבונג וואָס די אידן לויבן ג־ט ב״ה איז זיין הייליקער כבוד צווישן זיי. דער אַלטער רבי, דער בעל התניא, ווען ער איז געווען ביי זיין רבי׳ן דעם מעזריטשער מגיד האָט דער רבי דער מעזריטשער מגיד איינמאָל דערציילט אַ סיפור וואָס עס האָט פאַסירט מיט זיין רבי׳ן, דעם הייליקן בעל שם טוב.

דער הייליקער בעל שם טוב ווען ער איז נאָך געווען אַ נסתר און האָט געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף איז ביי דעם הייליקן בעש״ט געווען איינע פון זיינע עבודות הקודש צו פרעגן ביי יעדער אידן, מענער און פרויען, אַלט און יונג, ווי עס גייט זיי אין געזונט, נאָכגעפרעגט זיך אויף יעדער קינד ווי ער איז אין געזונט, פאַנאַנדערגעפרעגט זיך ווי עס גייט אין פרנסה, און איז זייער געווען צופרידן צו הערן די אים זייער ליבע ענטפערס וואָס די אידן, מענער, פרויען און קינדער, פלעגן אים ענטפערן מיט פאַרשידענע ג־ט לויבענישן אויסשפּראַכן, ברוך השם, געלויבט השי״ת, דער ליבער ג־ט ב״ה פאַרלאָזט ניט, דער ליבער באַשעפער זאָל געבן זיין חסד אויף ווייטער, דער זיסער טאַטע ב״ה שפּייזט אונז געלויבט זיין היי־ליקער נאָמען ברוך הוא וברוך שמו, ער איז דער אמת׳ער רופא חולים און נאָך פאַרשינדאַרטיקע ג־ט ב״ה לויבונגס־אויסשפּראַכן, מענער אויף זייער שטייגער האָבן געלויבט השי״ת פאַר דעם געזונט פון זייערע בני בית און פאַר דער פרנסה, פרויען אויף זייער שטייגער פלעגן לויבן ג־ט ב״ה פאַר דער חיונה און קינ־

דער, די קינדער פלעגן אויף זייער שטייגער לויבן השי"ת פאַר דעם וואָס זיי האָבן עלטערן וועלכע באַזאָרגן זיי מיט אַלע זייערע באַדערפעניישן און לערנען זיי תורה. אין די שטעט און שטעט־לעך, דערפער און ישובים, וואו דער רבי דער בעש"ט פלעגט זיין אין זיינע וואַנדערונגען אַלס פשוט'ער דאָרפסמאַן פלעגט ער זוכן די געלעגנהייט צו קומען אין באַרירונג מיט די אידישע פשוט'ע מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, אין בית הכנסת, אין גאַס, אין זייערע היימען און קראָמען און אַרבעטס־פלעצער. אַלעמאָל און אומעטום איז דער גרונט — יסוד — פון דעם רבי'ן דעם בעש"ט'ס רייד געווען נאָכפרעגן זיך אויף געזונט און פרנסה, מיט זיין הייליקע טיפע כוונה אַז זיי וועלן זאָגן די ג־ט ב"ה לויב־ווערטער ווי אויבן דערמאָנט.

אין מאָל האָט פּאַסירט אַז דער רבי דער בעש"ט איז גע־קומען אין אַ געוויסען ישוב, האָט דער רבי דער בעש"ט זיך געפירט מיט זיין הייליקען סדר אין עבודת השם יתברך אויף מזכה צו זיין די אידן, מענער, פרויען און קינדער, מיט דעם גרויסן זכות וואָס זיי לויבן ג־ט ב"ה'ס הייליקן נאָמען. אין יענעם ישוב איז געווען אַ איד אַ גאָר טיפער זקן אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ פרוש פון אַלע וועלטלעכע זאַכן. שוין איבער אַ יובל, פופציק יאָר, אַז ער זיצט יומם ולילה און לערנט די הייליקע תורה בפרישות ובקדושה. אַלע זיינע יאָרן איז ער אַ יושב בתענית (ער פאַסט) אין טלית ותפילין ביז שפּעטיקער מנחה און ערשט נאָך תפלת ערבית איז ער טועם אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער.

ווען דער רבי דער בעש"ט איז אַריינגעגאַנגען צו דעם גאון אין דער פרישות־שטיבל וואָס איז געווען אין אַ ווינקל פון דער

שול האָט דער רבי דער בעש״ט געפרעגט ביי דעם גאון ווי גייט עס אים אין געזונט, צי האָט ער זיין הצטרכות און הספקה. דער גאון האָט זיך אויף דעם רבי׳ן, וועלכער איז געווען געקליידעט ווי אַ פשוט׳ער דאָרפסמאַן, ניט אומגעקוקט. דער רבי האָט עטלעכע מאָל געפרעגט די פראַגן ביז דער גאון איז געוואָרן זייער בייז און מאַכט צום רבי׳ן מיט דער האַנט אָנווייזנדיק אויף דער טיר אַז ער זאָל אַוועקגיין. זאָגט דער רבי דער בעש״ט צום גאון: רבי, פאַרוואָס גיט איר ניט דעם כביכול זיין פרנסה? איר וועט דאָך ח״ו דעם כביכול פאַרהונגערן אַז דער כביכול וועט אַוועק פון דער וועלט. הערנדיק די דאָזיקע רייד איז דער גאון געבליבן ווי צעטומלט, עפּעס אַ איד אַ דאָרפסמאַן רעדט וועגן דעם כביכול אַז מען דאַרף דעם כביכול געבן פרנסה און מען דאַרף זיך זאָרגן אַז דער כביכול זאָל ניט פאַרהונגערט ווערן און אַוועק פון דער וועלט. דער רבי דער בעש״ט האָט דערקענט די מחשבות פון דעם גאון, זאָגט ער צו אים, די אידן זיצן אויף דער פרנסה וואָס השי״ת גיט זיי, אויף וואָס פאַר אַ פרנסה זיצט דער כביכול, דאָס זאָגט אונז דוד המלך אין תהלים ואתה קדוש און דו הייליקער אויף וואָס פאַר אַ פרנסה זיצסטו, יושב תהלות ישראל, דער כביכול זיצט אויף די אידישע לויבונגען וואָס אידן לויבן אים ב״ה פאַר דעם געזונט און פרנסה וואָס ער ב״ה גיט זיי. און פאַר די לויב־ווערטער וואָס אידן לויבן השי״ת גיט ער ב״ה זיי בני חיי ומזוני רויחא.

* * *

צו פרק ב, עמוד כה (וועגן זיין רבי'ן אחי' השילוני):

דער בעל שם טוב נ"ע לערנט צען יאָר מיט אַחי' השילוני תורה שבכתב. אַזוי שרייבט [297]) דער בעש"ט נ"ע צו זיין תלמיד הק' בעל התולדות — מיום ג' מקץ [כח כסלו] תקי"ז פון מעזיבוזש. דער בריוו איז באַ מיר פאַראַן צווישן די פיל בריוו וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון די כערסאָנער און קיעווער אַרכיוון אין די יאָרן תרע"ח און תרע"ט. גאָר גאָר אַ פשוט'ער מענטש פאַר־שטייט וואָס הייסט צען יאָר לערנען תורה שבכתב באַ אַחי' השילוני.

אין סדר מקבלי התורה איש מפי איש — ווי ס'איז דער־קלערט אין דער הקדמה פון רמב"ם — איז אַחי' השילוני דער זיבעטער דור: משה האָט מקבל געווען די תורה פון סיני און האָט זי איבערגעגעבן צו יהושע און יהושע צו פנחס און פנחס צו עלי און עלי צו שמואל און שמואל צו דוד און דוד צו אחי'. אַחי' השילוני האָט געזען עמרמ'ען — זאָגט די גמרא (בבא בתרא דף קכא, ב) — ער איז געווען פון די וואָס זיינען אַרויס פון מצרים; ער איז געווען אין דער צייט פון קריעת ים סוף; ער איז געווען אין דער צייט פון מתן־תורה און ער איז געווען פונעם בית־דין פון דוד מלך ישראל [298]).

* * *

צו פרק ב (ע' כט):

אַלע ווייסן דעם גרויסן גערּאַנגל וואָס מורנו הבעל שם טוב האָט געהאַט מיטן הימל, וואָס ער האָט ניט געוואָלט זיך אַנט־פלעקן צו דער אידישער וועלט אַלס מנהיג ישראל און וועג־

ווייזער אין עבודת הבורא ברוך הוא, ענלעך צום געראַנגל וואָס משה רבינו האָט געהאַט מיט השם יתברך ווען ער האָט ניט געוואָלט אָננעמען די הייליקע שליחות צו זיין דער גואל ישראל פון גלות מצרים.

עס איז פאַראַן אַ וואָרט פון מורנו הבעל שם טוב, וואָס דער בעל שם טוב האָט געזאָגט זיינע עלטערע תלמידים נאָך דער פּאַסירונג, וואָס ער — מורנו הבעל שם טוב — האָט שטאַרק אויסגערעדט אַ אידן אַן אַרענדאַר און האָט אים — ביחידות — אויסגערעכנט דעם צעטל עבירות וואָס ער — דער אַרענדאַר — האָט געטאָן, און דער בעל שם טוב האָט די שטראָף־רייד גערעדט מיט שטאַרקע ווערטער וואָס האָט דעם מוכסן באַדאַרפט זייער ווי טאָן.

דער אופן ווי דער בעל שם טוב האָט גערעדט צום מוכסן — הגם דעם צעטל עבירות האָבן זיי ניט געהערט ווייל דאָס האָט דער בעל שם טוב געזאָגט דעם מוכסן ביחידות, אָבער די שטראָף־רייד האָבן זיי יאָ געהערט — האָט זיי זייער געוואונדערט.

דער בעל שם טוב האָט פאַרשטאַנען אַז די תלמידים וואונדערן זיך אויף זיין שטאַרקן ריידן, האָט ער געזאָגט: איך האָב זיך געמוזט מתגלה זיין און אויספירן די הייליקע שליחות וואָס פון הימל האָט מען אויף מיר אַרויפגעלייגט; ווען ניט, וואָלט איך געווען אַ גזלן וואָס לויערט אין וואַלד צו באַפאַלן די דורכגייער.

פאַראַן זאַכן וואָס ווען מען הערט זיי איז ניט נאָר וואָס מען קען עס ניט פאַרשטיין, נאָר עס שניידט דעם אויער הערנ־דיק: אַ מנהיג ישראל, אַ גאון און אַ צדיק וואָס פון קינדוויים

אָן האָט ער זיך מוסר נפש געווען אויף תורה ועבודה פאַר דער טובה פון כלל ישראל, יאָרן־לאַנג געלייגט די גרעסטע מי איינצופלאַנצן דעם העכסטן אידלסטן אַהבת ישראל אין צענדליקער טויזנטער אידישע הערצער, זאָל אויף זיך זאָגן, אַז ווען ער וואָלט זיך ניט מתגלה זיין עפנטלעך אַלס בעל שם טוב וואָלט ער געווען אַ גזלן.

מיט דעם מאַמר האָט דער בעל שם טוב פאַרענטפערט פאַר זיינע תלמידים זייער וואונדער פאַרוואָס ער האָט גערעדט צום מוכסן שטאַרקע רייד. עס מיינט צו זאָגן, אַז אַ מנהיג ישראל דאַרף ריידן אַנטשלאָסן, דברים הדברים (ווי משה רבינו האָט גערעדט צו אידן אין חומש דברים), און ווען די צייט פאָדערט באַדאַרף מען ריידן מיט דער שטרענגסטער שטרענג־קייט, ניט רעכענען זיך מיט דעם כבוד המדומה פון יחידים נאָר בלויז מיט טובת הרבים [299].

* * *

צו פרק ד:

נאָך אַ סיפור וועגן דער מעלה פון פשוט'ע אידן:

עס שטייט (משלי יז, א) טוב פת חרבה ושלוה בה מבית מלא זבחי ריב. עס איז בעסער עסן טרוקענע ברויט מיט פרידן אידער אַ הויז וועלכע איז פול מיט די בעסטע מאכלים נאָר מען קריגט זיך צווישן זיך. אַזוי איז אין דעם מענטשנ'ס גשמיות־דיקן לעבן און אַזוי איז אויך אין זיין רוחניות'דיקן לעבן, אַז עס איז פיל בעסער אַ ביסעלע אָבער מיט ערנסטקייט וואָס מוז ברענגען פרידן, איידער אַ סך און זייער וויסנשאַפטלעך אָבער אָן אַ תכלית וואָס מוז ברענגען קריג און פאַרביטערטקייט, ווי

עס איז ידוע די מעשה וואָס דער בעש״ט הקדוש נשמתו עדן, האָט באַוויזן זיינע תלמידים די ערשטע נאַכט פּסח.

ביים בעש״ט הקדוש איז געווען איינגעפירט אַז די תלמידים וועלכע פלעגן קומען אויף שבת אָדער אויף יום טוב פלעגן מיטעסן מיט אים די סעודת שבת אָדער די סעודת יום טוב. צווישן זיינע תלמידים (דאַן איז נאָך ניט געווען דער נאָמען חסידים [300]), דעם נאָמען הכללי חסידים האָט דער אַלטער רבי נ״ע געגעבן. ביים בעש״ט און ביים הייליקן מגיד פון מעזריטש איז געווען דער נאָמען תלמידים און דער נאָמען מקושרים), זיינען געווען די תלמידים גרויסע לומדים און בעלי רוח הקודש, און עס זיינען אויך געווען מקושרים, מענטשן פשוט'ע וועלכע האָבן ניט געקענט לערנען, מערסטנס זיינען דאָס געווען בעלי מלאכות וואָס האָבן געוואוינט אין ישובים און דערפער און האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע מלאכות.

צווישן די מערערע תלמידים דעם בעש״ט'ס איז געווען איינער פון בראָד, ר' נתן לייוונטהענדלער. זיין מסחר איז געווען מיט לייוונט. דאָס איז געווען אַ איד אַ תלמיד חכם, און יעדן טאָג ווען ער איז פריי געוואָרן פון געשעפט, און בפרט אין די נעכט, פלעגט ער זיצן און לערנען מיט גרויס התמדה, אָבער אין מדות איז ר' נתן געווען זייער געוויינלעך, דער עיקר איז ער געלעגן אין לימוד התורה און אין קיום המצוות מיט הידורים, אויך אין מדות ווי על פי דיני התורה אָן קיינע ויתורים פון מדות חסידות. די גאַנצע איבערגעבנקייט איז געווען אין לימוד התורה מיט גרויס עיון והעמקה, אָבער אין עניני עבודה און מדות האָט ער ווייניק געטאָן. דער בעש״ט האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אַז מען באַדאַרף טאָן אין מדות און עבודה, אָבער

ר׳ נתן האָט זיך געפירט מיט זיין סדר. יאָרן זיינען אַוועק און ביי ר׳ נתן זיינען שוין אויסגעוואַקסן זין, וועלכע ער האָט מדריך געווען אין זיין דרך, גרויסע לומדים.

ביים בעל שם טוב איז אויך געווען אַ מקושר אַ פּשוט׳ער איד, אברהם בעלישצעניצער האָט ער געהייסן. ער האָט געלעבט אין דאָרף בעלישצעניק, איז געווען זייער פּראָסט אין לערנען, ער האָט נאָר געלערנט די ספרים וואָס זיינען געשריבן אין דער אידישער שפּראַך און דאָס איז אים אויך ניט לייכט אָנגעקומען צו פאַרשטיין. אויף דעם פּירוש המלות פון דאַוונען, חומש אָדער תהלים האָט ער ניט פאַרשטאַנען, נאָר ער איז געווען אַ בעל עבודה. יעדער זאַך פון עבודת השי״ת און קיום המצוות האָט ער געטאָן בשמחה און האָט געאַרבעט מיט זיך אין מדות.

דער בעל שם טוב הקדוש פלעגט זייער מקרב זיין די תלמידים פּראָסטע אידן און פלעגט זאָגן ספּעציעל פאַר זיי תורה לויט זייער פאַרשטאַנד. די תלמידים תלמידי חכמים און גדולי התורה, הגם זיי זיינען געווען זייער איבערגעגעבן צום בעל שם טוב מיט לייב און לעבן און האָבן ח״ו גאָר ניט איבערגעטראַכט וואָס דער בעש״ט טוט, דאָך האָט זיי פאַרדראָסן פאַרוואָס דער בעש״ט איז אַזוי שטאַרק מקרב די פּשוט׳ע אידן און זאָגט נאָך פאַר זיי תורה[301]). נאָר פונדעסטוועגן פלעגן זיי אויך חזר׳ן די תורה וואָס דער בעל שם טוב פלעגט זאָגן פאַר די פּשוט׳ע אידן און פלעגן זיך טיף אַריינטראַכטן אין דעם.

איינמאָל אויף אַ שבת האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן ביים בעל שם טוב ר׳ נתן און ר׳ אברהם. דער בעל שם טוב האָט דאַמאָלס געזאָגט תורה אויף דעם פּסוק ובפרשכם כפיכם אעלים עיני מכם גם כי תרבו תפלה אינני שומע ידיכם דמים מלאו (ישעי׳

א, טו). דער בעש"ט האָט דאַן מבאר געווען אַז הגם די עבודה עיקרית אין עבודת השי"ת איז טאַקע עבודת המוח און עבודת הלב, וואָס דאָס מיינט עבודה אין לימוד התורה און עבודה אין תפלה, וואָס דורך די צוויי עבודות איז שוין במילא די עבודה אין מדות און עניני עולם ווי עס באַדאַרף צו זיין, דאָך קען אָבער זיין אַז ידיכם דמים מלאו, אַז אפילו ווען מען גיט דעם אָרימאַן אַ נדבה ביד רחבה אָבער עס פעלט דער הרגש במצב זולתו איז דאָס שפיכת דמים, און דאָס איז ובפרשכם כפיכם, ווען איר שפרייט פאַנאַנדער אייערע הענט און גיט צדקה ביד רחבה, וואָס דאָס איז די עבודה פון עבודת הלב, דאָך איז אעלים עיני מכם, וועל איך דאָס ניט זען, ווייל דאָס איז ניט קיין עבודה אמיתית. אמיתיות העבודה איז ווען מען איז מרגיש דעם זולת. גם כי תרבו תפלה, וואָס דאָס מיינט עבודת המוח איז דאָס אויך קיין עבודה, ווייל מען דערהערט ניט דעם זולת מיט אַ הרגש אמיתי, איז דאָס שפיכת דמים, וואָס דאָס איז דער טייטש ידיכם דמים מלאו, אייערע מדות אפילו די מדות טובות זיינען דמים מלאו.

ביידע, ר' נתן און ר' אברהם, האָבן געהערט די דאָזיקע תורה. ר' נתן וועלכער איז געווען אַ תלמיד חכם האָט די תורה פאַרשטאַנען אויף זיין אופן און האָט זיך טיף פאַרטראַכט אין די צוויי אופנים עבודה, עבודת המוח און עבודת הלב, וואָס דאָס זיינען די עבודה פון לימוד התורה און די עבודה פון תפלה. ר' אברהם וועלכער האָט פאַרשטאַנען די עטלעכע ווערטער פון דעם בעש"ט'ס תורה בהנוגע לפועל ממש נאָך זיין פאַרשטאַנד נאָך, איז ביי אים געבליבן אַ החלטה אַז ער באַדאַרף טאָן מיט זיך אין עבודה פון בירור וזיכוך המדות נאָך מער וויפיל ער

האָט געטאָן ביז איצט. די ווערטער ידיכם דמים מלאו, אַז ווען מען דערהערט ניט באמת דעם צער הזולת איז אפילו ווען מען העלפט ביד רחבה איז דאָס שפיכת דמים, האָבן ר׳ אברהם׳ן קיין רו ניט געגעבן, און אומקערנדיק זיך אַהיים אין דאָרף האָט ער אָנגעהויבן מער אַרבעטן מיט זיך און מזמן לזמן איז ער אַלץ מער געשטיגן אין זיין עבודה.

פסח צום סדר, ווען דער בעש״ט איז געזעסן מיט זיינע תלמידים ביים סדר־טיש איז ער געווען זייער אויפגעלייגט, און האָט געשמועסט וועגן דעם גרויסן נחת רוח למעלה פון דער עבודה פון אנשים פשוטים לגבי דער עבודה פון בעלי תורה ועבודה, און האָט געהייסן די תלמידים זיי זאָלן צומאַכן די אויגן און יעדער זאָל אַרויפלייגן זיין האַנט אויף דעם אַקסל פון זיין חבר וואָס זיצט לעבן אים. דער בעל שם טוב אַליין האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף די אַקסלען פון די צוויי תלמידים וועלכע זיינען געזעסן פון זיינע בײדע זייטן און האָט גענומען זינגען אַ ניגון, האָבן די תלמידים געזען ווי ר׳ אברהם בעליש־צעניצער זיצט מיט זיין ווייב און קינדער ביי זיך אין דאָרף ביים סדר טיש אין אַ קליין חדר׳ל, אויפן טיש שטייען אַ פּאָר ליימענע כלים און עס ברענט אַ ביסל בוימל און ר׳ אברהם מיט די בני בית זיצן יום־טוב׳דיק בשמחה רבה און פּראַווען דעם סדר. אויך האָבן זיי געזען ר׳ נתן לייוונטהענדלער זיצט מיט זיינע בני בית ביי זיך אין הויז אין בראָד אין אַ ליכטיקן גרויסן חדר ביי אַ טיש געגרייט מיט כל טוב, אָבער אַלע זיינען אָנגעבלאָ־זענע און ברוגז׳ע און אומצופרידן איינער מיטן צווייטן.

ווען דער בעל שם טוב האָט אַראָפּגענומען ידיו הקדושות און אויפגעהערט זינגען האָט ער געהייסן די תלמידים עפענען

די אויגן און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער חילוק צווישן דעם וואָס אַרבעט מיט זיך, אַז הגם ער איז אַ איש פשוט, אָבער ווען ער אַרבעט מיט זיך זעט ער אין יעדער זאַך און אין יעדער תנועה די מעלה און דעם יתרון פון דעם צווייטן, און במילא איז ער אין אַלע זמנים צופרידן און אויפגעלייגט, און אפילו ווען עס איז ניטאָ קיין שפּייז פאַר די קינדער אפילו אויף יום־טוב איז ער שמח בשמחת יום־טוב, און דאָס איז טוב פּת חרבה ושלוה בה. און דער וואָס עבודתו איז במוח ולב, הגם דאָס איז אַ גרויסע עבודה, אָבער ווען עס פעלט די שלימות פון מדות טובות בפועל איז דאָס בית מלא זבחי ריב. אָבער ווען מען קומט זיך צונויף אויף אַ שמחה של מצוה דאַן איז אכל בי עשרה שכינתא שריא [302].

* * *

צו פרק טו:

כ"ק אדמו"ר (מהוריי"צ) נ"ע האָט אַמאָל דערציילט [303]:

דער מיטעלער רבי איז אַמאָל געקומען צום פאָטער, צום אַלטן רבי'ן, אַן איבערגעשראָקענער, אַ פאַר'עגמת־נפש'דיקער, מיט אַ געוויין, אַז ער האָט געהאַט אַן אומגעוויינטלעכן חלום און דאָס פרעסט אים אויפן האַרצן.

דער מיטעלער רבי איז געווען אַ גרויסער חלוש אין זיין קערפּערלעכן געזונט, און צוליב שטאַרקן זיין געזונט פלעגט פאַר אים דער רבי זאָגן חסידות ביחוד, ווען ער פלעגט בעטן, בכדי מחזק זיין בריאות גופו. חסידות איז געווען זיין נערונג.

אין זיין חלום, האָט ער געזען אַ גרויסע, ברייטע טייך,

אַ קלאָרע, ריינע וואַסער, און פליסט מיט אַ שנעלקייט מיט אַ לעבעדיקייט, און עס האַלט אין איין קוועלן, אָבער רואיק אָן גלים (וואָלנעס, כוואַליעס). די טייך ציט זיך זייער ווייט און צעשפּרייט זיך אין פאַרשידענע ערטער אויף קליינע סאַ־זשעלקעס, אָבער די וואַסער פליסט ווייטער מיט לעבעדיקייט גאַנץ רואיק.

אין דעם האָט ער דערזען, ווי צו דער טייך זיינען צוגעקומען צוויי מענטשן, איינער פון זיי אַ העכערער, און דער אַנדערער איז אין זיין קערפּערלעכן אויסזען געווען אַ נידעריקער. זיי זיינען ביידע געווען אין לאַנגע קליידער, און דער וואָס איז אין זיין קערפּערלעכן אויסזען געווען אַ העכערער, איז באַ אים איין פוס געווען גרעבער. און נאָך צוויי מענטשן זיינען געשטאַנען ווייטער אַביסל, וואָס זייער אויסזען איז פאַר אים געווען מטושטש (ניט קלאָר). דערנאָך איז צוגעקומען אויך כ״ק אדמו״ר הזקן.

אויפן טייך איז געלעגן אַ ברעט. האָט דער וואָס אין זיין קערפּערלעכן אויסזען געווען נידעריקער, געזאָגט דעם העכערן ער זאָל גיין אויף דעם ברעט. האָט ער אָנגעהויבן צו גיין אויף דער ברעט, און די ברעט האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן, ביז די וואַסער האָט זיך שטאַרק אויפגעהויבן, און אים דערגרייכט אַ טייל פון זיין קערפּער. נאָכדעם האָט זיך די ברעט ווייטער אויפגעהויבן, און נאָכדעם די וואַסער ווייטער אויפגעהויבן. אַזוי געביטן זיך עטלעכע מאָל. ביז דער וואָס איז נידעריקער אין זיין קערפּערלעכן אויסזען, האָט אים געהייסן אַראָפּגיין פון ברעט.

די צוויי וואָס זיינען געשטאַנען פריער פון ווייטן, זיינען

אין דער צייט אַ פּאָר מאָל צוגעגאַנגען נענטער, און אָפּגעגאַנגען צוריק. אָבער בכלל איז דאָס בילד פון די צוויי, געווען באַ אים געווען מטושטש. און נאָכדעם האָט ער זיי מער ניט געזען.

נאָכדעם זיינען זיי אַלע דריי, דאָס הייסט די צוויי און דער אַלטער רבי, אַוועקגעגאַנגען פון דעם אָרט.

דער אופן פון זייער גיין איז געווען, אַז דער וואָס איז אין זיין קערפּערלעכן אויסזען נידעריקער איז געגאַנגען אין מיטן, דער וואָס איז בתבנית גופו העכער איז געגאַנגען צו דער לינקער זייט און כ״ק אדמו״ר הזקן צו דער רעכטער זייט. אַלע דריי האָבן זיך געהאַלטן פעסט אונטער די הענט.

זיי זיינען געגאַנגען ביז זיי זיינען צוגעקומען צו אַ גרויסער, ברייטער טייך. די וואַסער איז פון פאַרשידענע פאַרבן און פליסט מיט אַ גרויסער שנעלקייט, מיט אַ חיות. די טייך איז פול מיט כוואַליעס, ווי ים־כוואַליעס, אַרויף און אַראָפּ.

די טייך ציט זיך ווייט. פון ווייטן זעט מען, ווי אין מיטן דערין הויבט זיך אויף אַ כוואַליע און פאַלט אַראָפּ צוריק. אין דעם האָבן זיך כוואַליעס אויפגעהויבן מיט אַ שטאַרקער קראַפט זייער הויך און זיינען אַראָפּגעפאַלן אויפן פעלד. אין דער ערשטער רגע איז דאָרטן געוואָרן ווי אַ קליין סאַזשעלקע, אָבער באַלד איז דאָס פאַרשוואונדן און איינגעזאַפּט זיך אין דער ערד, און עס האָבן זיך באַוויזן ביימער מיט פרוכטן.

אָבער אין דעם האָט ער דערהערט, אַז דער וואָס איז אין זיין קערפּערלעכער אויסזען נידעריקער, האָט געזאָגט בקול נגיד ומצווה (מיט אַ באַפעלערישער טעם), אָנווייזנדיק מיטן האַנט אויף כ״ק אדמו״ר הזקן: יאָ, אויף דער ברעט דאַרף ער גיין! איז כ״ק אדמו״ר הזקן געגאַנגען גלייך ביז ער איז

צוגעקומען צום ענדע ברעט. האָט ער געוואָלט די ברעט איבער־רוקן ווייטער, האָט דער וואָס איז אין זיין קערפּערלעכן אויסזען נידעריקער מרמז געווען ער זאָל זיך אומקערן, און האָט געזאָגט: מיט דעם כח פון די וואַסער־כוואַליעס קען מען דורכגיין גאַנץ אויך פייער־כוואַליעס. און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

* * *

דער אַלטער רבי האָט אויסגעהערט און האָט געענטפערט צו כ״ק אדמו״ר האמצעי (צום מיטעלן רבי׳ן), ער זאָל גיין פריער דאַוונען, און נאָכדעם זאָל ער אַריינגיין צו אים.

יענער דאַוונען איז באַ דעם מיטעלן רבי׳ן געווען מיט מרירות און מיט אַ גרויס געוויין (בכלל איז דעם מיטעלן רביג׳ס דאַוונען געווען אַלעמאָל מער בשמחה, דאָס הייסט אין אַ תנועה פון עונג, נאָר אין זיך).

נאָכן דאַוונען איז כ״ק אדמו״ר האמצעי אַריין צו כ״ק אדמו״ר הזקן, האָט ער אים געזאָגט, אַז די צוויי מענטשן, איז דער וואָס בתבנית גופו איז נידעריקער איז דאָס דער בעל שם טוב זצ״ל, און דער אַנדערער איז דאָס דער מגיד זצ״ל. און די פוס וואָס איז געווען גרעבער, איז דאָס מצד דעם ווייטיק וואָס ער האָט געהאַט אין די פיס.

אָט דאָס וואָס דער בעל שם טוב זצ״ל האָט געהייסן דעם מגיד גיין איבערן ברעט, האָט ער געוויזן אַז אין דער תורה פון זיינע תלמידים קען מען נאָך צולל זיין.

(דעם וואָרט צולל האָבן מיר, די הערער ניט געקענט תופס זיין, מען האָט אויך ניט גוט געהערט, האָט כ״ק אדמו״ר נ״ע איבערגעזאָגט נאָך אַמאָל קלאָר: צולל זיין. האָט זיך איינער

אָפּגערופן: מלשון צללו (ווערן דערטרונקען)? האָט כ״ק אדמו״ר נ״ע געענטפערט: „צלל״ האָט כמה פירושים. די וואָס ווילן זאָלן זוכן אין ספרי השרשים וועלן זיי וויסן. חייב אָדם לומר בלשון רבו (אַ מענטש איז מחוייב איבערצוזאָגן מיט דער שפּראַך פון זיין רבי׳ן). מיט דעם לשון האָב איך מקבל געווען, און קיין פירושים זאָלט איר באַ מיר איצטער ניט פרעגן. מיר זיינען אַלע חסידים, מ׳דאַרף וויסן פירוש המלות, און ווי פריער געזאָגט, אַז מ׳דאַרף דערהערן).

די אַנדער טייך איז טרערן פון בעלי־תשובה. הערנדיק מיט פינף און צוואַנציק יאָר פריער [304]) פון רבי׳ן (האָט דער אַלטער רבי געזאָגט דעם מיטעלן רבי׳ן, מיינענדיק הרב המגיד ממעזריטש נ״ע) דעם משל אויף צדיקים און בעלי תשובה, פון צוויי בני המלך (געבראַכט אין ספר רמזי תורה אין דעם מאמר גדולה תשובה) אין נחקק (איינגעקריצט) געוואָרן, אַז מ׳דאַרף מקרב זיין יעדן אידן. פינף יאָר בין איך געווען אַ רייזנדער פון אָרט צו אָרט, אָפּן און פאַרשטעלט, מעורר זיין.

די מעשה האָט דער מיטעלער רבי דערציילט דעם עלטער־זיידן, כ״ק אדמו״ר צמח צדק, און האָט געזאָגט: די התחלת העבודה דעם טאַטנ׳ס (כ״ק אדמו״ר הזקן) מיטן זולת, איז געווען בעלי תשובה, און נאָכדעם, אַז ער איז געוואָרן רבי, ווייסטו ווי דער טאַטע פלעגט מאַכן בעל תשובות, אַז דער וואָס האָט געזען דעם טאַטן איין מאָל, האָט ניט געקענט לייגן זיך שלאָפן, אַז ער זאָל ניט אויפשטיין מאָרגן אַן אַנדערער. און האָט מסיים געווען: דעם כח האָט דער טאַטע איבערגעגעבן וועמען ער האָט איבערגעגעבן.

די מעשה האָט דער עלטער־זיידע, כ״ק אדמו״ר צמח צדק,

דערציילט דעם זיידן, כ״ק אאזמו״ר מוהר״ש, און אַז ער האָט מסיים געווען די ווערטער, דעם כח האָט דער טאַטע איבער־געגעבן וועמען ער האָט איבערגעגעבן, האָט ער געזאָגט: און עס ליגט אין דעם מסירת נפש תמימי פון חסידים, און עס איז בא (קומט) בירושה.

אַז דער זיידע האָט דערציילט די מעשה דעם טאַטן, האָט ער געזאָגט, אַז מיט דעם מסירת נפש תמימי אַפילו פון אַ געבאָרענעם חסיד, קען דער חסיד מחי׳ מתים זיין.

אַז דער טאַטע האָט דערציילט די מעשה כסדרה, מיט די הוספות פון עלטער־זיידן און זיידן ווי פריער דערמאָנט, האָט ער שטאַרק מדגיש געווען די ווערטער „אַפילו פון אַ געבאָרענעם חסיד״, און האָט געזאָגט: געבאָרן איז נאָך כלל ניט דאָס וואָס עס קומט על־פי עבודה, דאָס וואָס מ׳גיט מלמעלה פאַר אַ יגיעה ועבודה האָט גאָר קיין שאַך ניט, מכל מקום איז אַפילו מער ניט ווי אַ געבאָרענער חסיד קען אויך מחי׳ מתים זיין.

* * *

עס איז באַוואוסט אַז דער אַלטער רבי פלעגט זיך אָנרופן אייניקל פון מורנו הבעל שם טוב אין דעם רוחניות׳דיקן מיין.

כ״ק אדמו״ר (מהורש״ב) נ״ע האָט דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון זיין פאָטער — כ״ק אדמו״ר מהר״ש — וואָס ער האָט געהערט פון זיין פאָטער — כ״ק אדמו״ר הצמח צדק — אַז ער האָט געהערט פון אַלטן רבי׳ן אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך מוסר נפש געווען בפועל, אויף ניט זיין אַ נפרד (אָפּגעשיידט) פון דעם בעל שם טוב׳ס אַ תנועה אַפילו אויף אַ קליינער ווילע און אַפילו נאָר למראית עין (עס זאָל בלויז אַזוי אויסזען) [305].

* * *

רבינו הזקן פלעגט דעם ערשטן טאָג פון חג השבועות דאַוונען פאַרן עמוד, צוליב דעם יאָרצייט פון מורנו הבעל שם טוב, און פלעגט ריידן וועגן דעם דרך פון מורנו הבעל שם טוב, וואָס האָט געגעבן דעם זיכערן וועג מדריך צו זיין אידן אין עבודת השם [306].

* * *

אין אַן אַנדער אָרט ווערט דערציילט:

ווען עס איז דורך אַ צען הדשים און הרבנית מרת רבקה איז נאָך ניט נפקד געוואָרן, איז ר' ברוך געווען אין צער און ביים צוזאַמענטרעפן זיך מיט זיין לעבנס־חבר ר' יצחק שאול [307]) איז באַ אים געבליבן ער זאָל גיין צום בעל שם טוב. און בהסכמת אשתו הרבנית מרת רבקה איז ער מיט ר' יצחק שאול אין מנחם אב תק"ד אַוועקגעגאַנגען אין מעזיבוזש צום בעל שם טוב.

די פרטי הענינים — אויף וויפיל זיי זיינען באַוואוסט בקבלה מרבי לרבי און פון די זקני חסידי הרב המגיד ממעזריטש — וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט ר' ברוך אין מעזיבוזש ווערט דערציילט אין אַ צווייטן אָרט [308]).

דער בעל שם טוב פלעגט יעדן יאָר, ח"י אלול, מאַכן אַ סעודה און זאָגן תורה. אַזוי איז אויך געווען ח"י אלול תק"ד, וואָס זיין קביעות איז געווען מיטוואָך. אין דעם ברכת לחיים וואָס דער בעל שם טוב האָט געזאָגט להגאון הצדיק ר' ברוך האָט ער געזאָגט: „למועד הזה ממש אתם חובקים בן" און

אין יאָר תק״ה, ח״י אלול, וואָס די קביעות איז געווען מיטוואָך, איז געבאָרן געוואָרן דער אַלטער רבי [309].

* * *

כ״ק אדמו״ר מהר״ש האָט געזאָגט: דער בעל שם טוב האָט געזאָגט אַז שביעי של פסח איז דער מקור השמחה. שמיני עצרת איז דער זמן השמחה און שביעי של פסח — דער מקור השמחה [310].

---

294) ירושלמי סוכה רפ״ה.

295) קונטרס ח״י אלול תש״ג ע׳ 78.

296) ספר המאמרים אידיש, ע׳ 138.

297) זע אויבן עמוד לז (און דאָרט הערה 27* דאַרף זיין: געדרוקט אין גנזי נסתרות (ירושלים, תרפ״ד) אין חלק אור ישראל, מכתב כח).

298) לקוטי דבורים, ערשטער באַנד (ליקוט ד), עמוד פד.

299) קונטרס ח״י אלול תש״ג, ע׳ 74-75.

300) זע אויבן, עמוד רלד.

301) זע אויבן, עמוד סז און ווייטער.

302) ספר המאמרים אידיש, עמוד 215 און ווייטער.

303) לקוטי דבורים, פערטער באַנד, ע׳ 1510. זע אויך ספר השיחות תורת שלום, ע׳ 86.

304) אין יאָר תקלא״ב בערך. לויט דעם איז די מעשה פונעם חלום געווען אין תקנ״ו־ז בערך.

305) התמים, חוברת ב, עמוד נו.

306) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת ע׳ 117.

307) זע װעגן אים אין ספר הזכרונות, ערשטער טייל.

308) זע אויבן פרק טו.

309) קונטרס ח״י אלול תש״ג ע׳ 20.

310) ספר השיחות קיץ ה׳ש״ת עמוד 52.



